# הקדמה

די מייסטע ארטיקלען, וואָס געהען אריין אין דעם ערשטען באנד, זיינען געשריעבען געוואָרען אין די לעצטע דריי־פיער יאָהר. בלויז איי־ניגע געצעהלטע ארטיקלען זיינען געשריעבען געוואָרען מיט א זעקס־זיעבען יאָהר צוריק, און נור איינער — דער ארטיקעל „אחד העם און דובנאָוו" — איז געשריעבען געוואָרען נאָך אין 1904, כמעט מיט א צעהן יאָהר צוריק.

דער ארטיקעל „אחד העם און דובנאָוו" איז באמת איינער פון די ערשטע פון מיין פעדער. מיט יענעם יאָהר, מיט דעם יאָהר 1904, הויבט זיך אָן מיין ליטעראַרישע טהעטיגקייט, וועלכער איך ווידמע די ערשטע פינף יאָהר, ניט קיין פיעל צייט. אינטענסיווער ווערט די ארבייט ערשט אין דעם אנדערען האַלבען צעהנדליג.

פאַר דעם ערשטען באַנד האָב איך מיט א כונה אָפּגעקליבען פון די פיעלע מיינע אנדערע ארטיקלען אויף פערשיעדענע געביעטען די קריטישע ארטיקלען, וואָרים כאָטש די קריטיק איז דוקא ניט דאָס הויפּט־פעלד פון מיין ליטעראַרישער ארבייט, האָב איך דאָך תמיד געהאַט א געוויסע פאַר־ליעבע פאַר דער קריטיק.

אָך האָף, אַז די קריטיקען, טראָץ דעם, וואָס די מייסטע פון זיי זיינען געשריעבען געוואָרען אונטער דעם דרוק פון מאָמענט, וועלען דאָך, צונויפ־גענומען אין איין בוך, העלפען דעם לעזער זיך צו שאַפען א שטיקעל בעגריף איבער די שטרעמונגען אין אונזער ליטעראַטור און איבער איי־נ־גע איהרע וויכטיגע פאָרשטעהער, כאָטש דער געשאַפענער בעגריף וועט זיין פון איין געזיכטס־פונקט, פון דעם סאָציאַל־נאַציאָנאַלען.

אזוי ווי די ארטיקלען זיינען געשריעבען געוואָרען אין א משך פון איינינע יאָהר און אונטער פערשיעדענע אומשטענדען, איז לא יפלא אַז עס זאָלען זיך ניט געפינען איינינע סתירות. עס זיינען געווים דאָ איינינע סתירות און עס ווערען דאָרט אויך אויסגעדריקט מיינונגען, מיט וועלכע אָך בין איצט לחלוטין ניט איינפערשטאַנען. איך האָב אָבער, אויסער קליינע שנויים אין סטיל, דעם אינהאַלט ניט געענדערט. וואָרום יעדע מיינונג איז בשעתה, ווען זי איז אויסגעדריקט געוואָרען, געוועזען פאַר מיר דער אמת, און איך זאַמעל יעדע דאָרום גערן אין מיין בוך, וואָס דאַרף

זיין דער שייער, אין וועלכען די פארטיגע תבואה ווערט אריינגעבראכט זאל דער לעזער אליין אפקלייבען פאר זיך דעם אמת.

איך שמייכעל זיך דאך מיט דער מיינונג, אז בכלל איז דער טאן פון בוך אויסגעהאלטען; און צונויפגעוועבט פון אלערהאנד ארטיקלען גע־שריעבען ביי פערשיעדענע געלעגענהייטען, ווי דאס בוך איז, שטעלט עס דאך מיט זיך פאר איין גאנצעס, בילדעט א געוויסע איינהייט.

ביים שלום וויל איך הארציג דאנקען דעם קאמיטע, וואס האט מעגליך געמאכט די אויסגאבע פון ערשטען פון די פיער בענדער פון מיינע גע־זאמעלטע שריפטען. דאס קאמיטע בעשטעהט פון רודאלף ראסקין, פאר־זיצענדער, לעאפאלד קעלמאן, טרעזשורער, ברוך גראבעלסקי, סעקרעטער, ל. ליפסקי, יוסף באראנדעס, יוסף זעף, ישראל מעץ, ישראל וואולף, יעקב מזל, ש. ב. שווארצבערג, יהושע שפריירעגען, יעקב איש־כישור, מ. דאנציס, ה. אייזער, מ. א. הערבערט, ד. פערסקי און מ. שפייזהענדלער. די איבע־ריגע דריי בענדער וועלען, האף איך, נאכקומען אין גיכען.

א דאנק וויל איך דא עפענטליך אויסדריקען דעם חבר מ. א. הערבערט, וועלכער איז מיר בעהילפיג געווען אין דער קארעקטור.

# די פּאָעזיע פון דער ביבעל

## א.

ערשט די לעצטע וואָך האָט אונז דער טעלעגראַף געבראַכט אויסצוגען פון א רעדע, וואָס לאָרד ראָזבערי האָט געהאַלטען צו דער געלעגענהייט פון דער ערעפנונג פון א נייער ביבליאָטעק אין לאָנדאָן. לאָרד ראָזבערי האָט אין יענער רעדע ערקלעהרט, אז ווען איהם קומט אויס אריינצוגעהן אין א ביבליאָטעק און דורכצושפּאַצירען צווישען די ביכערשראַנקען, ווערט ער ארומגענומען פון א שווערען אומעט. די ביבליאָטעקען מאַכען אויף איהם תמיד א רושם ווי א בית עולם: די שאַפעס — די קברים, אין וועלכע עס ליעגען די מתים, וועלכע האָבען דורכגעשוועבט די וועלט און זיינען דאָ געבראַכט געוואָרען אין אייביגער רוה; די אויפשריפטען — די שעהנע מצבות אויף מתים, וואָס זיינען מייסטענס פריהצייטיג געגאַנגען פון דער וועלט, אָדער זיינען גאָר געבוירען געוואָרען נפל'עך. ווי לאָרד ראָזבערי האָט בעמערקט, זיינען אונזערע ביבליאָטעקען געפּאַקט מיט טויטען־מאַטעריאַל, מיט ביכער, וואָס קיינער נעהמט אין די הענד אריין, וואָס ברענגען קיין נוצען. בלויז א קליינע צאָהל ביכער זיינען „טיים־פּרוף“, ד. ה. קענען ערפאָלגרייך בייסטעהן די געדיכטע מויל־צייהן פון דער צייט און ניט צוגעגעסען צו ווערען, קענען ווידערשטעהן איהרע בערג מיט שטויב און ניט אין זיי פערזונקען צו ווערען, קענען אָפּהאַלטען איהר פערשווענקונג און ניט פערשלעפּט צו ווערען אין איהר פערגאַנגענהייטס־שלונד.

לאָרד ראָזבערי בעקלאָגט אין דער ענדע די נענאַרטע האָפנונגען פון פערשיעדענע שריפטשטעלער, וועלכע האָבען גערעכענט, דאָס זייערע ביכער וועלען זיי אונשטערבליך מאַכען, לסוף האָבען זיי איבערגעלעבט זייערע ספרים.

נאָר ניט דאָס קלאָג־ליעד וועלען מיר דאָ אונטערהאַלטען. עס איז געוויס מעהר צו בעדויערען, וואָס די ביכער וואָס זיינעם קוים שטאַרק גענוג דורכצולעבען א קורצע צייט, דערלאָזען ניט לייענען אַט די ביכער,

---

*) א רעדע געהאַלטען פאר דער „אחיעבר“, אויף דעם „ביבעל־אבענד“, זונטאָג דעם 6טען נאָוועמבער, 1911.

וועלכע האָבען איבערגעלעבט דורות, און וועלכע וועלען לעבען אן איי־ביגקייט.

עס הענגט אויף אונז די קללה פון ביכער. יעדער טאָג וואַרפט ארויס נייע ביכער און עס ווערט אין אונז אויפגערייצט א חשק צו זיין „אפּ־טו־דייט“, לעזען דאָס פריש־צאַפּלדינע, דאָס שפּאָגעל־נייע, כאָטש עס איז בלוט־און אינהאַלטס־אָרעם, בשעת מיר פערנאַכלעסיגען זיך צו בעקענען מיט דעם אייביגען, מיט דעם אונשטערבליכען, מיט דעם סוב־לימען און גרויסען.

איינס פון די וועניגע ביכער, וואָס איז „טיים־פּרוף“, וואָס דער לויף פון יאָהרהונדערטע האָט ניט געמינערט קיין האָר פון זיין גרויסקייט, שעהנקייט און ערהאבענהייט, איז געוויס אונזער תנ״ך, אונזער ביבעל. דאָך וויפיעל פון אוזערע יונגע לייט לייענען בכלל די ביבעל? און אויב עס איז דאָ א צאָהל וואָס איז שנעל דורכגעלאָפען און האָט דורכגעזיפּט דאָס היילינסטע ווערק, וועלכעס איז אויך דאָס ליטעראַרישסטע, וויפיעל אָבער האָבען זיך אין דעם פערטיעפט, געלעזען עס מיט עיון און איבער־געלעגטקייט און געלאָזט אין זיך איינזאַפּען זיין גרויסקייט און שעהנהייט? זעהר וועניגע. וועלכער „מאָדערנער“ מענש וועט עס מדחה זיין א ניי ביכעלע פון א שפּאָגעל נייעם שריפטשטעלער צוליעב דער ביבעל? און אונזער יוגענד איז „מאָדערן“ ביז דעם מאַרך פון די ביינער.

און דאָס איז צו בעדויערען, זעהר צו בעדויערען.

א געוויסער קריטיקער האָט אמאָל בעמערקט, אז די בעסטע פּראָבע אויסצוגעפינען אויב א בוך פערמאָגט אין זיך דאָס אייביגע, דאָס דויערנ־דע, אויב א שריפט איז געקריצט אויף מארמעל שטיין און ניט אויף וואקס, אויב א ווערק בעזיצט דאָס געטליכע פייער, די „היילינע פונקען“, דאָס שוימענדע בלוט, וואָס איז די זעעלע — איז צו פּרובירען עס לייענען אין צייט פון טרויער. דען זעהר וועניג ביכער, וועלכע ווערען געלעזען מיט טיעפען אינטערעס אין א געוועהנליכער צייט, קענען בעווייזען צו פעראינטערעסירען מענשען אין דער צייט ווען זיי געפינען זיך אין די ארעמס פון נויט, אין דער צייט, למשל, ווען זייער פאמיליע שטעהט אונטער דעם שאָטען פון טויט, דאַן ווען זייער ברוסט ווערט געזויגען פון דער יאוש־שלאַנג.

און איז דער קריטיקער גערעכט, איז די פּראָבע א ריכטיגע, דאַן איז קיין צווייפעל, אז אונזער ביבעל פערמאָגט די אלע אויסגערעכענטע מעלות, דאַן איז אונזער ביבעל דאָס גרעסטע בוך, ווייל אין איהר האָבען תמיד געפונען טרייסט און רוהע, אלע אונטערדריקטע, פערביטערטע, און אלע

מיט טרויער געשלאָגענע. דאָס בוך האָט זיך ארויסגעוויזען אלס א היילונג פאר געפּייניגטע זעלען.

דער שם פון דער ביבעל איז ניט פון היינט אָן. נאָך צוריק מיט טויזענדער יאָהרען האָט זיך איהר גרויסער נאָמען געצווינגען ווייט און ברייט. איז עס דאָך בוך, וואָס האָט זוכה געווען, צו זיין דאָס ערשטע איבערזעצט צו ווערען אין אַן אנדער שפּראַך.

דער שם פון בוך איז אָבער אין יענע אַלטע צייטען געקומען ניט צוליעב זיין גרויסען ליטעראַרישען ווערטה, נאָר צוליעב זיין היילינקייט, צוליעב זיין גרויסען מאָראַלען ווערטה. פון שטאַנדפּונקט פון ליטעראַ־טור, פון שטאַנדפּונקט פון שעהן־שרייבעריי, האָט מען אָנגעהויבען די ביבעל אָבשעצען ערשט גאַנץ שפּעטער. בשעת צו דער ווארהייט, אַז אין דער ביבעל איז דאָ פּאָעזיע, און פערשיעדענע אַרטען פון פּאָעזיע דער־צו, איז מען געקומען פערהעלטניסמעסיג ערשט אין דער לעצטער צייט.

פיעלע סבות האָבען גורם געווען דערצו, אַז די ליטעראַרישע און די פּאָעטישע זייט פון דער ביבעל זאָלען פערזעהן ווערען, דען פון אלע וואָס עס איז אין יהודה געשריעבען געוואָרען, זיינען געבליעבען נאָר די 24 ביכער, וועלכע זיינען קאַנאָניזירט געוואָרען צוליעב זייער היילינקייט. עס איז למעלה מכל ספק, אַז עס זיינען אין יהודה געווען נאָך פיעלע אַנדערע שריפטען אויף פערשיעדענע געביעטען. נאָר אַזוי ווי יענע שריפטען זיינען אין די אויגען פון די פּרושים בעטראַכט געוואָרען אלס „חולין“, האָט מען זיי דן געווען לגניזה. עס איז שווער צו טרעפען, וואָס זיי האָ־בען פערבעהאַלטען. מעגליך, אַז פיעלע, פיעלע שעהנע פּערל זיינען צו־ליעב דעם אומגעקומען, און עס איז נאָר צו בעדויערען, וואָס אויף זיי איז אויסגעפאַלען אַזאַ טרויעריגער שיקזאַל. עס איז אָבער אויך גאַנץ מעג־ליך, אַז אויב מען זאָל געווען לאָזען אלע שריפטען, און ניט נאָר די היילינע, וואָלטען מיר היינט גאָר ניט געווען געהאַט. אין די גרושים און איבער־פאַלען וואָס דאָס פאָלק האָט דורכגעמאַכט און איז אויסגעשטאַנען, ווער ווייס אויב עס וואָלט בכח געווען צו רעטען דאָס גרויסע רייכטהום, און ער ווייס אויב עס וואָלט זיך געווען מפקיר געווען פאַר די רעטונג פון די סתם־ספרים? דאָס פאָלק האָט אָבער קיין אָפּפער בעטראַכט פאַר צו גרויס ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט אום דעם היילינען בוך, וואָס מען האָט איהם געלערענט עס מהייער צו האַלטען ווי זיין אויג אין קאָפּ. אַזוי איז מעגליך, אַז אַ דאַנק דעם אַקט, וואָס מען האָט געלאָזט נאָר איינינע היילינע ביכער, איז ביי אונז געבליבען דער גרויסער שאַץ פון יענער גרויסער פרוכטבארער פעריאָדע.

די היילינקייט פון בוך האָט אָבער די גאַנצע צייט ניט צוגעלאָזט צו

איהר צוצוטרעטען מיט דעם מאַסשטאַב פון ליטעראַרישער קריטיק. ווען־רענד דער פּאָעזיע פון תנ"ך האָט קיינער ניט געשענקט קיין אויפמערק־זאַמקייט אויף צוליעב דעם, ווייל עס האָט צו יענער צייט געהערשט אַ גאַנץ אַנדער בעגריף וועגען דעם מהות פון פּאָעזיע. דער מאַסשטאַב איז גענומען געוואָרען פון דער גריכישער פּאָעזיע, וועלכע איז געקומען אין מעטער. מעטער איז אויף אַזאַ אופן געוואָרען איינער פון איהרע כאַראַק־טעריסטישע סמנים; דער האָט אָבער געפעהלט אין דער ביבעל. די אי־בערשרייבער פון דער ביבעל האָבען די גאַנצע ביבעל, איהר פּראָזאַ און פּאָעזיע, אַראָפּגעשריעבען אין פּאָרמינג — אַזוי אַז איהרע פערשיעדענע טהיילען האָבען אויסגעזעהן צו זיין „מעור אחד", און עס איז ניט בע־מערקט געוואָרען דער אונטערשיעד צווישען איין אַרט שריפט און דער אַנדערער.

ערשט שפּעטער צו, ווען מען האָט זיך מעהר אָנגעהויבען צוצוקוקען צו יעדען טהייל בעזונדער, האָט מען געמערקט, אַז אין דער ביבעל זיינען פאַראַן פּראָזע טהיילען און פּאָעטישע טהיילען, אַז די פיעלע פּאָעטישע טהיילען פאַלען פאַנאַנדער אויף פערשיעדענע אַרטען, אָט אויף די אַרטען, וועלכע זיינען דער פּאָעזיע אייגענטהימליך. עס פעהלט ניט אין דער ביבעל קיין לירישע, דעסקריפּטיווע, פּאַסטאָראַלע, דידאַקטישע פּאָעזיע, און עס זיינען אויך פאַראַן עלעגיען און אידיליען, וועלכע זיינען גרויסע מייסטער־ווערק וואָס האָבען צו זיך ניט קיין דוגמא.

עס איז שפּעטער באמת אויך ענטדעקט געוואָרען, אַז די פּאָעטישע שטעלען זיינען געבויט געוואָרען לויט אַ געוויסען מעטער, לויט פעסט־געשטעלטע רעגעלען, כאָטש זיי זיינען אין גרונד פערשיעדען פון דעם גריכישען אַרט, ווי עס איז אייגענטליך אויך פערשיעדען דער אַראַבישער געדיכט־מאָס.

עס מוז אָבער צוגעגעבען ווערען, אַז דער אידישער דיכטער האָט זיך ווייניגער גערעכענט מיט אויסערע פאָרמען, ווי מיט דער אינערער מוזיק, די אינערע האַרמאָניע, וועלכע קומט אַ דאַנק די ווערטער־צוקלייבונג, אַ דאַנק דעם צוגעפּאַסטען וואָרט צום אינהאַלט. צוליעב דעם וואָס דער דיכטער איז ניט געשמידעט געוואָרען אין די קייטען פון שטרענגע כללים, האָט ער געהאַט מעהר פרייהייט אויסצודריקען זיינע געפיהלען, און מעהר שוואונג פאַר זיינע ערהאַבענע געדאַנקען.

ווען מען האָט זיך אָנגעהויבען טיעפער בעקענען מיט די פּאָעט־שריפטען פון דער ביבעל, איז מען ממילא געקומען צו נייע בעגריפען וועגען דער פּאָעזיע בכלל.

די מוזיק איז געוויס אַ וויכטיגער טהייל פון דער פּאָעזיע. די

פּאָעזיע איז איינגענטליך געקומען אויף דער וועלט געצווילינגט מיט גע־זאַנג, און אונטערהאַלטען דורך דעם ריטם פון טאַנץ. ערשט שפּעטער האָבען זיך די דריי פאַנאַנדערגעטהיילט און יעדע האָט זיך ענטוויקעלט אין אַ גאַנץ בעזונדערען געביעט, איז, אַזוי צו זאָגען, „אַרונטער אויף אייגענע קעסט“.

די מוזיק איז אַ וויכטיגער טהייל, נאָר ניט די הויפּט כאַראַקטעריס־טיק פון דער פּאָעזיע. כדי פּאָעזיע זאָל ווערטה האָבען דעם נאָמען, מוז זי פּערמאָגען טיעפע ליידענשאַפט, געפיהל, סימפּאַטיע, פאַנטאַזיע, שוואונג, בילדליכקייט און כדי זי זאָל קענען זיין אַ בר־קימא, מוז זי אויך געטראָגען ווערען פון גרויסע אידעען, פון גרויסע מענשליכע רעגונגען.

און נאָך עפּעס. ריכטיגע פּאָעזיע איז געגרינדעט אויף אמת. טראָץ דעם אָנגענומענעם ווערטעל: „מיטב השיר כזבו“. איינער האָט אַ מאָל דעפינירט דאָס וואָרט פּאָעזיע אויף אַזאַ אופן: אַ געוויקס, וועלכע וואור־צעלט אין אמת און שיסט ארויס און פערצווייגט זיך אין שעהנהייט. דער אמת מוז זיין דער פונדאַמענט פון דער שעהנהייט. דער אמת, דאָס מיינט די טיעפע און ערשטע בעקאַנטשאַפט מיט דעם לעבען, די רייכע און פּיעלזייטיגע ערפאַהרונג וועלכע איז געגרינדעט אויף אינטימער קענטעניש, אויף געגגנגויגער בעאָבאַכטונג, געשעפּט גלייך פון לעבענס־קוואַלען.

די פּאָעזיע איז דורכגעשטיקט מיט בילדער, מיט בלומען און אוזאָרען, אָבער אום די בילדער זאָלען מאַכען אַ רושם מוזען זיי זיין אמת׳ע ביל־דער, מיט דעם הויך פון רעאַליטעט, און דאַרפען העלפען בעציערען און פערטיעפען די צענטראַל אידעע. דורך דער פערגלייכונג זאָל זי געווינען אין געוויכט און אין שעהנהייט. די בלומען, וואָס פלעכטען זיך אַלס גיר־לאַנדען אַרום דער הויפּט־אידעע, מוזען אין זיך פערזיעגלען דעם אָטהעם פון ערד און נאַטירליכקייט.

און מעג דער שפּיץ לייטער, אויף וועלכען דער פּאָעט שטייגט מיט לייכטע טריט, דערגרייכען ביז אין הימעל, דער לייטערס פיס זאָלען רוהען אויף דער ערד, דאַרפען האָבען באָדען אונטער זיך.

די פּאָעזיע איז די שפּראַך פון בילדער. די פּאָעזיע נעהמט אין אַנשפּרוך דאָס מענשליכע אויג און ניט נאָר דעם אויער. די פּאָעזיע קען ניט, ווי די מאַלעריי, ווייזען בחוש די קאָלירען; זי קען אָבער דורך אַפּעלירען צו דער פאַנטאַזיע אַרויסרופען אין דער מחשבה די קאָלירען־רייכסטע בילדער. זי דאַרף נאָר געפינען דעם פּאַסיגען אויסדרוק, און בילדער ווערען אָנגעצונדען אין דער פאַנטאַזיע און צוריקגעשפּיגעלט אויף

דעם אויגס־פערשפרייטונג. די ערשטע בעדינג איז: דער קינסטלער דאַרף אליין זעהן דאָס בילד פאַר דעם אויג.

אין דער הינזיכט האָט די פּאָעזיע דעם פאָרצוג איבער די אנדערע ארטען פון קונסט. די סקולפּטור און מאַלעריי זיינען בעגרענעצט. די לעצטע קען אָנוואַרפען אַ בילד אויף דער לייוונד, זי טהיילט אָבער אויף אַזאַ ארט אוים אַ געוויסע שטיק פון דעם גאַנצען. וואָס גרעסער דער קינסטלער, אַלץ מעהר אַפּגעזונדערט איז די זאַך, אַלץ מעהר אַפּגעטאַקט איז זי און איינגעשלאָסען אין געוויסע שטריכען. די איינציגע אַנצור־הערעניש, וואָס דער מאַלער קען געבען כדי צו דערמאָנען דעם צושויער, אַז דאָס בילד איז ניט עטוואָס אַ גאַנצעס פאַר זיך, נאָר אויך אַ טהייל פון עטוואָס גרויסעס און אונענדליכעס, איז דורך דעם הינטער־גרונד, וועלכער איז פערגאָסען, נעבעלדיג און אין־סופ׳דיג. דאָס איז אָבער אַ קנאַפּער מיטעל. נור ערגער איז אין דער הינזיכט די סקולפּטור. זי מוז זיך פערנעהמען מיט מאָמענטאַנע אימפּרעסיאָנען, זי קען ניט מאָהלען קיין בעוועגונג, זי קען ניט מאָהלען קיין שטורם, זי קען נאָר מאָהלען דעם שרעק אָדער פרייד, וואָס אויסערליכע אָדער אינערליכע בעוועגונג האָט ארויסגערופען נאָכדעם ווי דער אויסדרוק איז פערגליווערט געוואָרען. זי קען נאָר דורך געוויסע אויסדריקען אין די פיגור׳ען געבען אַן אָנצוהערעניש אויף געוויסע בעוועגונגען. אַנדערש איז די פּאָעזיע. איהר תפיסה און פערנעהם איז אַזוי גרוים ווי דער קאָסמאָס. זי מאָהלט בילדער און בשעת יעדעס בילד קומט ארוים פאַר זיך פאָלקאָמען, קען דער דיכטער אַלס הינטער־גרונד האָבען דעם גאַנצען קאָסמאָס, בילדער אָהן אַ שיעור, די זיינען אָבער ניט אויפגעצילעט איינס נעבען אַנדערען ווי פּעריל אויף אַ שנור, נאָר עס איז אַ הויפּט־בילד, אויף וועלכען די אַנדערע בילדער ווי מיליאָנען שטערען שלאָגען דאַרויף אָפּ זייער ליכט.

די פּאָעטישע שטעלען אין דער ביבעל — און זיי פערנעהמען איינינע וויכטיגע ספרים ווי שיר השירים, איוב, קהלת, תהילים, רות, איכה, די מייסטע נביאים און קאַפּיטלען צוואָוואַרפען איבער אַלע שריפטען — זיינען פול מיט בילדער, אָנגעשפּיקעוועט מיט פערגלייכונגען. און די פערגליי־כונגען זיינען גענומען פון דעם לעבען פון דעם לאַנד, פון דער סביבה, אין וועלכער די שרייבער האָבען זיך געפונען.

אין דעם לעצטען פאַקט, איך מיין דאָס וואָס די ביבעל־דיכטער האָבען זיך בענוצט מיט פערגלייכונגען, גענומען פון דער אייגענער סביבה, איז אַגב צו געפינען אַן אורזאַך ווארום פיעלע שטעלען פון דער ביבלישער פּאָעזיע זיינען געבליעבען אונקלאָר, אונפערשטענדליך, — מחמת די נאַ־טור פון דעם לאַנד, וואו די פּאָעזיע איז געשריעבען געוואָרען, איז געוועזן

אונבעקאנט צו אונזער וועלט. — ווילסטו דעם דיכטער פערשטעהן, זאָל־סטו אין זיין לאַנד געהן — דער אַלטער אמת איז זעהר ריכטיג אויך בנוגע דער ביבעל.

מען דאַרף, למשל, זיין בעקאנט מיט דעם ניט געשטעלטען קאפּריז־נעם כאַראקטער פון די וואסערען וואָס רינגלען ארום פּאַלעסטינא, דאָס היילינע לאַנד, כדי צו פערשטעהן ווארום דער ים איז פאַר זיי געוועז א פערגלייך פון אונטרוי.

מען האָט געדארפט זעהן יענע בערג, דעם כרמל, דעם לבנון, דעם חרמון, מען האָט געדארפט זעהן זיי אין זייער שעהנהייטס־שטאָלץ און גרינקייט, מיט זייערע שפּיצען אין הימעל, מיט זייער פעסטקייט און רוהיגקייט, כדי צו פערשטעהן דעם גאַנצען זין פון יענע פערגלייכונגען.

דאָס אידישע פאָלק איז געוועזן א בויערען פאָלק און פון דער זעלבער סביבה, פון זעלבען שטאַנד זיינען געקומען זיינע פּאָעטען, און די מעטאַ־פאָרען זייערע זיינען גענומען געוואָרען פון דער נאַטור, נאַטירליך פון ארץ־ישראל־נאַטור.

דער שפּריי־רעגען (רביבים), דער שפּעט־רעגען (מלקוש), דער פריה־רעגען (יורה), דער טהוי, די פערשיעדענע שטורעמס (סער, סופה), דער רעגען און שלאַקס רעגען און די פערשיעדענע ווינטעלעך, פון מזרח, פון צפון, און דאָס ליכט, וואָס שפּיעלט זיך און שפּיגעלט זיך אין דעם פּערל־טהוי און אין די ריטשקעלעך און אין דעם שטורם — דאָס אַלץ וואָס איז דאָ בשפע אין אונזער לאַנד זיינען אַלץ בילדער פאַר די דיכטער.

ארץ ישראל איז דאָס לאַנד, וועלכעס האָט אין זיך די פערשיע־דענסטע קלימאַטען און לאַנדשאַפטען, און עס וואקסען דאָרט די פער־שיעדענסטע פּירות און געוויקסען, בליטהען און בלומען, און עס לויפען ארום און וואוינען די פערשיעדענסטע פויגעל און חיות — דער דאָזיגער גאַנצער רייכטהום ווערט אריינגעבראַכט אין דער ביבעל. קינסטלעריש אריינגעאַרבייט מיט א בעשטימטער סימעטריע.

און וואָס מעהר איינער איז בעקאַנט מיט דער נאַטור פון די פער־שיעדענע חיות, פויגעל, איז בעקאנט מיט די פערשיעדענע נאַטור־פענאָ־מענעס פון יענעם לאַנד, אַלץ מעהר וועט ער אָבשעצען דעם ווערטה פון יענער פּאָעזיע, אַלץ מעהר בעגרייפען דעם שוואונג און די טיעפע בע־קאַנטשאַפט מיט דער נאַטור, און די פאַרבען־רייכקייט און די טיעפקייט און אין־סוף׳דיגקייט פון די ביבעל־דיכטער.

## ב.

עס זיינען געבליעבען אין דער ביבעל איינינע איבערבלייבעכצען נאָך פון יענער צייט, ווען די דיכטונג פלעגט געזונגען ווערען אין כאָר. דער באַרד, דער פאָלקס־דיכטער האָט געזונגען דעם ערשטען פערז און דאָס בויערען־פאָלק האָט נאָכגעזונגען. צו דעם אַרט קען צוגערעכענט ווערען די שירת־הים, וועלכע הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: און דאַן האָט משה מיט ישראל'ס קינדער געזונגען. לויט דעם תלמוד'ס בעהויפּ־טונג, וואָס איז מסתמא אַן אַלטע מסורה, איז די שירה געזונגען געוואָרען פּסוק פער פּסוק, פון דעם דיכטער און כאָר; צו דעם אַרט געהערט געוויס די שירת דבורה, די נבואה פון יעקב צו זיינע קינדער און די שירה פון האזינו. דאָס ליעד „האזינו" האָט, ווי עס שיינט, דאָס פאָלק געזונגען אין דער נאָר אַלטער צייט און האָט עס בעטראַכט אַלס אַ ליעד, וואָס משה אַליין האָט עס פערפאַסט און דעם פאָלק עס אויסגעלערענט, „אום די דאָזיגע שירה זאָל דיענען איהם אַלס אַן עדות ביי די בני ישראל".

די דערמאָנטע שירות, ספּעציעל די שירת הים און די שירת דבורה, טראָגען אויף זיך דעם חותם פון גרויער עלטער. די שפּראַך איז געגאָסען פון שטאָהל; איהר קלאַנג איז ווי דאָס שאַרפען פון שווערדען. עס פליהען פונקען ווי פון אונטער דעם האַמער וואָס האַקט קרעמיען. דאָס בלוט פון דעם דיכטער איז הייס, זיין אויג אַבגרונד־טיעף שיסט בליצען, זיין האַנד ביילט זיך שטייף און זיין גלויבען און פערטרויען אין דער קראַפט איז גרויס, איז גרענעצלאָז. און דער שנעלער ריטם, מיט וועלכען דאָס בלוט לויפט אין זיינע אַדערען, דער געזונדער הויב־און־פאַל פון זיין ענטוויקעלטער ברוסט הערט זיך אין די ליעדער.

אָבער אויך די עלטערע ליעדער זיינען פול מיט ווערטער־בילדער. דאָס האַרץ איז פול איבער די ברעגען מיט געפיהלען. איין געפיהל לויפט נאָך דעם אַנדערען און קרייצט זיך מיט איהם איבער, ווי די כוואַליעס אין ים נעפּאַטשט פון שטורם, און ווי די כוואַליעס אין שטורם, וועלכע ווערען אָפט בעלויכטען פון אַ בליץ וואָס שלענגעלט זיך אויף דעם הימעלס פערשפּרייטונג, אַזוי ווערען די געפיהלען־כוואַליעס אין יענע ליעדער בעלויכטען מיט ווערטער־בילדער, מעטאַפאָרען און פערגלייכונגען. לויט אַ שנעלער טעמפּאָ ווערען די ליעדער געזונגען, די בילדער וועלכע פלעכ־טען זיך דורך, שטערען אָבער ניט דעם לויף פון ליעד. זיי בעלויכטען די טיעפעניש, דאָס קאָכעניש פון די געפיהלען און ניט מעהר, ציהען די אויפמערקזאַמקייט אויף דעם געפיהל־ווירבעל אָבער ציהען ניט אָפּ, ווי עס איז דער פאַל מיט דעם פּאָעט, וואָס ווערענדיג הינגעריסען פון דעם

מעטאַפאָר לאָזט אָפּ דעם פּאָדעם פון הויפּט־געדאַנק, און איז נעצוואונגען נאָכהער ווי עס איז צונויפצוקניפּען.

די אידישע פּאָעזיע איז פול מיט בעוועגונג, האַנדלונג, און דראַמאַטישען אינטערעס. זי ווייס ניט פון קיין פערגליווערונג און שטילשטאַנד.

עס איז שוין אויפמערקזאַם געמאַכט געוואָרען פון פיעלע אויף דער בעוועגליכקייט־אייגענשאַפט פון דער העברעאישער שפּראַך, צוליעב דעם וואָס זי האָט מייסטענס געבילדעט איהר שם עצם פון דער פּעל, אַזוי, אַז די מייסטע ווערטער לעבען און בעוועגען זיך, ווי טראָפּענס וואַסער אויף אַ הייסער בלעך. די שפּראַך שפּיגעלט אָפּ דעם גייסט פון פאָלק, און דאָס פאָלק האָט געגלויבט אין דער קראַפט פון דער טהאַט. טהאָן האָט ביי איהר געהייסען שאַפען, ווי עס ווייזט דאָס צייטוואָרט: „עשה“.

די גרויסע מעלה פון דער שפּראַך, איהר בעוועגליכקייט, לאָזט זיך שטאַרק מערקען אין דער פּאָעזיע. די העברעאישע פּאָעזיע — דאָס איז אַ לויפענדעס וואַסער, אויף וועמעס שפּיגעל די זונען־שטראַהלען פלעכטען אויס וואונדערבאַרע טענץ; דאָס איז אַ ברייטער שטראָם, וועלכער שלעפּט אין זיין לויף גאַנצע שיפען מיט בילדער.

עס וואָלט געווען שווער אָנצואווייזען אויף די אַלע בילדער, דאָס וואָלט צופיעל צייט גענומען. מען קען אָבער ניט פערזיבערגעהן צו בעמערקען איינינע. אין שירת־הים: — זיי זענען געזונקען ווי אַ שטיין; פערברענען ווי שטרוי, זיינען אָנגעהויפּענט געוואָרען די וואַסערען (אין לעצטען ביישפּיעל איז דאָס בילד אין ווערבום); אין דער שירת־דבורה איז כדאי זיך אָפּצושטעלען אויף דעם בילד, וואָס בעשרייבט די מפּלה פון דעם אידישען פיינד סיסרא און די ערוואַרטונג און די אויגען־אויסקוקעניש פון זיין מוטער אויף איהר זוהן דעם העלד. ווי שניידיג די סצענע ווערט געשילדערט, וואָס פאַר אַ סאַטירישער שמייכעל אויף די ליפּען. עס איז ניטאָ קיין צייט פאַר דעם דיכטער זיך אָפּצושטעלען אויף פּרטים. דאָס איז אויך ניט נויטיג. דער דיכטער זעהט אריינצוציהען דעם הערער און לאָזט אויפפלאַמען זיין פאַנטאַזיע. דער דיכטער וואַרפט אָן די שטריכען און עס איז נויטיג אַ ביסעל פּערספּעקטיווע, און עס וואַקסט אויס אַ בילד.

די גאַנצע כיטראָסט פון יעל, וועלכע האָט אויסגעשפּרייט דאָס נעץ פאַר דעם אַנטלויפענדען סיסרא, מיט וועמען די שטערען פון זייערע שטעגען האָבען מלחמה געהאַלטען, ווערט אויסגעדריקט אין דעם קורצען ווערטעל: „מים שאל — חלב נתנה“. ער האָט געבעטען בלויז וואַסער, זי האָט איהם אָבער געגעבען נאָך מעהר וויפיעל ער פערלאַנגט. און איהר זעהט שוין, ווי זי האָט ביי איהם מיט איהר פרויען־כיטראָסט געוואונען

דעם צוטרויען, ביז זי האָט ענדליך געקענט דורכפיהרען די נויטיגע טהאַט. דעם גאַנצען האָפנונגסלאָזען טרויער פון סיסרא'ס מוטער ווערט איבערגעגעבען אין דעם אויסדרוק: „אם סיסרא בעד האשנב" — סיסרא'ס מוטער איז דורך דעם פענסטער. דאָ האָט איהר דאָס גאַנצע בילד: זי עסט ניט, זי שלאָפט ניט, זי טרינקט ניט — זי איז ביים פענסטער. ווי זי זעהט אויס, קען מען זיך פאָרשטעלען. די איינציגע פראַגע, וואָס א שווערע האַנד האָט אויסגעקריצט אויף איהר געזיכט איז: ווארום פער־זוימט זיין רייט־וואָגען צו קומען? ווארום פערזאַמען די טריט פון זיינע רייט־וועגען? צוויי מאָל די פראַגע, צוליעב בעטאָנונג, ווי עס ווערט פריהער, צוליעב דעם זעלבען טעם, איבערגע'חזר'ט דער אויסדרוק וועגען דער מוטער'ס זיין ביים פענסטער: „בעד החלון נשקפה". צוויי מאָל, דען דאָס איז דער גאַנצער עסענץ פון יענער סיטואַציאָן, און פערשווענקען דעם איינדרוק מיט נייע ווערטער וואָלט געווען א פערטושונג, אַנשטאָט א בעלייכטונג.

א בילדער־גאַלערי איז די שירת־יעקב און עס פעהלען ניט קיין ביל־דער אין „האזינו": כנשר יעיר על קנו... און דערגלייכען.

ניט לאַנג איז מיר אויסגעקומען לייענען אין א העברעאישער צייטונג ווי א דיכטער קלאָגט זיך, אז עס פעהלט אין אונזער ליטעראַטור די בילדער־מאָלעריי, אז אונזערע דיכטער פעהלט די פעהיגקייט פון דעסקריפּ־ציע, און אַנשטאָט דעם וואָס זיי זאָלען מאָלען דאָס בילד אליין, מאָלען זיי דעם איינדרוק, וואָס דאָס בילד האָט אויף זיי געמאַכט. יענער דיכטער רעדט אייגענטליך פון דער ליטעראַטור אין דער לעצטער צייט. זיין בעהויפּטונג איז, נאָך מיין מיינונג, א גרונד־פאַלשע. דאָס האָט אָבער ניט צו טהאָן מיט'ן ענין. איך האָב דאָס בלויז דערמאָנט צו בעווייזען, ווי די אַלטע קלאַגע, וועלכע איז געווען פאַלש אין דער צייט פון איהר ענטשטעהונג, פערבלייכט ניט, טראָץ איהר עלטער. גרויס איז די קראַפט פון פּאָראָורטהייל, און זיין ממשלה איז לאַנג דויערנד. און די קלאַגע איז אַן אַלטע. נאָך די ביבעל־דיכטער האָט מען בעשולדיגט, אז זיי זיינען שוואַך אין דעסקריפּציע.

איינער האָט געמאַכט די ריכטיגע בעהויפּטונג, אז די קראַפט פון די אידישע דיכטער ווייזט זיך אָם שטאַרקסטען אין דער ליריק. דאָס מיינט אָבער לחלוטין ניט, אז די אידען זיינען שטאַרק אין דער דעסקריפּציע, אויף די ליריק האָט איהר בעשרייבונג. אָפטמאָל איז דאָס לירישע געדיכט דער רעזולטאַט פון נאַטור־בילדער, וועלכע רופען ארויס געפיהלען און רעגונגען אין דער זעעלע; אָפט איז דאָס א סינטעז פון א בעשרייבונג, פון בילדער־מאָלעריי און סוביעקטיווע איינדריקען, וועלכע זיינען אויס־

גענוועבט געוואָרען אין דער זעעלע א דאַנק דער אָנרעגונג פון איין בילד אָדער מעהרערע בילדער, וואָס זיינען צונויפגעהעפט געוואָרען אין איין אידעען־פערבינדונג.

באמת פעהלען ניט קיין דעסקריפּטיווע טהיילען אין דער ביבעל.

די קורצע שטעל אין איוב, אין וועלכער אליפז התימני מאָלט, ווי אַזוי צו איהם האָט זיך ביינאַכט בעוויעזען א גייסט, איז איינע פון די בעסטע בילדער־מאַלערייען, וואָס געפינט זיך אין דער ליטעראַטור. אין געקליבענע איינינע ווערטער ווערט דאָס שרעק־בילד אויפגעצויבערט, דורך רמזים ווערט פאַר אייער זין געשאַפען די גאַנצע אומגעבונג, בשעת דורך דעם ווערטער־קלאַנג ווערט אַרויסגעבראַכט די שטימונג — די ראַהם פון בילד — די אַטמאָספערע, אין וועלכער די האַנדלונג האָט זיך אָבגעשפּיעלט.

דאָס בילד הויבט זיך אָן: ואלי, דבר יגנב — און צו מיר איז א זאַך גע׳גנב׳עט געוואָרען — די גאַנצע בילד איז פערקערפּערט אין דעם ווערבום: גע׳גנב׳עט געוואָרען. שוין פערשטעהט איהר פון זיך, אַז עס איז געווים געשעהן אויף א שטילען אופן, און גיכער ביינאַכט איידער בייטאָג. מערקט זיך: דער ווערבום איז ניט אין נפעל נאָר אין פעל, וואָס קומט אַלס צייכען פון אינטענסיטעט אין דער טהאַט, פאַר וועלכע דער ווערבום שטעהט. די פערטרוימטקייט פון געשטאַלט ווערט אָנגעדייטעט דורך דעם אויסדרוק: „חזיונות ליל“, נאַכט־וויזיאָנען, וועלכע האָבען א גאַנץ אַנדערען זין אין אונזער לאַנד, אין ארץ ישראל, וואו דאָס שפּע׳דיגע לבנה־ליכט צווינגט די נאַכט אַרויסצושליידערען פון איהר פינסטערניש־שלונד די אַלע געגענשטאַנדען, וואָס זי האָט פערשלונגען. אַזוי ווי אָבער דאָס ליכט איז ווייך און חלום׳דיג, פערגיסט דעם געגענשטאַנד, שטומפּפט אָפּ זיין שאַרפקאָנטיגקייט און ווי א צויבערין שאַפט איבער די זאַכען, בעקליידעט זיי אין נייע פאָרמען, און א וואָלקענדעל, וואָס שפּאַציערט אויף דעם ברעג פון האָריזאָנט, קען פערוואַנדעלט ווערען אין א שרף מיט צושפּרייטע פליגעל, אין א זעהונג. אין דעם זעלבען בילד טרעפען מיר דעם אויסדרוק: „דממה וקול אשמע“, טייטשען טייטשט מען עס: עס איז געווען שטיל און איך האָב געהערט א קול. מעגליך, אַז דאָס איז אויך די ריכטיגע טייטש, אָבער סוף־סוף פון דער צוזאַמענשטעלונג פון ווערטער האָבען מיר אויך דאָ דעם איינדרוק, די שאַטירונג, אַז ער האָט געהערט די שטילקייט, דעם אָטהעם פון דער נאַכט; א גאַנץ מאָדערנעם וואָרט־בילד.

מען קען אין די איינינע זאַצען זיך אָבשטעלען אויף נאָך איינינע ווערטער־בילדער, נאָר דאָס וואָלט אונז ווייט פערפיהרען. גרויסאַרטיגע

בילדער־מאָלעריי איז געווים צו געפינען אין איוב, אין דעם קאַפּיטעל וואו עס ווערט געשילדערט דער „בהמות“, דאָס „וואַסער פערד“. יעדעס וואָרט איז אַ בילד, יעדע שורה איז אָנגעזעצט מיט דיאַמאַנטען און עס בלישטשעט און בלענדעט. פון דאָרט כאַפּ איך אַרויס בלויז איין זאַץ: „אחריו יאיר נתיב, יחשב תהם לשיבה“. דאָס מאָהלט דער דיכטער, ווי אַזוי דער בהמות, דורכשניידענדיג זיין וועג דורך דעם טייך, לאָזט נאָך זיך אַ וועג מיט ווייסען שוים. ביים דיכטער הייסט עס: „נאָך איהם ווערט ליכטיג אַ סטעזשקע. ער (דער צושויער) וואָלט געדענקט, אַז דער אָבגרונד איז גרוי.“ בלויז אין זעקס ווערטער ווערט דאָ איבערגעגעבען דאָס בילד און דער איינדרוק וואָס דאָס בילד מאַכט אויף דעם צושויער. אחריו יאיר נתיב: ווי דער בהמות לויפט דורך, אַזוי ווערט דאָס דונקעלע וואַסער ליכטיג. איבער דעם ים לויפט דורך אַ ליכטיגע סטעזשקע, ווי דער מילך־וועג אויף דעם הימעל. בעמערקט, אַז דאָס בילד קומט אין ווערבום „יאיר“, דען עס מאָלט דעם פּראָצעס: דאָס ווערדען, „יאיר“ — עס לייכט אויף, אָנשטאָט צו זאָגען „אחריו נתיב אור“, נאָך איהם אַ ליכטיגע סטעזשקע“, וואָס דאַן וואָלט געפעהלט די בעוועגונג, די טהאַט. אין די אַנדערע דריי ווערטער מאָהלט דער דיכטער דעם געשאַפענעם איינ־דרוק אויף דעם צושויער, וואָס בעמערקט אַזאַ ליכטיגע סטעזשקע. ער טראַכט: ניט אַנדערש, ווי דער אָבגרונד איז גרוי געוואָרען, ניט אַנדערש, ווי אויף דעם אָבגרונד ליגען בערג מיט ווייסען שוים און דער אָבגרונד וואַרפט אַ טהייל פון דעם אַרוים אויף דער אויבערפלעכע.

איך וואָלט געקאָנט מאַריך זיין מיט ביישפּיעלע, אָבער אויך די זיינען גענוג, דען מיין צוועק איז אַנצורעגען דעם לעזער צו שטודירען די ביבעל, דעם גרויסען ליטעראַרישען אוצר, מיט אָפענע אויגען, און ענטפּלעקען איהר רייכטהום, וועלכען, ווי די מוטער ערד, זי גיט ערשט אַרויס נאָך ערנסטער מיה, און ניט אויסצושעפען דאָס טהעמאַ, וואָס איז אונמעגליך אין די ראַהמען, און ווייט ניט נאָך מיינע כחות.

מיר ווילען דאָ בלויז דערמאָנען, אַז דעסקריפּטיווע פּאָעזיע איז דאָ פיעל אין ישעיה, איןביידע ישעיה׳ס, ווי, למשל, אין קאַפּיטעל ה׳, די בעריהמטע שירת דודי לכרמי, אָדער בלויז ווייטער מיט איין קאַפּיטעל, ווי דער נביא מאָלט, ווי ער וועט רופען די פעלקער פון ווייטען צו בעפאַלען זיין נעליעבט פאָלק ישראל: ונשא נס לגוים מרחוק... ניט מעהר ווי אַ פינף פּסוקים, דאָך וויפיעל בילדער־רייכטהום, וויפיעל ריטם, וויפיעל לעבען און בעוועגונג. ווען איהר אפילו פערשטעהט ניט די שפּראַך, לאָזט זיך איבערלעזען די אייניגע שורות, און איהר וועט פון דעם הוילען קלאַנג פערנעהמען: דעם געלאַף פון רייטער, דאָס קלאַפּען פון

רעדער און רייטוועגעז, דעם שטורם און דראַנג", דעם רויש און געפּילדער, און ווי די רייטער פליהען ווי פייל אוים דעם בויגען, ווי די ערד ציטערט אונטער די פים און דער הימעל ווערט כמורנע, און קנייטשט זיך ווי א פּארמעט. איהר געפינט דעסקריפּטיווע פּאָעזיע אין יחזקאל. אלע געדענקען געוויס די בעשרייבונג פון דער בקעה של עצמות (טהאָל מיט ביינער). יחזקאל איז פול מיט אזעלכע בעשרייבונגען. זעהר פיעל פון דער ארט פּאָעזיע איז אויך צו געפינען אין תהלים, און א גוטער ביישפּיעל איז געוויס דער טהייל אין יואל, וואָס מאָלט דעם איבערפאַל פון א היישעריק.

די שעהנסטע און די פּאטהעטישסטע עלעגיע אין דער וועלט־ליטעראַטור איז אונזער: „איכה", וואו עס גיסט זיך צוזאַמען דאָס מאָלען פון דער טרויעריגער לאַגע, פון דעם שרעקליכען חורבן און בראַך, און דער אייגענער בראַך וואָס איז ניט קלענער, דער טיעפער צער און טראַגיק פון זיין זעעלע. ווער קען לעזען איכה און ניט בעוואַשען זיך מיט טרעהרען? ווי עס טהוט אונז וועה דאָס האַרץ אויף דעם חורבן. האָבען מיר דאָך דעם גרויסען גייסטיגען געגוס פון דער פּאָעמאַ, וואָס איהר שמערץ איז אזוי גרויס ווי דער חורבן און טיעף ווי דער תהום.

די גרעסטע אידיליע איז אונזער „רות". וויפיעל איינפאַכקייט אין יעדער שורה, וויפיעל ריינער הויך. עפּעס זעהט די גאַנצע ערצעהלונג אוים ווי א טרוים. מען פיהלט זיך אומקרייזט פון ווייסע ליליען־בייטען, גלייך ווי עס וואָלטען איבער דעם קאָפּ פליהען ווייסע טויבען אונטער א הימעל, אויף וועלכען עס שוועבען, ווי א מלאכים־כנופיה, היילינ ווייסע, ווי שנעע קלאָרע, וואָלקענדלעך. ריינקייט און נאַטירליכקייט, די הייליגקייט פון נאַטירליכקייט, ווען מען לעזט עס, הערט זיך די שטימע: של נעליך... דען פון דאַנען וועהט מיט הייליגקייט.

דאָס פּאַסטאָראַלע איז צו געפינען אין אונזער שיר־השירים. צו דער זעלבער צייט, ווען איהר ווילט האָבען א ביישפּיעל פון ליעבע, וואָס איהרע פונקען זיינען פונקען פייער — לעזט שיר השירים. עס אָטהעמט מיט ליידענשאַפט און ליעבע; הערט זיך איין אין דער שבועה, מיט וועלכער זי בעשווערט די בנות ירושלים: אם תמצאו את דודי מה תגידו לו? שחולת אהבה אני! די קאָראַל־ליפּען טריקענען, און דאָס טיעפע אויג שפּיגעלט אָפּ דעם אנגענעהמען צער פון ניט־ערפילטער ליעבע.

די דידאַקטישע פּאָעזיע איז צו געפינען אין „משלי" און טהיילווייז אין „קהלת", און די לירישע אין דער גרעסטער טהייל פון תהלים און די אנדערע נביאים. די הערצער פון די פערשיעדענסטע פעלקער און שטאַ־

מען אויף אַלע ווינקעלעך פון ערד־קוגעל ווערען בעוועגט דורך די פּסאַלמען. אין זיי געפינט מען טרייסט און געגעזונג צו דעם שמערץ.

און אויף דעם אַלעמען קומט די קרוין, — די געטליכע פּאָעזיע. דאָס זיינען די זעהונגען איבער דעם שיקזאַל פון די פעלקער און מענשען אין די ווייטערע דורות. אין זיי הערט זיך דאָס פּאַכען פון כרובים־פליגעל און דאָס קלינגען פון טויזענדער גלעקער, געצויגען פון אַן אונ־זעהבאַרער האנד. ווי מאָלט עס יחזקאל ביים סאַמע אָנהויב: „און איך האָב געזעהן און אַ שטורם־ווינד איז געקומען פון צפון, אַ גרויסער וואָלקען און אַ פלאַקערנדער פייער, און ליכט אַרום און פון איהם אַזוי ווי דער שיין פון חשמל פון דעם פייער". ליכט און חשמל. עס ווערט ליכטיג אין יעדען ווינקעל פון מח און האַרץ, און דער חשמל שטורעמט דאָס בלוט און ברענגט אין בעוועגונג יעדען נערוו.

* * *

אונזער ביבעל ווערט גערופען „דאָס בוך דער ביכער", און ניט אומ־זיסט. עס איז אַ גיננאָלד־קרוין, געשטיקט מיט פּעריל, רובינען און סמאַראַנדען. עס איז אַ קוואַל, וואָס שטראָמט און פליסט מיט פרישע לעבענס־וואַסער, און זיין שיין איז ווי קריסטאַל. עס איז אַ סימפאָניע אויסגעקושט פון אַ כרוב אויף אַ פידעל, אויף וועלכער דער כביכול אַליין האָט אַרויסגעצויגען סטרונעס. און יעדעס וואָרט איז אַן אַקאָרד פון דער געטליכער מוזיק, וואָס איז אַרונטערגעקומען פון די הויכע ספערען.

מיר מעגען שטאָלץ זיין, וואָס מיר האָבען דאָס בוך דער וועלט גע־געבען. נאָר מיר דאַרפען אַליין אויך לערנען זיך פון דעם בוך צו געניסען. צוליעב דעם בוך האָבען מיר דעם נאָמען „עם הספר" געקראָגען, און מיר דאַרפען זעהן ניט צו פערליערען דאָס רעכט אויף דעם נאָמען.



# לעבען און ליטעראַטור

## I

איינע פון די וויכטיגסטע שטרייט־פּונקטען אין דער מאָדערנער ליטעראַטור־קריטיק, איבער וועלכען די קריטיקער טהיילען זיך פאַנאַנדער אין זייערע מיינונגען, איז די פראַגע איבער דער אויפגאַבע פון דער ליטעראַטור, נעמליך, צו דאַרף די ליטעראַטור זיין טענדענציעז אָדער „ליטעראַטור לשם ליטעראַטור"? ד. ה. צו דאַרף די ליטעראַטור דיענען געוויסע סאָציאַלע צוועקען, שטעלען זיך אוטילעטאַרע ציעלען, און זאָל אין איהר פאָרשטעלען א בילד אָדער בילדער, א פאַסירונג, אַן ערשיינונג, אָדער א צוזאַמענהאַנג פון פאַסירונגען, א קאָמפּלעקס פון ערשיינונגען, זיך בעמיהען ארויסרופען ענטריסטונג, פעראַכטונג, פערדרוס, פערדאַמונג געגען דער שלעכטער פערזאָן אָדער ניט שעהנער האַנדלונג, בפרט, און געגען דער פאַלשער „אָרדנונג פון זאַכען" בכלל, און, להפך, צושטימונג, לויב, רוהם, אַכטונג צו דער גוטער פערזאָן אָדער שעהנע האַנדלונג בפרט און פאָלקאָמענער „אָרדנונג פון זאַכען" בכלל. אָדער די ליטעראַטור דאַרף דיענען בלויז זיך אַליין, פערנעהמען זיך מיט מאָלען לשם קונסט, מאָלען דאָס לעבען לשמה, אָהן שום פּניות, ניט האָבענדיג קיין ציעלען דורכצופיהרען, נאָר סתם מאָלען, ווייל כל זמן דאָס מאָלען איז ריכטיג, נאַטורטריי, איז דאָס א ציעל פאַר זיך?

די קריטיקער זיינען געניינגט צו ענטפערען אויף דער פראַגע פערשיעדען. וועהרענד איינע שטעהען „שטאָהל און אייזען" פאַר טענדענציעזע ליטעראַטור, נאָר פאַר דער ליטעראַטור, וועלכע שטעלט זיך הויכע געזעלשאַפטליכע ציעלען, דיענט דעם מענשליכען פאָרטשריט און „בריהען אָפּ מיט הייסען" אַלע שרייבערייען, וועלכע זיינען ריין פון טענדענץ, דענקען די אַנדערע קריטיקער, אַז גראַדע שרייבען לשמה איז דער העכסטער אידעאַל פון קונסט; דאָס אַזוי ווי דאָס קלאָרע קריסטאַל וואַסער, וועלכע שפּיגעלט אין זיך אָפּ די ניעדריגע הייזער ווי די הויכע מויערען, דעם הויכען קופּאָל פון קלויסטער און דעם שפּיץ דאַך פון שוהל, דאָס גרינע ניעדריגע גראָז ווי די הויכע טאָפּאָלען־בוימער — אַזוי דאַרף זיין די ליטעראַטור, דען די קונסט דאַרף קיינע אַנדערע ציעלען ניט דיענען, ווי זיך אַליין, און זיינען דעריבער בערייט ארונטערצורייסען יעדעס ווערק,

וואָס איז טענדענציעז, און תּל עולם מאַכען פון דעם שרייבער, וואָס האָט זיך געשטעלט א געוויסע טענדענץ, א געוויסען ציעל דורכצופיהרען אין זיין ווערק.

קומען די דריטע און מאַכען א פּשרה, און זאָגעןביידע סאָרטען שרייבען זיינען גוט, נאָר עס הענגט אָפּ פון דעם טעמפּעראמענט פון שרייבער, וועהרענד איין סאָרט שרייבער קען ניט אַנדערש ווי בעלעהרען, עפענען נייע האָריזאָנטען פאַר די מענשען, איז דער אַנדערער סאָרט שרייבער, לויט זיין טעמפּעראמענט, ניט פעהיג צו בעלעהרען, נאָר אדרבא, געפינט זיין צופריעדענהייט אין איבערגעבען די זאכען, ווי זיי זיינען.

דער דריטער סאָרט קריטיקער דענקט ווידער, אז מעגען מיר אינ־דיווידועל פאָרציהען דעם אָדער יענעם סאָרט שרייבען, איז עס אָבער, בכלל, ניט רעכט צו טאַדלען א שרייבער פאַרוואָס ער איז אזוי און ניט אַנדערש, ווען ער קען ניט זיין אַנדערש, ווייל עס איז פאַר איהם אונמעגליך בייטען זיין נאַטור.

דאָס איז אונגעפעהר דער געדאַנקען־גאַנג פון די דריי אַנערקענטע שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור־קריטיק.

אויף דעם ערשטען בליק שיינען די דריי שטרעמונגען, וועלכע פער־טרעטען פערשיעדענע דריי מיינונגען, ניט צו האָבען צווישען זיך קיין געמיינשאַפטליכעס. אין אמת'ן אָבער האָבען אלע שטרעמונגען איין אויסגאַנגס־פּונקט פאַר זייער בעטראַכטונג, געהען אייגענטליך ארויס פון דעם זעלבען בליק איבער דער בעציהונג פון דער ליטעראַטור צום לעבען.

פאַר אַלע דריי גילט דער זאַץ: „ליטעראַטור און לעבען", ליטעראַטור פאַר דעם לעבען.

ווייל אַלע דריי גלייך טהיילען די אַנשויאונג, וועלכע אַנערקענט דעם איינפלוס פון דער ליטעראַטור אויף דעם לעבען, דער ליטעראַטור'ס אונ־געהייערע ווירקונג אויף דעם גאַנג פון היסטאָרישען פּראָצעס, אָבער וועלכע פערפעהלט צו זעהן דעם איינפלוס פון לעבען אויף דער ליטעראַ־טור און זעהט לחלוטין ניט די דירעקטע אָפּהענגיגקייט פון דער ליטע־ראַטור אָן דעם לעבען.

אויף די פראַגען: פון וואַנען נעהמט זיך אָט די אַל־ווירקענדע ליטע־ראַטור? פון וואַנען ציהט זי איהר יניקה? וואו איז איהר שורש? איז פאַר די אַלע דריי שטרעמונגען דער ענטפער פּשוט: די ליטעראַטור איז די שעפּפונג פון מענשליכען גייסט, דער פּראָדוקט פון דער מענשליכער זעלע, די ליטעראַטור אַלס אַזעלכע, איז דעריבער פאָלקאָמען פריי, ניט בעגרענצט דורך צייט און רוים, און ניט אונטערוואָרפען קיינע געזעצען.

די פערטרעטער פון די דריי שטרעמונגען אין דער מאָדערנער ליטע־ראַטור־קריטיק גלויבען נאָך אַלץ, צוזאַמען מיט די פערשיעדענע קריטיקער פון די אַלטע צייטען, אין דער אונבעגרעניצטקייט פון דער ליטעראַטור, אין איהר אונגעהויערער קראַפט אַלס צושטערער און בויער, וועלכע ווערט ניט קאָנטראָלירט פון קיינע געזעצען. „אם אַנפאַנג וואַר דאָס וואָרט" — בלייבט ווי געווען אויך היינט דער קלאַסישער אויסדרוק פאַר דער ליטע־ראַטור־קריטיק.

פאַר די ערשטע קריטיקער איז, אין אמת'ען, אַזאַ בליק איבער דער ליטעראַטור געווען גאַנץ נאַטירליך. מענשען האָבען נאָך דאַן, בכלל, צופיעל געגלויבט אין מקרה, אין דעם צופאַל אפילו אין די נאַטור־וויסענ־שאַפטען, ווער רעדט אין דער סאָציאָלאָגיע, וואָס איז ביז גאָר ניט לאַנג אין גאַנצען געלעגען אין איהרע וויקעלעך. זוכען אַ צוזאַמענהאַנג פון פאַסי־רונגען אין דעם סאָציאַלען לעבען, איבערהויפּט בעטראַכטען דאָס סאָ־ציאַלע צוזאַמענלעבען אַלס עטוואָס אַ גאַנצעס, וואָס ווערט בעווירקט פון געוויסע אויף דעם זעלבען באָדען פון צוזאַמענלעבען ענטשטאַנענע געזעצען, פון וועלכע דעם איינצעלנעמ'ס ווילען און זיינע שעפּפונגען ווע־רען קאָנטראָלירט, רעגולירט און בעווירקט — פון דעם האָט מען נאָך אין גאַנצען ניט געוואוסט אפילו אין 18טען יאָהרהונדערט.

ערשט אין דעם 19טען יאָהרהונדערט געשעהט אַן ענדערונג. אין דער סאָציאָלאָגיע ווערען דאַן פעסטגעשטעלט די וואַרהייטען מכח דעם איינפלוס פון דער סביבה, פון דער אומגעבונג אויף דעם איינצעלנעם מענשען, און וועגען דער אָפּהענגיגקייט פון די אינסטיטוציאָנען און אַנ־דערע גייסטיגע שעפּפונגען אָן דער סאָציאַלער סביבה פון וועלכער זיי ענטשטעהען.

די געשיכטע, בעלויכטעט פון דעם נייעם שטאַנדפּונקט, האָט מעהר מיט זיך ניט פאָרגעשטעלט אַ רייהע פון צופאַלען, אַ צוואַוואָרפענע מאַסע פון פאַקטען, קאַפּריזען פון אַ שטאַרקען אָדער אַ שוואַכערען ווילען, פון אַ גרויסען אָדער אַ קלענערען צעזאַר, נאָר אַ קייט פון ערשיינונגען, וועלכע פאָלגען איינס נאָך דאָס אַנדערע, מיט לאָגישער נויטווענדיגקייט, און ווערען בעדינגט פון די עקאָנאָמישע אומשטענדען וועהרענד די לעצטע פון זייער זייט ענטוויקלען זיך לויט זייער אינערליכער געזעצמעסיגקייט. דאָס־זעלבע איז אמת מכח דער יוריספּרודענץ; זי איז ניט אַ פּראָדוקט פון דעם ווילען און קאַפּריז פון הערשער, נאָר די פרוכט פון די אומשטענדען. די ליטעראַטור־קריטיקער זיינען אָבער אַלץ געבליעבען ביים אַלטען, כאָטש אין אמת'ען איז די ליטעראַטור ניט קיין אויסנאַהמע פון די אַנדערע דעם מענשען'ס גייסטיגע שעפּפונגען.

## II

ווי ענטשטעהען די פערשיעדענע פאָרמען אין דער ליטעראַטור? עס איז געווים די סאָציאַלע סביבה, וועלכע בעשטימט די פאָרמע און דעם כאַראַקטער פון דער ליטעראַטור; אויף דעם געביעט פון קאָנקרעטע אומ־שטענדען ענטשטעהט זי און ענטוויקעלט זיך, און די פערשיעדענע ליטע־ראַטור־פאָרמען זיינען אימער אין איינקלאַנג מיט דעם אינהאַלט פון דער עפּאָכע, אין וועלכער די ליטעראַטור לעבט און ווירקט.

און כאָטש די סאָציאַלע סביבה קען דעם זשעניע ניט שאַפען, דען דער זשעניע איז דאָך פריהער פאר אַלעמען א ביאָלאָגישעס וועזען, און אַלס אַזעלכער איז זיין ערשיינען אָבהענגיג פון גאַנץ אַנדערע פּראָצעסען, אין גאַנצען פון א ביאָלאָגישען כאַראַקטער, דאָך איז אויך דער זשעניע, אויב ער איז נאָר ערשיענען אויף גאָט'ס וועלט, אין גאַנצען אָבהענגיג פון דער קאָנקרעטער סאָציאַלער סביבה, אין וועלכער ער איז געבאָרען און אין וועלכער ער שאַפט זיינע ווערק.

אויך דער זשעניע שעקספּיער, למשל, וועלכער איז מיט א ריעזען־קאָפּ העכער פון אַלע זיינע צייט־גענאָסען, איז דאָך נאָך אַלעמען שטאַרק פערוואַנדט מיט זיי. דער זעלבער טיטעל, דער זעלבער גייסט, די זעלבע כאַראַקטערען, וועלכע מיר געפינען ביי שעקספּיער'ען, געפינט מען אויך ביי זיינע צייט־גענאָסען מאַרלאָו, דזשאָנסאָן, וועבסטער, פאָרד און אַנ־דערע, ווייל אַלע זיינען זיי בעאיינפלוסט געוואָרען פון איין סביבה.

אפילו א לייכטע בעקאַנטשאַפט מיט די אויבען־דערמאָנטע דראַמאַ־טורגען ווייזט אונז, ווי די פון זיי געמאָלענע טיפּען, פּונקט ווי די טיפּען פון שעקספּיער, צייכנען זיך אויס מיט ווילדע, אונבעגרענצטע ליידענ־שאַפטען, מיט א בלוטרייכער און גראָבער שפּראַך, מיט א לוסט, וואָס ווייס ניט קיין גרענעץ, וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ פאר קיין זאַך. מחמת שעקספּיר אַזוי גוט ווי זיינע צייטגענאָסען האָבען זייער מאַטעריאַל גע־שעפּפט פון זייער סביבה. און אין יענער פעריאָדע איז דער הויף־מענש געווען גאַנץ עהנליך צום מאַסען־מענש. „זיי האָבען אַלע געהאַט דעם זעלבען חשק צו מאַכען איבונגען מיט די אברים, האָבען זיך ניט געקימערט פיר די רויהייטען פון וועטער, האָבען בענוצט דעם זעלבען אונגעהובעלטען לשון, און געהאַט די זעלבע אונפערשטעלטע תאוה."

„די דראַמע, ווי די היסטאָריע, פון יענער צייט, לאָזט אונז הערען די זעלבע שרעקליכע מורמעלייען: דער 16טער יאָהרהונדערט איז עהנליך צו א לייבען־גרוב".

דען אַלע האָבען געלעבט, געווירקט און געשאַפען אין איין צייט, און

דער איינפלוס פון דער צייט מערקט זיך ביי דעם זשעניע ווי ביי די קליינע דראַמאַטורגען.

דעם איינפלוס פון דער עפּאָכע קען מען אויך זעהן אין דער איבער־טריבענער דעקלאַמאַציע, אין די נסים פון רוחות און שדים, אין די פּלעצליכע מאָרדען און בלוט־פערגיסונגען און אונערוואַרטעטע איבער־קעהרעניסען און געשעהעניסען, מיט וועלכע די דראַמען פון די אויבען־דערמאָנטע דראַמאַטורגען פון שעקספּיער ווי פון די אַנדערע, זיינען איבערפולט.

נאָר אין דער פעאָדאַלער עפּאָכע, אויף די גרענעצען פון מיטעל־אַלטערטהום, האָבען אַזעלכע פּאַסירונגען און פאַרשטעלונגען געקענט פאָר־קומען, און אין דער עפּאָכע זיינען דאָך די דראַמען געשאַפען געוואָרען.

די ליטעראַטור איז דער פּראָדוקט פון דער צייט, און איהר מוזט אין דער ליטעראַטור ענטדעקען שפּורען פון דער צייט. צייט איז אָבער ניט מעהר ווי אַ פּוסטער קלאַנג, ווען מען רעכענט ניט די פערשיעדענהייט פון דער סאָציאַלער סביבה אין יעדער עפּאָכע. די צייט איז און בלייבט בלויז אַן אַבסטראַקטער בעגריף, מיט וועלכען מען מעסט די מענשליכע טהעטיגקייט. זי אַליין נעהמט ניט אַרונטער און ביישטייערט צו קיין זאַך גאָר ניט. דער עיקר איז, אַלזאָ, די קאָנקרעטע, עקאָנאָמיש־סאָציאַלע סביבה פון יעדער עפּאָכע.

אונטער דעם פעאָדאַלען סיסטעם דאָן, ווען דער קעניג מיט זיינע האָפלייטע האָבען געשפּיעלט די גרויסע ראָלע און זיינען געווען די טאָן־געבער פון יענער עפּאָכע, איז די ליטעראַטור ענג פערבונדען מיט דעם קעניגליכען הויף, איז זי די אָפּשפּיעגלונג פון יענעם לעבען, און וואַקסט אויס ביי דעם ליכט פון יענע צאַרטע בונטע שטראַהלען, וואָס האָבען בעלויכטען נאָר אַרום, און האָבען דעם גרויסען שטח געלאָזט אין דונ־קעלהייט געהילט.

די פראַנצויזישע דראַמא ליפערט אונז אַ ביישפּיעל. מען האָט בעדאַרפט האָבען אַ הויף, ווי דעם פון לואי דעם 14טען, מיט זיין גאַנצען גלאַנץ און פּראַכט, מיט זיינע שעהנע מעבלען און ציערונגען, לוקסוס און פערגעניגען, מיט די פייער־פעסטען, מיט די שעהנע גע'פּנק'עוועטע און צאַרטע פרויען, מיט די אויסגערוהטע, געשולטע און עלעגאַנטע מענער, בכדי עס זאָל זיך אויסבילדען דער אַרט שפּראַך, די עדעלע בענעהמונגען, און די אַריסטאָקראַטישע מאַניערען, מיט וועלכע די דראַמא פון יענער עפּאָכע איז פול.

דער הויף איז געווען דער פּראָדוקט פון דער פעאָדאַלישער סיסטעם. עס איז געווען די סיסטעם, וואָס האָט דאָס הויף אויפגעהאַלטען און איהם

נעגעבען דעם גרויסען געזעלשאַפטליכען איינפלוס אין דעם פּראָנצויזישען לעבען. מיט דעם פערשווינדען פון דער סיסטעם איז אויך פערשוואונדען דער הויף, און מיט איהם אויך דער סאָרט דראַמע.

מיט דעם אָנקומען פון דער אינדוסטריעלער עפּאָכע, וואו דער אופן פון דער פּראָדוקציאָן איז געוואָרען געזעלשאַפטליך און צום פּראָנט האָבען זיך ארויסגערוקט פראַגען, ניט דוקא וואָס ריהרען אָן דעם איינצעלנעם אין זיין פּריוואַט־לעבען, נאָר פראַגען וואָס זיינען נוגע דעם כלל, וואָס זיינען אויסגעוואַקסען אויף דעם באָדען פון די געמיינשאַפטליכע אינטערעסען, און וועלכע קענען בלויז געמיינשאַפטליך געלעזט ווערען — איז אויך גע־בוירען געוואָרען דער סאָציאַלער ראָמאַן און די סאָציאַלע דראַמא.

דער סאָרט ראָמאַן בעשעפטיגט זיך ניט דוקא בלויז מיט די האָפ־נונגען, ענטשוישונגען, ליידען און פריידען פון דעם איינצעלנעם, קורץ, מיט דער פּראָבלעמע פון יחיד, וועלכע איז אויסגעוואַקסען צוליעב אייניגע אונפעהיגקייט, אָדער שלעכטען מזל, נאָר מיט דער פּראָבלעמע, וועלכע, ווען אפילו זי שטעהט פאר א יחיד איז זי אָבער א קינד פון דער אָרדנונג, און ער, דער יחיד, איז בלויז א קרבן פון די אומשטענדען, אין דעם שאַפען פון וועלכע ער האָט בלויז אַן אונבעדייטענדען חלק.

אזעלכע ראָמאַנען האָבען ניט געקענט ענטשטעהן אין דער צייט, ווען דער יחיד האָט געהאַט מעהר דעה פאר זיך, געשאַפען, געלעבט פאר זיך, גענומען זיין מזל אין זיינע אייגענע הענד, און ניט געווען ווי היינט בלויז א שרייפעל אין א גרויסער ריעזען־מאַשין. מיט דעם אָנקומען פון דעם אינדוסטריאַליזם, האָט אויך געמוזט געבוירען ווערען — מעג דאָס אויך קלינגען פּאַראַדאָקסאַל — דער סימבאָליזם און די אינדיווידואַליסטישע דראַמא, וועלכע איבסען פערטרעט.

קיינמאָל נאָך האָט דער אינדיווידואַליסט ניט געפיהלט די אויבער־האַנד פון רבים, פון דער „קאָמפּאַקטער מאַיאָריטעט“, ווי ער פיהלט דאָס היינט, און דער קרעכץ פון דעם אינדיווידואַליסט געגען דעם יאָך פון דער מאַיאָריטעט, זיין הילפלאָזער פּראָטעסט און נוצלאָזע ענטריסטונג האָט געפונען זיין אויסדרוק אין דער אויבען־דערמאָנטער איבסענ׳שער דראַמא.

אויך דער סימבאָליזם איז גראַדע געבוירען אינאיינעם מיט דער ריינער פּראָזא אוןביידע זיינען זיי פּראָדוקטען פון איין צייט, דען ווע־רענד די פּראָזע איז געווען אַזוי נויטיג פאר די ברייטע מאַסען און פאר זייער עקזאַקטען און טעגליכען אַרט רעדען, איז דער סימבאָליזם געוואָרען נויטיג פאר די צוקענדע גייסטער, וועלכע קענען זיך מיט דער פּראָזע ניט בעגוגענען.

**אין די פריהערדיגע עפּאָכען איז דער סימבאָליזם ניט געווען נויטיג.**

דער ראָמאַן האָט דאַן איבערגעשוואומען פון ענטהוזיאַזם און עקסטאַז. סודות, דונקעלע פאַרשטעלונגען האָבען אין איהם אויך ניט געפעהלט, און פאַר די מייסטע מענשען פון יענער צייט, וועמעס מחות עס זיינען געווען איבערפולט פון מיסטעריעזע רעיונות, וועמעס זעעלען עס זיינען געווען איבערוועלטיגט פון אַן אונבעשטימטער בענקענים, האָט יענע פאָרמע פון ראָמאַן אַם בעסטען געפּאַסט.

היינט אָבער ווען דער ראָמאַן האָט זיך געמוזט ארונטערלאָזען פון הימעל אויף דער ערד, בכדי צו בעפריעדיגען די קריטישע וועלט, האָט, פון דער אַנדערער זייט, געמוזט געבוירען ווערען דער סימבאָליזם, אום צו בעפריעדיגען די וועניגע איינציגע, די זוכענדע גייסטער, וועלכע בלאָנ־דזשען ארום אויף דער וועלט און שטרעבען צו „תקון העולם במלכות שדי“.

ניט אומזיסט שרייען די סימבאָליסטען בקול אחד, אַז זיי שרייבען ניט פאַר דער מאַסע. אין אמת׳ען נעהמט די ברייטע מאַסע, וועלכער עס איז קוים געלונגען זיך צו בעפרייען פון דעם איינפלוס פון מיסטעריען, נאָר ניט גערן אויף דעם סימבאָליזם.

דאָך איז צו פריה צו זאָגען, וואָס עס קען אונז ברענגען די וייטערע ענטוויקלונג. אין רוהיגע צייטען, מעג זיין, וועט די פּראַקטיק פון לעבען נעגנוג זיין פאַר דער בעפריעדיגונג פון דעם פּראַקטישען שכל, און די גע־זעלשאַפט וועט מענליך זוכען אין דעם סימבאָליזם אַן אָפּרוה פאַר איהר מיעדען אינטעלעקט, פּרובירען מיט דעם שטילען איהר דורשט נאָך סודות, און רמזים, מכח דעם פריהסטען „פריהער“ און דעם שפּעטסטען „שפּע־טער“, איבער די פראַגען, וועלכע זיינען איינגעהילט אין אַ שלייער און פאַר וועלכע דער מענש שטעהט אונבעהאָלפען און פערווירט.

דער סימבאָליזם וועט, פערשטעהט זיך, אויך דאַן ניט אויפהערען זיין אַ קינד פון זיין צייט.

נאָר וועגען דעם אַן אַנדערס מאָל.

## III

פון דעם אַלעמען, וואָס מיר האָבען געזאָגט ביז אהער, איז קלאָר, אַז אַנשטאָט דעם צו פרעגען: „צי זאָל די ליטעראַטור זיין טענדענציעז אָדער ניט?“ דאַרף מען ענדערען דעם נוסח און פרעגען: „ווען איז די ליטערטור טענדענציעז און ווען ליטעראַטור פאַר ליטעראַטור?“

אָבער אויך אויף דער פראַגע גיט אונז די ליטעראַטור־געשיכטע אַ גענינענדען און קלאָרען ענטפער: אין רוהיגע צייטען, ווען מענשען זיינען צופריעדען מיט דעם אַלטען סדר, איז די ליטעראַטור סטאַטיש, ד. ה. טענדענצלאָז. זי ווערט אָבער דינאַמיש און טענדענציעז אין רעוואָ־

לוציאָנערע עפּאָכען, דאַן ווען די אונצופריעדענהייט מיט די אומשטענדען ווי זיי זיינען איז שטארק און אויף דעם פּלאַץ פון אַלטען וויל מען איינ־פיהרען נייעס.

אין צייט פון רעוואָלוציאָן ווערען אויך די שרייבער, וועלכע שטעהען פאר די גרויסע ענדערונגען אין דער געזעלשאפט און זעהען ווי עס שטייגען די כוואַליעס פון אונצופרידענהייט, בעזעעלט פון די אידעען פון דער רעוואָלוציאָן, און ווילענדיג ניט ווילענדיג ברענגען זיי די אידעען אַריין אין דעם שרייבען, אין דער ליטעראטור; יעדע שורה איז דאַן א ביטערער שפּאָס אויף דער אַלטער אָרדנונג, יעדעס וואָרט א פערגיפטעטער פייל אין האַרץ פון דעם פערפוילטען רעזשים.

פאר די אויגען פון דעם דיכטער, אין זיין רייכער פאנטאזיע, מאָלען זיך שוין בילדער פון דעם נייעם לעבען. ער פיהלט שוין די פריהלינגס־ווינטעלעך, דאָס אָנקומען פון דעם רענעסאַנס. ער זעהט די מחנות שוין געגרייט אויפצונעהמען דעם שטרייט און ער הערט שוין די שטימען פון נצחון אין דעם קומענדען קאַמפּף. דער דיכטער איז אין עקסטאַז, זיין ברוסט שטורעמט מיט האָפנונג, זיין דמיון וועבט איהם זילבערנע חלומות, און עס דריקט זיך ביי איהם זיין פויסט צוזאַמען געגען זיין איינציגען שונא, בעת די אַנדערע עפענט זיך ברייט און פריינדליך מוכן ומזומן צו בעגעגענען דעם טריאומפירענדען פריינד.

פול פון די געדאַנקען, כמעט א מיטגליעד פון אַן אַנדערער געזעל־שאפט, נעהמט זיך דער דיכטער, דער שרייבער פאר זיין פעדער, און זי, אין איינקלאַנג מיט זיינע געדאַנקען און געפיהלען, שטראָמט אָט גאַל געגען דעם שונא, טריפט אָט האָניג פאר דעם פריינד, אָדער ביידע צו־זאמען.

אפילו די שרייבער, וועלכע שטעהען פאר דער אַלטער אָרדנונג, ווערען אויך מיטגעריסען מיט דעם שטראָם פון דער צייט און זיי קענען זיך ניט אין דער עת סכנה בענוגענען בלויז מיט שרייבען אונשולדיגע ראָמאַנען אָדער סטאַטישע בילדלעך פון דעם געגענווערטיגען לעבען. ניין, אויך זיי ווערען טענדענציעז, ווען זיי קענען ניט זיין אגרעסיוו, זיינען זיי אפּאָלעגעטיש...

דערפיהלענדיג די גאַנצע שוואַכקייט פון זייער פּאָזיציע, ברענגען זיי אַרויס דעם גאַנצען געוועהר פון זייער אַרסענאַל, בכדי זיך צו פער־טהיידיגען. די ערשטע וואפע זייערע איז צו מאָלען, ווי ווייט מעגליך, דאָס געגענווערטיגע לעבען אין שעהנע פאַרבען, און זיי שרייבען דאַן, ווי מען זאָגט, מיט א גאָלדענער פעדער, זיי בעגילדען און בעפּוצען דעם אָפּגעשטאַנענעם סדר. פון דער אַנדערער זייט פּרובירען זיי אַנוואַרפען

אַ מורא בנוגע דער צוקונפטיגער אָרדנונג מיט זייער מאָלען בילדער איינגעטונקטע אין שווארצען, שטאָק-פינסטער. דאָס דארפען, הייסט דאָס, זיין די בילדער פון דער צוקונפט, אויב דאָס וואָס די רעפאָרמער זאָגען וועט חלילה מקוים ווערען.

מיט איינעם וואָרט, אין דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, ווען אַ קאַמפף ווערט געפיהרט צווישען די אַנהענגער פון דעם אַלטען סדר און די פאָרקעמפּפער פון דער נייער אויפגעהענדער אָרדנונג, דאַן איז די ליטעראַטור ניט דוקא רעוואָלוציאָנער, נאָר דורכאויס טענדענציעז.

אַנדערש איז דאָס אין רוהיגע צייטען. דאַן זיינען די שרייבער צו־פריעדען מיט דעם אָנגעהענדען אָרט לעבען. זיי זיינען רוהיג, און דעם שרייבער־אָפּטימיסט מאָלט זיך דאָס לעבען ווי אַ רוהיגער, ברייטער טייך אין אַ שעהנעם זומער־טאָג, וועלכען די זון בעשפּרענקעלט מיט איהרע גאָלדענע שטראַהלען, וואָס טובל'ען זיך לוסטיג אין די וואַלען, וועהרענד פאַר דעם שרייבער מעלאַנכאָליקער מאָלט זיך דאָס לעבען אַלס רוהיגער טייך, אין אַ רוהיגע לבנה־נאַכט, וועלכע האַלב איינגעהילט אין דונקעלייט שפּרייט זיך רוהיג אויס, בעגאָסען מיט זילבער, די שטערען פינקלען און שוועבען איבער איהם מיט כונה און גלענצען סודות'דיג מיט די אייגעלעך און — די ליטעראַטור איז דאַן אַלענפאַלס סטאַטיש, ניט טענדענציעז.

פיעלע ביישפּיעלע פון דער ליטעראַטור־געשיכטע בעשטעטיגען אונ־זער בעהויפּטונג.

אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן איז, כידוע, די ליטעראַטור געווען טענדענציעז. וואָלטער, באָמארשיי, לעסאַזש און אַלע אַנדערע זיינען געווען טענדענציעז.

אמת, ניט וואָלטער האָט בעשאַפען די רעוואָלוציאָן, ווי דאָס ווערטעל געהט, די רעוואָלוציאָן האָט אָבער דאָך מיט וואָלטער'ען פיעל צו טהאָן. דעם אָנשטויס צו דעם אָרט שרייבען האָט איהם געוויס געגעבען די רעוואָלוציאָן.

אויך מיט דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור איז געשעהן דאָס זעלבע. אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן זיינען די מייסטע שריפטען געווען רעוואָלוציאָנער, ראַדיקאַל און טענדענציעז. פרענאָ מיט זיינע סאַטירעס און פּאַטריאָטישע רעפּובליקאַנישע ליעדער, טראַמבאַל, באַרלאָו און אַנ־דערע — אַלע זיינען געווען טענדענציעז. די דראַמאַ פון יענער צייט איז געווען אַ טענדענציעזע.

נאָך דער רעוואָלוציאָן, ווען דאָס לעבען איז צוריק אריין אין זיין ראָליע, די מענשען זיינען געוואָרען רוהיג, אין לאַנד האָט געהערשט גליק

און צופריעדענהייט, דאן זיינען אויפגעשטאַנען די לאַנגפעללאָום און אירווינגס און דאָס לעבען ווערט געמאָלען שעהן און רוהיג. איהר פיהלט די רוהיגע, גליקליכע, ארומיגע סביבה; איהר הערט, דוכט זיך, דעם קירכען־גלאָק אין דעם דערפעל אויסקלינגענדיג אין דער שטילער סביבה זיין זיסען אַנגענעהמען „דין דין“.

שטיל און רוהיג, די בילדער בייטען זיך: אָן קליינע דערפלעך, וואו דאָס דאָרפישע לעבען פליסט אַזוי בנעימות, צוואוואָרפען אין דעם שאָטען פון שטילע וועלדער, די בוימער פון וועלכע שאָקלען זיך סודות׳דיג און מיט כונה, פערטיעפט אין גליקליכע חלומות. אָט זעהט איהר שעהנע פעלדער מיט גרינע־געלע הויכע זאַנגען. די זאַנגען שאָקלען זיך, וויעגען זיך פון דעם צערטלען פון ווינד, און צווישען די זאַנגען דער בויער מיט דעם „שמייכעל, וואָס געהט קיינמאָל ניט אַרונטער“, מיט זיין רוהיגען פּנים, מיט רוהיגע אויגען; אָן איז אַ טייך, וועלכער פלאַפּעלט ווי אַ קינד און פליסט רוהיג אין די שאָטענס פון די הויכע בוימער, און איבער דעם אַלעמען הימלען שעהנע, קלאָרע, ווייס ווי דער שנעע און בלוי ווי דער ים, און אָט בין השמשות און דאַן און די הימלען זיינען געפּארבט אין אָראנזש, אין גאָלד און אין פּורפּור, אַ שלל מיט פארבען, קאָלירען, און באַלד אַ ליעבע פּאָרעל פעראייניגט דורך אַ זיסען קוש, ערגעץ־וואו אין אַן אַלעע, בעת די לבנה פון אויבען קוקט אַזוי ווייך און מילד, אַזוי פּאָעטיש און גראַציעז, געהיימניספּול און ליעב.

דאָס איז אונגעפעהר דער קווינט־עסענץ פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור.

אפילו דער טיעפער עמערסאָן איז אָפּטימיסטיש און רוהיג. אויך דאָרט פיהלט איהר דעם הויך פון ווינטעל, וואָס קומט פון שטילע וועלדער.

קיין היים בלוט, קיינע נערוועז־צוטרייסלענדע פאָרשטעלונגען, קיינע אָטהעם־פערכאַפּענדע שטרעבונגען, קיינע וויט־לויפענדע אַספּיראַציאָנען, קיין זוכעניש נאָך אונבעקאַנטע וועלטען. די רוהיגקייט, דער טיעפער גלויבען אין דער ריכטיגקייט פון דעם שעפּפער און זיין שעפּפונג, דאָס שטעלט מיט זיך פאָר עמערסאָן. עמערסאָן איז סטאַטיש, ברעננט רוהע און פיעל געגנוס דער צופריעדענער מענשהייט.

אויך וואלט וויטמאַן, כאָטש רעוואָלוציאָנער, צייכענט זיך אויס מיט אַ מאָדנער רוהיגקייט, און רוהיג זיינען זיינע די מייסטע ליעדלאָך און ליעדער.

די רוסישע ליטעראַטור איז ביז איצט געווען היים־רעוואָלוציאָנער און טענדענציעז און איז נאָך אַזוי געוויסערמאַסען איצט אויך. אין רוסלאַנד האָט געהערשט אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע האט נאָך עד היום ניט

אויפגעהערט, אַ קאַמפּף צווישען דעם אַלטען און דעם נייעם סדר, און די ליטעראַטור איז געווען מערקווירדיג טענדענציעז. די רוסישע ליטעראַטור איז כמעט תמיד געווען טענדענציעז, ווייל פון אָנהויב פון איהר ענטוויקלונג פאַנגט זיך אָן די רעוואָלוציאָנערע עפּאָכע.

דאָס בלוט איז תמיד דאָרט געווען אין אַ קאָכיגען, זודיגען צושטאַנד, די נערווען געשפּאַנט, די פויסט צוזאַמענגעדריקט, דאָס אויג פערקלעהרט און פער׳חלום׳ט אָדער פערטרעהרט און פערוואָלקענט, דער געדאַנקען צוטראָגען, די פאַנטאַזיע צוהיצט און אויפגערעגט, און דאָס האַרץ אַ „בית קבול" פאַר פערשיעדענע געפיהלען, גרענצלאָזע האָפנונג און ביטערע ענטוישונג, פינסטערער יאוש, און שטראַהלענדער גלויבען — ניט אומזיסט איז דאָרט די ליטעראַטור טענדענציעז.

אין די לעצטע צייטען, ווען די רעוואָלוציאָן האָט דערגרייכט איהר „קולמינאַציאָנס פּונקט", ווען אַלעס ארום איז געווען אין שפּאַנענדער אויפרעגונג, ווען דעם לעבען׳ס קאָלירען האָבען זיך געמישט און געביטען, פון העל רויט צו טיעף־שוואַרץ און פערקעהרט, ווען די יובעל־שאַלען און פערצווייפלונגס־געשרייען, די רעבעלירענדע מאַרסעליעזע און די מאָנאַרכיסטישע הימנע האָבען זיך צוזאַמענגעשמאָלצען, ווען די פינסטערניש פון אָבגרונד, די שרעקען פון גהינום און דער רויטער גלעכטער פון שדים האָבען זיך אריינגעשפּאַרט אין דער ריינער זויבערער ליכטיגקייט, צוזאַמענגעגאָסען זיך מיט די הייליגע ערוואַרטונגען, מיט דעם נאַאיווען קינדיש־אונשולדיגען שמייכעל פון די גלויבענספולע — דאַן איז אין דער ליטעראַטור געהערט געוואָרען דער כאַאָס פון שטימען, דער כאַאָס פון שטרעבונגען, און אַלעס איז דאַן געפאַרבט געוואָרען אין אַ בעשטימטען קאָליר. דאָס וואָרט איז געוואָרען קרעפטיג, ווילד און צאָרניג; דאָס קול הילכיג, ברומענד און הימעל־שפּאַלטענד.

די שריפטען פון יענער צייט זיינען טענדענציעז און דינאַמיש. די רעוואָלוציאָן האָט איבער דער וויעג פון די שריפטשטעלער פון דער עפּאָכע די ערשטע ליעד געזונגען; אין די כוואַליעס פון דער ברויזענדער רעוואָלוציאָן האָבען זיי זיך ערצויגען און ווי ווילדע פויגלען פערשטעהען זיי נאָר די ליעד פון פרייהייט.

אין אונזער אייגענער וועלטעל, אין דער השכלה־פּעריאָדע, באַלד נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, ווען די ווענד פון די גהעטאָס זיינען אַרונטערגעריסען געוואָרען, און אין דעם אידישען לעבען איז פאָרגעקומען אַן אומענדערונג, אַ קאַמפּף צווישען ליכט און פינסטערניש, האָט די ליטעראַטור געאָטהעמט מיט גיפט, אונצופריעדענהייט און ביטערקייט נעגען דעם אַלטען איינפיהר, און צו דער זעלבער צייט האָבען די השכלה־

שרייבער ניט אויפגעהערט מאָלען שעהנע בילדער פון דער נאָהענטער צוקונפט, ווען דער אידעאַל פון דער „השכלה בת השמים“ וועט פערווירק־ליכט ווערען.

זיינען געקומען די פּאָגראָמען אין די אַכציגער יאָהרען און האָבען געמאַכט אַן ענדע צו די זיסע חלומות.

די ליטעראַטור איז צוריק געוואָרען סטאַטיש. מען האָט אָנגע־הויבען מאָלען בילדער נאַטור־טריי פון דעם אַלטען לעבען, מען האָט בשתיקה שלום געמאַכט מיט דעם אַלטען סדר און אין דער ליטעראַטור איז געוואָרען רוהיג.

אמת, אין דער ערשטער צייט האָט זיך פיעל געהערט דער זיפץ אויף דעם אידישען שמערץ, און אַרויסגעשיינט האָט אויך די האָפנונג אויף אַ בעסער צייט. אויף אַזוי ווייט איז די ליטעראַטור ווייטער געווען דינאַמיש. דאָס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטען.

אַלע מאָל וואָס מעהר זיינען גרעסער געוואָרען די אידישע צרות, און די האָפנונג אויף אַ באַלדיגער ישועה איז פערשוואונדען, די אידישע וועלט איז געוואָרען אָפּהענטיג, האָט פערלאָרען די האָפנונג און דעם גלויבען אויף בעסערע צייטען, און די שרייבער, וועלכע, שטעהענדיג פּנים אל פּנים מיט זיין גרויסער טראַגעדיע, האָבען דעם פאָלק ניט געהאַט וואָס צו זאָגען, זיינען געוואָרען מיסטעריעז, זיך פערוואַנדעלט אין סימ־באָליקער און דעקאַדענטען, און רעדען בסודי־סודות, קיין קרעפטיגער אויסדרוק, קיין שטאַרק וואָרט, קיין קאַמפּפס־רוף, קיין ערמוטהיגונג.

און די אידישע שרייבער, וועלכע זיינען ניט קיין סימבאָליקער, מאָלען די אידישע גאַס געטריי, אָהן פּניות, „קונסט לשם קונסט“.

אין רוסלאַנד, אין דעם לאַנד, וואו ראשו ורבו פון אידישען פאָלק וואָהנט, איז אפילו פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציאָן, די יסודות פון דעם גאַנ־צען געזעלשאַפטליכען לעבען זיינען צוטרייסעלט געוואָרען, די רעוואָלו־ציאָן איז דאָך נאָך אַלעמען פארבייגעגאַנגען דעם אידישען לעבען: אידען האָבען זיך, אמת, בעטהייליגט, און אַ געוויסער פּראָצענט דערצו, אין די געשעהענישען, דאָך האָט די רעוואָלוציאָן פאַר דעם אידען ניט געעפענט קיין ברייטע האָריזאָנטען, איהם ניט צוגעזאָגט קיין גרויסע ישועות.

פערשטעקט אין די גהעטאָס, האָט די רעוואָלוציאָן אין די ברייטע מאַסען ניט געקענט אַריינזעצען דעם גלויבען, אַז מיט איהר ערפאָלג וועט זיי אין גאַנצען גוט ווערען, און ווען אפילו עס פלעגט זיך איינגעבען דעם שטראָם פון דער רעוואָלוציאָן אַ הויב צו טהאָן די אמונה פון די אידישע מאַסען אין איהר כח, האָט עס לאַנג ניט געדויערט.

אומזיסט וועט איהר דערפאַר זוכען אין דער אידישער ליטעראַטור

קאַמפּפס־מעלאָדיען, רייצענדע בילדער פון אַ גליקליכער געזעלשאַפט, — דער מין פעהלט אין גאַנצען.

און וועהרענד גאָרקי האָט געשטורעמט ווי אַ לייב, האָט אַש גע־ווארקעט ווי אַ טייבעלע, און אין דער זעלבער צייט וואָס טאָלסטאָי האָט גערעדט קלאָרע, ביטערע ווערטער, האָט פּרץ מרמז געווען, ודי לחכימא; און בשעת די רוסישע ליטעראטור האָט פערנומען זיך מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען, גע'דרשנ'ט יעדער ערשיינונג לכף חוב אָדער לכף זכות, מיט בעוואוסטזיין, ביד רמה, ווי עס האָט געפּאַסט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע, איז די אידישע ליטעראטור געווען איינגעהילט אין האַלב דונקעל־הייט, און יעדער איינער פון די שרייבער האָט זיך בעשעפטיגט מיט זיך, מיט זיין אייגענעם שמערץ, מיט זיין אייגען וועלטעל, ווי קיין רעוואָלוציאָן וואָלט גאָר ניט עקזיסטירט.

יושקעוויטש און אייזמאַן, וועלכע האָבען געזעהן רעוואָלוציאָנערע חלומות, האָבען געשריעבען ניט אין אידיש. ביי די רוסישע לעזער רופען זייערע ווערק אַרויס, זאָגט מען, התפּעלות; די רוסען גלויבען און טראַכטען, אַז וויבאַלד עס געהט פאַר אַ רעוואָלוציאָן, מוז דאָך טאַקע זיין אַזוי ווי די ערדרען שרייבען, די אידישע לעזער אָבער, וועלכע זיינען בעקאַנט מיט דעם אידישען לעבען, ציהען מיט די אַקסלען, וועהרענד די ליפּען מורמלען: איהר זייט ניט אונזערע, און אייערע חלומות זיינען ניט אונזערע.

די אידישע ליטעראטור, כאָטש געבוירען אין דעמזעלבען לאַנד ווי די רוסישע ליטעראטור, איז דאָך אויסגעוואַקסען אין אַן אַנדערער סאָ־ציאַלער סביבה, און דעריבער דער אונטערשיעד אין געשטאַלט.

די אידישע ליטעראטור איז געווען סטאַטיש, כאָטש איהר שוועס־טער־ליטעראטור, די רוסישע, איז געווען דינאַמיש, וואָרים אינו דומה דאָס רוסישע לעבען צום אידישען.



# די אידישע דראמא

(צו דער ערעפנונג פון אידישען טהעאַטער־סעזאָן פון יאָהר 1911)

## א.

א גאנצער היכל איז אויפגעשטעלט געוואָרען אויף דער בעהויפטונג, אז אידען זיינען ניט פעהיג צו שאַפען אויף דעם געביעט פון דראמא.

די חסרונות־זוכער האָבען פון דעם כלומר׳שטדיגען פאקט, אז עס פעהלט די דראַמא ביי אידען, געצויגען מאָדנע שליעסען: דאָס אידישע פאָלק האָט ניט געשאַפען קיין דראמא, דען עס פעהלען איהם די דראמאַ־טישע עלעמענטען, די ערנסטע איבערלעבונגען, די פעהיגקייטען טיעף אריינצודרינגען אין דעם קרעפטען־שפּיעל פון וועלטאל; דאָס האָבען נאָר פערמאָגט איינציג און אליין די גריכען.

די פערטהיידיגער האָבען שיער ניט ערקלעהרט דאָס פעהלען פון דער דראמא פאר א טוגענד.

דער אמת איז אָבער, אז די בעהויפטונג, דאָס ביי אידען האָט גע־פעהלט די דראַמא, נויטיגט זיך אין א קליינער הגהה.

דעם אידישען פאָלק האָט די דראמא ניט געפעהלט. דאָס אידישע פאָלק איז אויך אויף דעם געביעט געווען שעפּפעריש. עס האָט אלגע־פאלם געהאט אין זיך די נויטיגע עלעמענטען. דאָס ספר איוב, די גרויסע דראמא, וואָס האָט אפשר ניט איהר גלייכען אין דער געשיכטע פון דער וועלט־ליטעראטור, איז דער בעסטער בעוויז דאפיר, אז דער אידישער זשעניע איז געווען שעפּפעריש אויך אויף דעם פעלד.

אמת, דאָס אידישע פאָלק האָט די דראמאַ בעררייכערט בלויז מיט איין ספר, ווערהענד די גריכען האָבען נאָך זיך געלאָזט פיעלע דראמען און טראַגעדיען. דאַרף דאָך ערשטענס קלאָר זיין, אז ווען עס האַנדעלט זיך אום פעסטצושטעלען אויב א פאָלק פערמאָגט א געוויסע פעהיגקייט אָדער ניט, שפּיעלט דאָן די צאָהל קיין דאָלע ניט, נאָר די קוואַליטעט איז די הויפּט־זאַך.

און עס קען קיין צווייפעל ניט זיין, אז דאָס פאָלק, וואָס האָט גע־קענט שאַפען אזא געטליכע דראמא ווי איוב, און ווי מיט שווארץ פייער אויף ווייס פייער אויסמאָלען יענע טראַגישע געשטאַלט, מיט איהר צוויי־

פעל און זובעניש, מיט איהרע פּראָטעסטען געגען דער אונגערעכטיגקייט פון דער וועלט־אָרדנונג, מיט איהר ענדליכער טרויעריגער אַנערקענונג, אַז ניט דער מענש האָט דאָס רעכט צו אורטהיילען איבער זיינע פיהרונגען; די דראַמאַ, וואָס טראָגט דעם געביעטענעם געשמאַק פון די דורות, בלייבט איהר גלאָריע ניט בעריהרט און זי שיינט מיט טויזענדער קאָלירען — אַז אַזאַ פאָלק קען דראַמאַ שאַפען.

און צווייטענס איז שווער צו זאָגען איוב איוב איז ווירקליך די איינ־ציגע דראַמאַ, וואָס דאָס פאָלק האָט אין יענער שעהנער פערגאַנגענהייט געשאַפען. איוב איז די איינציגע דראַמאַ וואָס איז געבליבען. ווער ווייס אָבער וויפיעל דראַמען עס זיינען מיט אַ כיון בעהאַלטען געוואָרען, — דן געוואָרען לגניזה, — נאָר דערפאַר, וואָס דער אינהאַלט איז ניט געווען נאָך דעם פרומען גייסט פון די פּרושים...

און אַז דאָס אידישע זשעניע איז שעפּפעריש אויך אויף דעם גע־ביעט האָבען בעוויעזען די שפּעטערדיגע דורות. אין דער גאַנצער צייט פון מיטעלאַלטער זיינען די איינציגע, וואָס האָבען פּאַרטגעזעצט די דראַ־מאַטישע שעפּפונג געווען די גלחים. דער אינהאַלט פון דער דראַמאַ איז געווען אַ ריין רעליגיעזער. דאָס וואָלט ניט געווען קיין אונגליק, ווען דאָס וואָלט געווען עכטע רעליגיאָן, דאָס רעליגיעזע געפיהל, וואָס לעבט אין דער מענשליכער ברוסט אַלס רעזולטאַט פון דער ענטציקונג און ער־שטוינונג פאַר דעם וועלטאַל און דער אונענדליכקייט, פערקערפּערט אין אַ הייליגער שפּראַך, און ניט די טרוקענע דאָגמאַ איינגעמאַרעניערט אין פרומען לשון. אפילו אין יענער פינסטערער צייט האָבען די אידען געשאַ־פען דראַמאַס מיט אַ מענשליכען אינהאַלט, און האָבען געהאָלפען וועקען דעם אינטערעס פון גרויסען המון פאַר לעבענס־פּראָבלעמען.

די השערה, אַז שעקספּיער, דער גרעסטער דראַמאַטורג־דיכטער, וואָס די וועלט פערמאָגט, דער ריעזיגער שעפּפערישער גייסט, דער איבער־מענש, שטאַמט פון אידען איז נאָך ניט גענוג פעסטגעשטעלט געוואָרען. די קלאַנגען וועגען דעם הערען זיך אָבער עפּטער און עפּטער. אין דער לעצטער צייט זאָל מען זאָגאַר האָבען געפונען אַ ביאָגראַפיע געשריעבען פון שעקספּיער אַליין, אין וועלכער ער בעריהמט זיך מיט זיין אידישער אָבשטאַמונג און אין וועלכער ער ערקלעהרט, אַז זיין זיידע איז געווען אַ האָלענדישער איד. ווי ווייט די ביאָגראַפיע איז אַ ריכטיגע איז שווער צו זאָגען. די קלאַנגען אַליין אָבער קאָכען אויף דאָס בלוט פון יעדען אידען, וואָס פערטיעפט זיך אין דעם מהות פון זיין פאָלק. איז דאָס מעגליך, אַז דער גרעסטער דיכטער אין דער וועלט, דער ליטעראַרישער

גיגאַנט, איז אַ איד? עפּעס אַן אונבעשטימטער געפיהל זאָגט אונטער, אַז עס איז מעגליך.

צי זיין אידישע אָבשטאַמונג איז אַ פאַקט אָדער בלויז אַ השערה, איין זאַך איז אָבער געוויס זיכער, אַז זעהר גרויס איז געווען דער איינפלוס פון דער ביבעל אויף שעקספּיער. איהר מערקט יענעם גרויסען איינפלוס אויף יעדען שריט. דאָס דראַמאַטישע, דאָס קאָכענדע, די אונרוהע, דאָס רויטע, וואָס שטראָמט אין זיינע שורות, איז אונטער דער השפּעה פון דער ביבעל געשעהן און איז אויף איהר עהנליך.

אין דער העברעאישער ליטעראַטור געפינען זיך ניט קיין פיעל דראַמען, דאָך האָט די נייע עפּאָכע נאָך די ימי־הבנים, זיך אָנגעהויבען מיט די דראַמען פון לוצאַטו. די דראַמען זיינען פון אַ הויכען ליטעראַרישען ווערטה, און ווער ווייסט, וואָס ער וואָלט אונז אויף דעם געביעט געגעבען, ווען ער וואָלט ניט געוואָרען נאַכהער קיין מיסטיקער. מען מוז אָבער מודה זיין, אַז די דראַמאַ איז זעהר שוואַך פערטראָטען אין דער נייער העברעאישער ליטעראַטור. עס זיינען געמאַכט געוואָרען איינינע נסיונות, אָבער אַלץ ניט פון קיין גרויסען ווערטה.

ב.

די געשיכטע פון דער דראַמאַ אין דער אידישער שפּראַך איז שוין אַ ציעמליך אַלטע, אויב מען זאָל רעכנען די פערשיעדענע פּורים־שפּיעלען, וועלכע זיינען אויפגעפיהרט געוואָרען נאָך מיט איינינע הונדערט יאָהר צוריק. עס איז אָבער פון דער אַלטער צייט ניט געבליעבען אפילו איין שוישפּיעל, וואָס זאָל האָבען אַ בעדייטענדען ליטעראַרישען ווערטה. אגב זיינען די שטיק ניט געשריעבען געוואָרען פון ליטעראַטען מיט אַ נאָמען, נאָר פון פאָלקס־מענשען, פון די אַמאַטיורען־אַקטיאָרען.

אין דער נייער צייט הויבט זיך דאָס טהעאַטער אָן מיט אברהם גאָלדפאַדען און ערדייכט איהר העכסטע שטופּע אין גאָרדין.ביידע האָבען אָבער ניט געשאַפען עטוואָס פון אַזאַ גרויס, מיט וועלכען דאָס אַלטע ליטעראַטור־פאָלק זאָל זיך קענען ריהמען.

מיט רעכט האָט מען גערעכענט, אַז מיט די צוויי איז געלעגט געוואָרען דער גרונד־שטיין, און אַז די גרויסע שעפּפונגען אויף דיעזען געביעט וועלען ערשט קומען. די האָפנונג איז אָבער ביז איצט אַפילו ניט במקצת פערווירקליכט געוואָרען; פערקעהרט, אויף דעם געביעט פון דראַמאַ קומט אונז אויס איבערצולעבען אַ גרויסען קריזיס.

סיי פאַר גאָרדין'ס לעבען, ווי איצט, נאָך זיין טויט, זיינען ניט נאָר

ניט אויפגעשטאַנען קיין גרעסערע פון איהם, נאָר עס איז אויך ניטאָ קיין איינער, וואָס זאָל צו איהם גלייך זיין. דער שטוהל שטעהט נאָך גאַנץ לעדיג און עס האָבען זיך נאָך ביז איצט ניט אָבגערופען קיינע פּרעטענ־דענטען.

עס זיינען אפילו ביי אונז פאַראַן איינינע דראַמאַטורגען, ווי ליבין, קאָברין און פּינסקי. זיי זיינען אָבער קיין גאָרדינס ניט, טראָץ דעם, וואָס די לעצטע צוויי האַלטען זיך ליטעראַריש מיט גאַנצע קעפּ העכער פון איהם. עס קאָן אויך גאַנץ גוט זיין, אַז זיי זיינען גרעסערע ליטעראַטען איידער גאָרדין, זיי זיינען אָבער בעשטימט קלענערע דראַמאַטורגען.

אַלענפאַלס קענען די אַלע דריי דראַמאַטורגען מיט רעכט פּעררעכענט ווערען אַלס פּראָדוקטען פון אַמעריקאַנישען באָדען, בשעת אין רוס־לאַנד, וואו עס איז דער מקור פון דער אידישער ליטעראַטור, איז דאָס פעלד נאָך עד היום געבליעבען אין גאַנצען אונבעאַרבייט.

עס האָט געמאַכט איינינע נסיונות שלום אַש. זיינע דראַמען זיינען געוויס ליטעראַטור. דאָס וועלען אויך זיינע ערגסטע שונאים מודה זיין. צו זיינען זיי אָבער דראַמען, איז אַ גרויסער צווייפעל. סוף־סוף וועט אַש בלייבען אין דער ליטעראַטור ניט אַלס דראַמאַטורג, נאָר אַלס בילדער־מאַלער און סקיצען־שרייבער. נאָר אפילו אַלס פּראָבע איז אין רוס־לאַנד דערווייל אַש דער איין איינציגער.

בינתים איז אין רוסלאַנד, וואו דאָס שפּיעלען פון אידישע דראַמאַ איז אַ צייט לאַנג געווען פערבאָטען, ענדליך אָראָפּגענומען געוואָרען דער איסור. עס האָבען זיך געעפענט טהעאַטערען אין די גרויסע אידישע צענטרען. עס זיינען אויפגעשטאַנען וויכטיגע אַקטיאָרען; עס פעהלען ניט קיין קריטיקער — עס פעהלט אָבער דער עיקר די דראַמאַ.

צו אונזער שאַנדע קוויקט זיך רוסלאַנד מיט אונזער „חינקע־פּינקע“ און מיט איהר איינענעם „וועלוועלע עסט קאָמפּאָט“. עס הערט זיך, אַז מען קלייבט זיך גרינדען אַ נאַציאָנאַלען אידישען טהעאַטער, און אַז מעצענאַטען גיבען געלד דערויף, — וואו נעהמט מען אָבער די אידישע דראַמאַטורגען?

ניט פיעל פרעהליכער איז ביי אונז. אונזער טהעאַטער איז קאָלאָ־סאַל אויסגעוואַקסען. מיר וועלען דאָ ניט אריינגעהן אין דער פראַגע: „צו עס האָט אַ צוקונפט, אָדער ניט? מיר אַליין זיינען גאַנץ פּעסימיסטיש געשטימט וועגען דער צוקונפט פון אידישען טהעאַטער אין דעם לאַנד. אגב, אַזוי איז אויך געווען גאָרדין'ס מיינונג. נאָר, ווי געזאָגט, ניט דאָס איז איצט די פראַגע. ניט די צוקונפט, נאָר די געגענוואַרט אינטערע־סירט איצט אונז אַם מייסטען. אין דער טהאַט, וואָלט דעם אידישען

טהעאַטער געלונגען שאַפען פאַר זיך אַ ריכטיגע נענענוואַרט, וואָלט די דאָזיגע געגענוואַרט אין זיך זעלבסט געווען אַ שטיקעל גאַראַנטיע פאַר זיין עקזיסטענץ אין דער צוקונפט.

נאָך אַ מאָל, אַלזאָ, דאָס אידישע טהעאַטער איז קאָלאָסאַל גע־שטיגען. אין די הונדערטע טויזענדע דאָלאַר בעטרעפען די בנינים (די קונסט־טעמפּלען). די נייע געבויטע טהעאַטערען זיינען עדות אויף דעם רייכטהום, וואָס שטעקט אין אידיש טהעאַטער. אַנדערע אונטערנעה־מונגען שוועבען אין דער לופט. דאָס אידישע טהעאַטער איז אַ קוועלע פון פּרנסה פאַר טויזענדער מענשען, דען אידישע טהעאַטערען געפינען זיך ניט נאָר אין ניו יאָרק, נאָר אויך אין אַלע גרעסערע אידישע צענטרען, ווי פילאַדעלפיא, שיקאַגאָ א. ז. וו.

מיר האָבען שוין אפילו דערלעבט אַ צייט, אַז אַזאַ גרויסער אַרטיסט — אייגענטליך איינער פון די גרעסטע קינסטלער — ווי שילדקרויט, זאָל שפּיעלען אויף דער אידישער ביהנע. דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, די אידישע ביהנע קען זיך פערגינען דעם לוקסוס אויסצוהאַלטען אַ קינסט־לער, וואָס האָט זיין גרויסען רוהם ערוואָרבען אויף דער דייטשער ביהנע, ביים רייכען דייטשען פאָלק. דאָס איז געוויס ניט קיין סימן פון אַרמוטה. אויף דער אידישער ביהנע האָט נאָך פריהער געשפּיעלט אַ מאָררִיסאָן, אַ קלאַסישער קינסטלער פון אַ גאַנץ הויכער מדרגה.

און מען רעדט פון ברענגען אַהער דעם דייטשען אַרטיסט באַנן, און עס גאַסטראָלירען דאָ אויך רוסישע קינסטלער. עס פעהלט ניט קיין געלד. עס זיינען רייך געוואָרען די אַקטיאָרען. די פּערעכטליכע בעציהונג פון דער אַלגעמיינער אידישער געזעלשאַפט צום אַקטיאָר איז פאַלקאָם פער־שוואונדען. דאָס איז ניט מעהר דער פּורים־שפּיעלער, דער „באַסיאַק“, נאָר אַ גאַנץ אַנגעזעהענע פּערזענליכקייט אין דער געזעלשאַפט. און עס פעהלט אויך ניט קיין פּובליקום. די אידען זיינען, אין אונזער מיינונג, דאָס גרעסטע טהעאַטער געהענדע פּובליקום. זיי פילען אָן די אייגענע און די ענגלישע טהעאַטערע, און זיינען די שטיצען און זיילען פון דעם דייטשען טהעאַטער. זיי זוכען ערנסט טהעאַטער און וואָדעוויל. עס איז זיך אויף דעם פּונקט ממש צו וואונדערען.

ניט קוקענדיג אָבער אויף דעם אַלעמען, האָט אָבער די אידישע דראַמע זיך אַרויפגעשלאָגען אויף אַ טויטענפּונקט. עס פעהלען דראַמען. עס שאַפט זיך ניט אויף דעם געביעט. עס איז דאָ אַ גרעסערע נאָכפראַגע ווי אַן אָנבאָט. דאָס הייסט, עס שאַפט זיך ניט שנעל גענוג: פון דער אַנדערער זייט שאַפען זיך ניט קיינע דראַמען, וואָס זאָלען האָבען אַן אייביגען ווערטה און זאָלען קענען אַריינגעהן אין אידישען רעפּערטואַר

פאר שטענדיגען נוצען. בלויז אייניגע אַזעלכע דראַמען האָט געשריבען גאָרדין. די אַנדערע, ווען זיי זיינען שוין בלומרשט געלונגען, ווערען זיי געשפּיעלט איין סעזאָן און געהען אונטער און פערשווינדען מיט דעם סעזאָן.

מען מוז דאָ אויך קאָנסטאַנטירען דעם פּאַקט, אַז די מענעדזשערס, וועלכע מאַכען גאָר ניט קיין שלעכטע געשעפטען, זיינען איצט מוכן ומזומן צו צאָהלען גרויסע געלד פאר אַ פּיעסע, — פערהעלטניסמעסיג פערשטעהט זיך, — זיי זיינען בערייט, ווי מען זאָגט, צו פערצוקערען אַ גוט שטיק. עס איז אָבער נישטאָ קיין שפור פון זיי.

מיר ווילען דאָ ניט איבער'חזר'ען די אַלטע טענה, וואָס ווערט אָפט ארויסגעבראַכט געגען די סקיצען־שרייבער און וועלכע קען מיט דער זעל־בער שטאַרקייט און געוויכט אויך אָנגעווענדעט ווערען אין בעצוג צו די דראַמאַטורגען, כאָטש אַ ביסעל אין אַ געענדערטער פאָרמע.

מיר מיינען די טענה, וואָרום אונזער צייט, אין וועלכער עס זיינען צוטרייסעלט געוואָרען די יסודות פון אַלטען סדר און וועלכע איז פערפלייצט געוואָרען מיט אַ שטראָם פון נייע בעגעהרען, די צייט, וועלכע איז אַזוי רייך מיט משונה'דיגע ווידערשפּרוכען און העפטיגע רייבונגען, מיט איהר רעליגיעזע זוכונגען, נאַציאָנאַלע רעגונגען, קאָסמאָפּאָליטישע און סאָציאַ־ליסטישע טענדענצען, לאַנד־ליעבע און וועלט־ליעבע, מיט איהר אמת'ען און פאַלשען העראָאיזם, וואַנדלונגען און פּראָבען, די צייט וועלכע האָט נענוג שטאָף אי פאר דער קאָמעדיע און טראַגעדיע, און ניט וועניגער פאר דער דראַמאַ, וואו דער שלום איז ניט קריסטאַליזירט און בלייבט שטעהן אונטער אַ פראַגע־צייכען — וואָרום האָט די צייט ניט געפונען איהר דראַמאַטורג, איהרע דראַמאַטורגען?

מיר ווילען זיך איבער דער טענה ניט פערברייטען, דען זי איז נענוג בעקאַנט. מיר געפינען זי אַלענפאַלס פאר גערעכט.

וואָס מיר ווילען אָבער דאָ בעמערקען איז דאָס, אַז בשעת די טענה פּאַסט זיך גאַנץ גוט ווען מען רעדט וועגען דער בעלעטריסטיק, דען סוף־סוף האָבען מיר דאָך אַ בעלעטריסטיק פון אַ בעשטימטען הויך, פּאַסט זיך די טענה וועניגער וועגען דער דראַמאַ, וועלכע שטעהט נאָך אַפילו אין איהר בילדער־מאַלעריי גאַנץ ניעדריג.

דער אָרימער צושטאַנד פון אונזער דראַמאַ איז פערו־ריסליך נענוג. נאָך גרעסער איז אָבער דער פערדרוס, ווען מען בעדענקט, אַז גראָד ביי די אומות־העולם שפּיעלען איצט די אידען אַ הויפּט־ראָלע אין דער דראַ־מאַטורגיע. יאָ, כמעט אין יעדען קולטור־לאַנד האָבען די אידען איצט וויכטיגע דראַמאַטורגען פון אַ גרויסען ווערטה.

מיר ווילען דאָ בלויז דערמאָהנען דעם פּרוכטבארען דראמאַטורג פּינערא אין ענגלאנד, דעם ביהנען־קענער און צויבערער בערנשטיין אין פראנקרייך, דעם מפורסם׳דיגען פולדא אין דייטשלאנד, דעם ערפאָלגרייכען מאָדערניסט שניצלער אין עסטרייך, דעם פּראָבלעמען־און טענדענץ־דראמאַטורג הייערמאנס אין האָלאנד, און אפילו אמעריקא האָט אויך צווייערפאָלגרייכע אידישע דראמאַטורגען מיט ליטערארישע פּרעטענזיעס, ווי קליין און בעלאסקאָ.

סוף־סוף איז דאָס אַ גאַנץ נישקשה׳דיגע מחנה פון דראמאַטורגען פאַר איין דור. און דאָ זיינען נאָר דערמאָנט געוואָרען די נעמען פון די דראמאַטורגען פון די קולטור־לענדער, און דאָס ווייט ניט אַלע, און אויסגעלאָזט זיינען געוואָרען די דראמאַטורגען פון די האַלב־בארבארישע לענדער, כאָטש באמת האָט אויך רומעניען פערמאָגט אַ וויכטיגען אידישען דראמאַטורג.

וועהרענד פאַר אונזער ביהנע פעהלען דראמען, פעהלען בויער, פעהלען שעפּפער.

קיין פּירוש אויף דער ערשיינונג איז ניט נויטיג.

מיר בעטען נאָר אונזערע פריינד, וועלכע ווילען בויען אַן אייגענע אידישע קולטור אין גלות — די גלותיסטען, ווי זיי רופען זיך — אַז זיי זאָלען אַ טראכט טהאָן וועגען דער אָרימקייט אין רייכטהום.



# די נייע ריכטונגען אין דער אידישער ליטעראטור

ווי איבער איין נאכט איז די אידישע ליטעראטור בערייכערט געווארען מיט נייע מאָדערנע שטרעבונגען. ווי בדרך נס האָבען אויף דעם, ביז איצט מיט פשוט'ע ירקות־פערזעצטען, ליטעראַרישען גאָרטען אויסגעשפּראָצט איבערגעשראָקען־בלייכע בלומען. פריהער זעלטען קוים בעמערקבאר האָט דאָ און דארט א קראנקע בלום ארויסגעשטעקט איהר קעפּיל און אויסגעהויכט איהר גוסס־אראָמאט. לעצטענס האָבען זיי זיך שטאַרק פערמעהרט. אין יעדער זאַמלונג פון דער לעצטער צייט בעמערקט איהר פער'חלש'טע בליטהען, וועלכע ציהען פער'דבקה'ט די העלזלעך אין די ווייטע הימלען און שטרעבען צו דערוויטערען זיך פון דער ערד, פון דער מוטער־ערד, וואָס נעהרט און שפּייזט אלץ.

וואָס איז איצט געשעהן אין אידישען לעבען, וואָס האָט, למשל, געמאכט פון פּרץ'ן, דעם רעאַליסט — א דראמאורג סימבאָליקער א־לא מעטערלינק? דער רעאַליסט פּרץ, וועלכער האָט אויך, אמת, תמיד פערמאָגט א פּאָעטישע בענקעניש, וועלכע האָט שטענדיג דורכגעזאָפּט זיינע רעאַליסטישע שילדערונגען און ארויסגעקוקט פון צווישען די שורות.

אין אידישען לעבען זיינען פּארגעקומען די פּאָגראָמען. האָבען זיי אפשר געווירקט אויף אונזערע אידישע קינסטלער? פיהלט איהר אפשר אין אונזער ליטעראַטור די נערוועזע צערטרעסלונג, דער פּועל־יוצא פון די „ימי הפּרעות“, די טיעפע מרה שחורה, וועלכע שטאַמט פון דער נאַציאָנאַלער אונמאכט, דעם שווארצען יאוש, דאָס קרעהען פון דעם ראָב איבער א פאָלק, וואס זיין בלוט איז הפקר, א פאָלק, וואס קען זיך ניט — אָדער קען זיך יאָ, נור זעהר שוואַך — וועהרען אין צייט ווען עהרע און איינענלייב ווערט געשענדעט און מיט די פיס גערטראָטען? אָדער הערט איהר אפשר דעם פּראטעסט געגען דעם אונרעכט, געגען די אונרייגע הענד, וועלכע האָבען אונזער עהרע בעפלעקט, געגען דעם ציניזשען לאכען אויף אונזער אונגליק און שוואכקייט? אומזיסט וועט זיין אייער זוכען. עס איז ניט צו בעמערקען.

עס קרענקט דאָס הארץ, ווען מען בעטראכט, ווי ווייט די ליטעראַטור איז ביי אונז עפּעס ווי א זאך פיר זיך, אבגעריסען פון דעם אידישען לעבען, ווי ווייט ניט בעווירקט די דאָזיגע בלייבט פון די מורא'דיגע פּאַסירונגען, וועלכע האָבען פון פאָלק אזוי פיעל בלוט אפּגעצאַפּט.

איבער די פּאגראמען זיינען אָנגעשריבען געוואָרען צוויי דראמען און איין גרויסע ערצעהלונג אין רוסיש; מאכט ניט אויס שלעכט צו גוט. עס ווייזט, אז יענע מענשען האָבען ניט געקענט פערבייגעהן יענע שרעקליכע עראייגנים, וואָס שטעלט די האָר קאפּויר. און אין דער אידי־שער ליטעראטור? גאָר ניט מיט גאָר ניט.

א שוואכער אָפּקלאַנג פון דער פּאסירונג איז „די פאמיליע־צבי", איז זי געשריבען געוואָרען אויף דעם אמעריקאנער באָדען, וואוהין עס האָט זיך פערטראָגען בלויז דאָס ווידער־קול פון יענע בלוטיגע טעג. אויף דעם פּלאַץ גופא האָט אָבער יענע עראייגניס ניט געבוירען קיין ליטעראַרישע שעפּפונג. ווען ביאליק וואָלט זיך ניט מרחם געווען און איבערזעצט זיין „בעיר ההרגה" פון העברעאיש, בלייבען די פּאָגראָמען ניט פערשריעבען אין דער אידישער ליטעראטור.

נאָך מעהר ווי דאָס. ניט נאָר האָבען די מורא'דיגע פּאסירונגען ניט געפונען קיין קינסטלער, וואָס זאָל יענעם שרעקענס־גייסט, יענע וועלט־זינד אין ווערטער איינשמידען, אין א ווערק, וואָס זאָל בלייבען דאָס אנדענקען פון דער וועלט'ס שאַנדע און איהר אכזריות, נור עס האָט אין איין אידישען שרייבער ניט אָנגעשלאָגען קיין פעסימיסטישען טאָן, ניט ערוועקט קיין צאָרן און וועה־געשריי אויף דער וועלט'ס סדר און איהר בע־שעפער. די איוב'ס אונגליקען, וואָס האָבען געטראָפען דעם אידישען פאָלק, האָבען קיין איין איוב־געשריי ניט געלאָזט. עס פליסט אלץ רוהיג, גלייך ווי נאָר ניט איז געשעהן, ווי אלץ וואָלט געווען שלום ושלוה. בעווייזט עס ניט, אז די אידישע ליטעראטור איצט ציהט ניט איהר יניקה פון דעם אידישען לעבען, איז טויב און בלינד צו זיינע רעגונגען?

עס איז ניט אונזער כונה דאָ עמיצען פארצוואוורפען, פארוואס די זאך איז געשעהן. מיר קאָנסטאטירען בלויז די טרויעריגע טהאטזאך, וועלכע ווייזט, אז די סבה פיר דער ענטשטעהונג פון די נייע ריכטונגען מוז מען ניט דוקא זוכען אין דעם אידישען לעבען. ווייל די אידישע לי־טעראטור און דאָס אידישע לעבען זיינען, ניכר, ניט איינע און די זעלבע זאך, נור צוויי בעזונדערע וועלטען.

עס איז ניט קיין שאַנדע, אז א ליטעראטור געניעסט פון דער חשפעה פון א פרעמדער ליטעראטור. קיין ליטעראטור לעבט ניט אויף איינענעם חשבון. א רייכע עפּאָכע אין איין ליטעראטור ביי איין פאָלק דופט זיך אויך אָפּ אויף אַן אנדער פאלק, ספּעציעל ווען צווישען דעם און יענעם פאָלק איז דאָ א געוויסע גייסטיגע אָדער, נאָך מעהר, בלוט־פערוואַנדשאפט. ריכטונגען ווערען דורך איין פאָלק פון דעם צווייטען אויך איבערגענומען, ווען זיי ביידע לעבען איבער עהנליכע געשעהעניסען,

אָדער שטעהען אויף דעם שוועל פון עהנליכע עראייגניסען. און איז עס איין פּאָלק געלונגען צו בעקליידען אין פּאסענדער פאָרמע די גרויסע פּאסי־רונגען, וואָס האָבען זיין לעבען אויפגערודערט און טיעפע שפּורען גע־לאָזט, דאן פערשפּאָרט דאָס אנדערע פּאָלק די חבלי־לדה און בענוצט זיך אין דעם שאַפען פון זיין ליטעראטור מיט דערזעלבער פאָרמע, וואָס איז אזוי צוגעפּאסט אויף פיר זיין לעבען אין דעם צייט־אָבשניט.

דאָס איז אַלץ ביי זיי, ביניהם... אין דער אידישער ליטעראטור איז אָבער ניט צו מערקען בלויז אן השפעה פון דער רוסישער ליטעראטור, נור א פּשוט'ע נאָכאהמונג פון איהר. דאָ זענען איבערגענומען געוואָרען ריכטונגען ווי זיי שטעהען און געהען, כאָטש זיי פּאסען זיך אזוי ווייניג פיר אונז. קען געדייהען און וואקסען א פּאלמע אָדער אן אנדער טראָפּישע געוויקס פערפּלאַנצט אין קאלטען סיביר? זי מוז פערוועלקען, זי איז אויף א פרעמדען פּלאַץ, כאָטש א פּאלמע אין א ווארימען קלימאט איז א זעהר שעהנער בוים.

וואָרים באמת האָבען מיר גאָר ניט אויסצוזעצען געגען דער דעקאַ־דענץ אָדער דעם סימבאָליזם, געגען דער שטימונגס־ליטעראַטור א ן א ו ן פ י ר ז י ך, ווייל, נאָך אַלעמען, וועט דאָך קיינער ניט אוועקמאכען די גרויסקייט פון א ווערליין, א מעטערלינק, אן אָסקאר ווייַלד, א וואָלט וויהטמאן. די פאָרמען פון ליטעראטור זיינען א פּראָדוקט פון א געוויסען ענטוויקלונגס־גראַד אין דעם לעבען פון א פּאָלק.

וואָלט די אידישע ליטעראטור שוין געווען דערוואקסען צו איהר איי־גענער דעקאָדענץ, וואָלט זי אין איהר סימבאָליזם זיך בענוצט מיט סימבאָ־לען פון פּאָלק'ס ארסענאַל, מיט זיינע פער'כשוף'טע לעגענדען אויסגע־וועבט פון פּאלק'ס גייסט, וואָלט זי געשווערמט איינענע חלומות, אויס־געדריקט די אייגענע ביינקענים — דאן וואָלט געקאנט זיין א שטרייט, ווי גרויס איז דאָס אָדער יענעם ווערק, אָדער בכלל ווי ווייט קען אזא ריכטונג אויסגענוצט ווערען אלס אויסטייטשער פון אונזער לעבען, אויף פון אונזערע טאָג־טעגליכע אינטערעסען, יעדער וואָלט אָבער אייגען בלוט און פלייש דערקענט. עס וואָלט אויף אונז געוועהט מיט א היימישען לינד־ווינטעל.

עס פעהלען אונז ניט קיין אבנאָרמאַלע בעשעפענישען פּאטהאָלאָגי־שע קראנקע, וואָס זוכען זייער געגוס אין דעם שרעקליכען, אין דעם אָב־שייליכען, אין דעם אונריינעם. עס פעהלען אונז ניט קיין ברואים מיט איבערטריעבענער מורא פאר זיך אַליין, פאַר'ן אייגענעם שאָטען; עס איז ניטאָ קיין מאנגעל אין טיפּען, וואָס פיהלען זיך פרעמד אין אונזער וועלט, אלס אונגעבעטע געסט; טיפּען, וואָס טראכטען תמיד וועגען טויט, זעהען

געשפּענסטער, וועלכע לויערען נאָך זיי אין דער פינסטער און אין דער ליכ־טיגקייט. מיר פערמאָגען אויך ד י משוגעים, וואָס זייער משוגעת גרענעצט מיט זשעניע, וואָס זייערע אמת־געניאַלע פונקען טליען אין א הויפען אש; משוגעים, וואָס הויבען אויף דעם שלייער, אין וועלכען די צוקונפט איז איינגעהילט, נור פיר וועלכע אַלץ ערשיינט נעבעלהאַפט, וואָס זעהען ניט קיין שאַרפע ליניע, קיין קאַנטען, נור צוגאָסענע געגענשטאַנדען. צופיעל פערמאָגען מיר די מינים טיפּען. עס איז בעקאַנט, אז אידען ליידען מעהר פון גייסטיגע קראַנקהייטען ווי אַנדערע אומות. איבערטרייבונג און דאָס געהן ביז צום עקסטרעם איז א אידישער כאַראַקטער־שטריך. די פערפאָלגונגס־מאַניע איז צווישען אידען פערשפּרייט די והותר. שוין ניט צו רעדען וועגען דער גרויסקייט־מאַניע. יעדער אידישער אינטעליגענט מיינט, אז ער איז א גאון, דעקט אויף נייע וועלטען, איז א זשעניע און אַן אוניווערזאַלע פּערזענליכקייט. עס איז, אַלזאָ, דאָ געלעגענהייט פיר א דעקאַדענט, וואָס ליידעט אַליין פון איינע פון די קראַנקהייטען, וואָס לעבט דורך יענע שרעקליכע געפיהלען, צו קומען און עפענען פיר אונז א פענסטער־דיל אין דעם האַרץ פון יענער אַבנאָרמאַליטעט, אויפצורייסען א בענגאַלישען פייער איבער דעם שרעקליכען אָבגרונד און איבער דער הענגענדער פינ־סטערניס פון דער מענשליכער נאַטור און מיר זאָלען זעהן איהר שווינד־לענדע קרומע טיעפעניסען. די מענשליכע נאַטור איז אונז תמיד אינטע־רעסאַנט, און איהר אַפּווייכען פון דעם נאָרמאַלען דאַרף אין דער ליטעראַ־טור געפינען איהר קינסטלערישען אויסדרוק. די „געטליכע קאָמעדיע“ דאַנטע'ס וואָלט אונז געווען אינטערעסאַנטער, ווען צוליעב איהר וואָלטען מיר זיך ניט בעדאַרפט איבערטראַגען אין גיהינום און אין הימעל. אין דער ליטעראַטור גאַרען מיר צו געפינען די אָבשפּיעגלונג פון לעבען מיט אַלע מיסטעריען.

וואָלט אַלזאָ געקומען צו אונז א ווערליין, און אונז געלאָזט א בליק טהאָן אין די פינסטערע דורכגאַנגען פון לעבען, וואָלט מען דאָס בע־גריעסט. דער אמת איז אָבער, מיר האָבען ניט קיין קינסטלער מיט דע־קאַדענטישע נשמות, נור צוליעב מאָדע וועגען טהוט עס פּרץ, טהוט עס הירשביין, אפילו יונה ראָזענפעלד. מאַכט עס טאַקע קיין איינדרוק ניט. איז די נאַכאַהמונג שרעקליך בולט. לעזט מען איבער און מען בלייבט קאַלט ווי אייז, שפּייט מען אויס און מען בטל'ט אויס חלומות.

פּרץ האָט אמאָל אָנגעשריעבען דעם „משוגענ'עם בטלן“. דאָס איז נאָך געווען קודם מתן דעקאַדענץ. ווען איהר לעזט דורך דאָס ווערקעל, טראַכט דעם, וואָס איהר זעהט, אז פּרץ האָט דאָ מעהר ד ע ר ט ר א כ ט, איידער ד ו ר כ ג ע פ י ה ל ט. — וואָרום פּרץ איז, באמת, אַליין צו נאָר־

מאָל, ער האָט אַ צו קלאָרען, חריפ'שען קאָפּ צו בענעהמען די געפיהלען פון אַ וואהנזיניגען, דאָך פיהלט איהר, אַז אַ וויכטיגע פּסיכאָלאָגישע ארבייט ליעגט פיר אייך. איהר זעהט ווי די נשמה, וואָס איז אויסגעהאקט פון כסא הכבוד, ווערט פערדונקעלט, בליצט אויף און לעשט זיך. איהר זעהט דאָס ליכט און די פּליאַמעס, ווייל פּרץ האָט ניט געביטען זיין נאַטור. ער איז דאָ געבליעבען דער מענשען־קענער, וואָס רעדט בלשון בני אָדם. דער היינטיגער פּרץ פילט אָן דעם אויר מיט מתים, זיי שרעקען אָבער קיינעם ניט, זיי מאַכען דעם איינדרוק, ווי ליאַלקעס מיט ספּרוזשינעס, וואָס ווייזען קונצען, דערצו מיט אַ גרויסען חסרון, וואָס מען זעהט דעם בעל־דבר, אונזער פּרץ'ן, זיך פּאָרענדיג מיט די ספּרוזשינעס, האַלטענדיג אין דער האַנד אַ שליסעלע. עס מאַכט דעריבער אפילו ניט די ווירקונג פון אַ געלונגענעם האָקוס־פּאָקוס.

פּרץ הירשביין האָט געשריעבען ניט קיין שלעכטע רעאַליסטישע דראַמען, האָט זיך איהם אָבער פערגלוסט ווערען סימבאָליקער, האָבען מיר דאפיר דראַמען האַלב פלייש האַלב פיש. די מיסטעריעזע פיגורען, וואָס דאַרפען דאָס איבערקעהרען וועלטען, וואָס האָבען עס די שליסלען אין זייערע הענד, פּלאָנטערען זיך ווי איבריגע אין דער דראַמאַ, מאַכען אַ קאָמישען איינדרוק מעהר ווי עפּעס, און די דראַמאַ איז אַוועקגעהרג'עט. וואַרום? פּשוט ווייל הירשביין איז קיין סימבאָליקער ניט, און ער מאַכט בלויז נאָך. און ווייל אין גאַנצען איז דאָס בלויז אַ נאָכמאַכונג, ניט אַ זאַך געבויט אויף אייגענעם באָדען, איז שוין קיין וואונדער ניט וואַרום די סימבאָלען וואָס דאַרפען אָנווייזען ברמז אויף די געהיימע כחות, וואָס שאַלטען און וואַלטען אויף דעם מענשליכען לעבען, וואָס קירעווען איהם ווי זיי ווילען, און פיהרען איהם אַמאָל אַוועק אין אַ זומפּ — וואָרום די אַלע סימבאָלען זיינען אַנטליהענע, אויסגעבאָרגט ביי די גוים, גלייך ווי מיר וואָלטען ניט פערמאָגט קיין אייגענע.

דאָס אידישע פאלק איז אַ קולטור־פּאָלק ניט פון נעכטען אָן. די אַלע סודות פון לעבען, די פראַגען פון טויט, מזל, חלומות, נבואות האָבען שוין געפּלאַגט די אידישע נשמה פון לאַנג אָן. אונזערע רעליגיעזע נאַטורען האָבען פיר זייערע זעהונגען ווערטער געשאַפען, אונזערע בעלי חלומות האָבען זייער גייסטיגען שמערץ אין אויסדריקע איינגעהויכט; האָבען דאָס לעבען מיט מיסטעריעזע פיגורען אָנגעפילט.

נעהמט די שרעקליכע פאַנטאַזיע וועגען אַ מלאך המות, וואָס איז פול מיט אויגען, פון קאָפּ ביז די פיס סאַמע אויגען. ער בעגעגענט אייך, זיינע אויגען דרינגען אייך דורך, איהר אַנטלויפט אונטער איהם, — ווייטער זיינע אויגען, פון אויבען — עס יאָגען אייך ווייטער נאָך אויגען.

וואָס פיר אַ שרעקליכע געשטאַלט. ווי פיעל איז די פיגור אַ רמז, אַז פיר דעם טויט איז זיך שווער צו בעהאַלטען. האָבען אונזערע סימבאָליקער די פיגור אויסגענוצט? ניין.

די גרעסטע רעטעניש פאַר אַ אידישען סימבאָליקער, איז די אידישע אומה אַליין. איהר עקזיסטענץ, איהר גלגול, איהר פילאָזאָפיע, איהר עקשנות צו לעבען, דאָס פילט אָן דעם דענקער מיט שרעק פיר די סודות פון דעם פעלקער־שיקזאַל. וואו איז די טראַגישע פיגור געשאַפען פון אונזער סימבאָליקער, וועלכע זאָל פאַרשטעלען די אידישע אומה? די אגדה וויל האָבען, אַז יעדע אומה האָט איהר שר אין הימעל. וואָס פיר אַ שר האָט דאָרט דאָס אידישע פאָלק?

איבסען האָט גענומען די לעגענדאַרע פיגורען פון זיין פאָלק, די פיגורען דורך וועלכע דאָס פאָלק האָט געוויזען זיין קוק אויף דעם לע־בען און שיקזאַל, אויף ליידען און גענוס, גאָט און מענש, די וועלט און יענע, און האָט פון די דאָזיגע נאַציאָנאַלע פיגורען, די טראַגישע געשטאַל־טען, געשאַפען די אוניווערסאַלע פערזענליכקייט. איבסען איז נאַציאָנאַל, מחמת ער איז אַ גרויסער קינסטלער, איז ער טריי זיין אייגענעם :איך", זיין אייגענער אויפפאַסונג ביז איהרע טיעפענישען. דאַריבער איז איהם דורך דער שוין גרייטער פאָרמע, וואָס איז זעהר היימיש פיר זיין זעעלע, געלונגען די וועלט מזכה צו זיין מיט דעם אַלמענשליכען אינ־האַלט. דער אינהאַלט בלייבט בלינד אהן דער פאָרמע. די נאַציאָנאַלע פאָרמע דעקט פיר אונז אויף דעם מענשליכען אינהאַלט.

אונזערע סימבאָליקער נעהמען ניט פון אייגענע נאַציאָנאַלע אוצרות, ווייל זיי זיינען ניט קיין סימבאָליקער. זיי זיינען אין דער גאַנצער אַרבייט אויף אַ פאַלשען באָדען און די זינד איז אַ נאַטירליכע.

דער אידישער שטן איז ניט דאָס זעלבע וואָס מעפיסטאָפעל. ער איז דאָס און עפּעס נאָך מעהר. ער, וואָס איז אויך סמאל, איז אויך דער אשמדי, איז אין נאָהענטע בעציהונגען מיט דער לילית, קאָמאַנדירט איבער אַ מחנה מיט שדים, קלפּה און סטרא־אחרא. איז ער פון אונזערע סימבאָליקער אפשר פערזאָניפיצירט געוואָרען? האָבען זיי געשאַפען די איינע פיגור, וואָס איז אַזוי פיעל פיגורען, איינס וואָס איז מעהר ווי איינס? ביז איצט ניט. דער אידישער שטן ווארט נאָך אויף זיין קינסטלער.

אין תלמוד געפינט זיך אַ לעגענדע, ווי שלמה המלך איז פערטריע־בען געוואָרען פון זיין הויז דורך דעם אשמדי. דער אשמדי האָט פער־קעהרט מיט זיינע פרויען, האָט זיך פערשטעלט אלס שלמה. צו יענער צייט איז שלמה ארויסגעגאַנגען און געשריען: „אני שלמה". קיינער האָט

איהם ניט געגלויבט, ווייל דער אשמדי איז געווען עהנליך צו שלמה און יעדער. נור ערשט ווען מען האט, לויט די סנהדרין'ס עצה, אכטונג גע־געבען אויף דעם אשמדאי'ס פיס, האט מען איהם דערקענט, ווייל זיינע פיס זיינען ניט עהנליך צו קיין מענשענס.

אט האט איהר, אלזא, א ביישפיעל פון דער פינסטערער גבורה פון אשמדי. אויך שלמה המלך, דער חכם מכל האדם, קען איהם ניט בייקומען. אין אלץ איז ער גלייך צו איהם, נור גראד אין דעם פשוט'סטען ניט. וואס פיר א גוטער מאטעריאל פיר אמת'ע סימבאליקער צו שאפען אן אשמדי־פיגור אין קאמפף מיט דעם קלוגסטען קעניג אין דער וועלט. מיר האבען אבער קיינע סימבאליקער ניט, דאריבער איז די אשמדי־פיגור געבליעבען אונבעריהרט.

די סאטירע „אשמדי" פון ש. אנסקי קען דאך ניט גענומען ווערען אין אנבעטראכט. אין א סאטירישען זין האט זיך דאך מיט דעם נאמען בענוצט אויך מענדעלי. נור ניט וועגען דעם איז דא די רייד. ארעמקייט איז א פערדרוס און אויך א שאנדע, אבער גרעסער איז די שאנדע, ווען קלוגע מענשען מאכען זיך נאריש, ווען מענשען וואס האבען טאלאנט אויף זייער געביעט פערלאזען זייער אייגענעם געביעט און נעהמען זיך צו זאכען, איבער וועלכע זיי האבען קיין בעגריף, און דורך דעם פערנאכ־לעסיגען די אייגענע פיער ווינקעלעך פערגרעסערען זיי די קבצנות פון אונזער ליטעראטור.

אוועקגעשלעפט מיט דעם מאדע־שטראם איז יעקב גארדין אין דער לעצטער צייט אויך געווארען א סימבאליקער, האט אנגעשריעבען זיין „אונבעקאנטען", איז טאקע ארויסגעקומען א לעפישע זאך, אהן טעם און אהן לעבען. און איבער אלץ איז די גאנצע אטמאספערע געווען א פרעמדע. גלאקען קלינגען, דאס הארץ אבער בלייבט פוסט, רופט זיך ניט אפ צום פרעמדען קלאנג, וואס זאגט גאר ניט.

און אונזערע דעקאדענטען? ווער זיינען זיי? ווען עס איז אין רוס־לאנד געווען די מלחמה, האט אנדרעיעוו אנגעשריעבען דעם „רויטען געלעכטער", דעם שרעק פון קריעגס־מאנסטער. וואו איז דער אידישער „רויטער געלעכטער"? דער פאגראם־געשפענסט?

עס איז צו לאכען, ווי יונה ראזענפעלד, א איד פון דעם שניט פון אברהם רייזען, וואס קען אונז דערצעהלען פון אידישער ארימקייט מיט א איראנישען שמייכעל, וואס קען דעם שניידער און דעם בעקער, האט אין דער לעצטער צייט אנגעהויבען קאקעטירען מיט דעקאדענץ. אי, עס קלעפט זיך ניט? די מאדע איז אבער העכער פון אלץ. איז טאקע א רחמנות אויף זיין טאלאנט, און אויף דער ארימער אידישער ליטעראטור.

שלום אַש איז ראָמאַנטיקער. זיין שפּראַך פערמאָגט א געוויסע ווייכקייט, ליידענשאַפט און רייץ; ראָמאַנטיזם האָט מיט דער נייער ריכּ־טונג ניט צו טהאָן. אלענפאַלס, מוזען מיר דאָך אונטערשיידען פון א ראָמאַנטיקער ביז א דעקאַדענט און א סימבאָליקער, כאָטש די לעצטע פערמאָגען געוויס דאָס ראָמאַנטישע עלעמענט.

וואָס שלום אַש האָט געקענט אויפטהאָן אלס קינסטלער ראָמאַנ־טיקער ווייזט אונז „דאָס שטעדטיל“. אלע האָבען געשריעבען איבער דעם שטעדטיל — אונזער ליטעראַטור איז דאָך אייגענטליך הויפּטזעכליך א שטעטיל ליטעראַטור — ניט אלע האָבען אָבער איינגעזעהן זיין פּאָעטי־שען חן, וואָס קומט פון אונשולדיגקייט; ניט אלע האָבען געקענט די גאָלדענע נעצען, דעם פּאָעטישען שלייער אויסשפּרייטען אויף די דונקעלע שאָטענס, אין וועלכע עס ליעגט דאָס שטעטיל. דאָס האָט געקענט טהאָן שלום אַש. וואָס עס ווערט פון א שלום אַש, ווען ער וויל ווערען א סימ־באָליקער, ווייזט אָן זיין „שבתי צבי“. ער פערליערט זיין קראַפט און שאַפט א שוואַכע זאַך, אן אויבערפלעכליכע אויפפאַסונג פון א גרויסער אידישער עפּאָכע, וואָס פערמאָגט באמת שטאַרק־דראַמאַטישע מאָמענטען.

לויט דער אַלטער בעריהמטער איינטהיילונג זיינען די אידען, אין געגענזאַץ צו העלענען, סוביעקטיוו און שטימונג־פּול. עס וואָלט דעריבער געווען נאַטירליך, ווען מיר זאָלען פערמאָגען שטימונג־פּאָעטען, ליריקער, — דאָס איז דאָך, אזוי צו זאָגען, אונזער געביעט. אָבער וואו זיינען אונ־זערע ליריקער?

איינער פון די „יונגע“ האָט ניט לאַנג אָנגעטהאָן די לירישע קרוין אונזער שניידער־פּאָעט, דער יונגער מוז אָבער האָבען א זאָנדערבאַרע אויפפאַסונג פון ליריק, ווען ער רופט ליריקער דעם גהעטאָ־פּאָעט, וואָס בינדט איבער זיינע וואונדען, פיזישע וואונדען, אין דער עפענטליכקייט, ווײנט אויפ'ן קול און ווערט היסטעריש.

ווען עס האַלט שוין דערביי, איז אפשר כדאי צו בעמערקען, אז די גאַנצע אידישע ליטעראַטור האָט ניט געשאַפען קיין איין נאַציאָנאַל־פּאָעט פון גרויסער וויכטיגקייט. רוסלאַנד האָט קיין איין גרויסען פּאָעט ניט געשאַפען. האָט זיך געוויזען דוד איינהאָרן, האָט ער בעקומען אזא גראַנדיעזען קבלת פּנים, אזא שרייענדע אָוואַציע, ווי ער וואָלט ווירקליך געווען א פּאָעט פון א געוויסער גרויס. אין אמת'ען פערמאָגט ער בלויז אן אנגענעהמען צנועה'דיגען טאָן, א שטיל זאַנפטען געפיהל, אָבער קיין פּאָעטישען שוואונג, קיין פאַנטאַזיע, קיין טיעפקייט, קיין פערשיעדענ־אַרטיגקייט אין מאָטיוון. אלץ איז אזוי איינטאָניג, סענטימענטאַל־ווייך,

מיט א בלוי־שטערן ליכט בעגאָסען, אז א מאַטקייט כאַפּט אָן איינעם, וואָס לעזט איבער אייניגע ליעדלעך.

איז „מנחם" דער ליריקער פון דער נייער ליטעראטור? זאָנדערבאַר, וואָס פיר א פרעמדע מאָטיוועז ער זוכט אויס פיר זיין לירע. און דאָך מאַכען זיי קיין איינדרוק. און ניט נאָר ווייל די מאָטיווען זיינען פרעמד־ מאַכען זיי ניט קיין רושם, נאָר צו אלערערשט דאפיר, ווייל ער איז קיין ליריקער ניט. זיינע איז א רעליגיאָן אָהן א גאָט. ער ווייסט ניט דעם ביבלישען גאָט, וואָס האַלט די וועלט אין מורא און מען קען זיך ביי איהם דורך תפלות אָבבעטען, און ניט דער גאָט דער רחמן, וואָס טרייסט און לינדערט דעם שמערץ. זיינע שירים זיינען צונג־שוים, קומען ניט פון דער טיעפענים פון הארץ. זיינען שעהן רעדעריי אָהן א פּאָעטישען פונק. און וויסען מיר דעם סוד פערשטעהען מיר פארוואָס זיינע מאָטיוועז זיינען פרעמד. וואָלט ער געווען אן אמת'ער ליריקער, וואָלט זיינע מאָטיוועז, העכסט וואהרשיינליך, געווען אייגענע, פון זיין פאָלק דורכגעפיהלטע. עס איז נאָך אלעמען דער אייגענער מאָטיוו, וואָס רעדט צום פּאָעט'ס נשמה אם שטאַרקסטען, גרייפט איהם אָן אונמיטעלבאַר. טרעפט אז א פּאָעט כאַפּט אויף א פרעמדען מאָטיוו, אָבער דאָס איז זעלטען, און אויך נאָר דאַן, ווען דער מאָטיוו שטעהט אין געוויסער שייכות צו אייגענעם ערלעבטען, „מנחם" נוצט נאָר פרעמדס, און ווייל צו דערזעלבער צייט גילטען אַלס ליריקער, ווייל ער מאַכט נאָך ליריקער. זיינע נאָכמאַכונגען לאָזען אונז אָבער קאַלט, כאָטש מיר בעוואונדערען אָפט די געלויפיגקייט פון זיין שפּראַך און דאָס געקלינג פון די פערזען.

דער סך־הכל איז, אז די נייע ריכטונג אין אונזער ליטעראטור לאָזט ניט קיין רושם, ווייל זי האָט ניט ארויסגעהויבען קיין וויכטיגע פיגור־ רען, קיינע שעפּפערישע כחות; אַלץ איז ריינע נאָכמאַכונג און פּשוט'ע מיטעלמעסיגקייט.

דאָס הייסט ניט, אז עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ אין אונזער לעבען פאַר די ריכטונגען. אדרבא, דאָס אידישע לעבען קאָן, נאָך אונזער מיינונג, גראד שפּייזען די ריכטונגען, ווען עס וואָלטען געווען די שעפּפער. אָזעלכע זיינען אָבער דערווייל ניטאָ. די מייסטע שרייבער, וואָס שרייבען אידיש, קומען פון דעם המון, וועלכער איז נאָך געזונד אין אַלע אברים, זיינען ניט איבערענטוויקעלט און היפּער־עסטהעטיש, און זיינען ניט מסוגל פיר שטימונגען און דעקאדענץ.

נאָר צוליעב דער מאָדע, נאָר צוליעב נאָכאהמונג, האָט זיך דער מין ליטעראטור בעוויזען אין דער אידישער גאָס, דאפיר איז זי אזוי גע־ פיהללאָז און פערבלויעט און אייז־קאַלט.

די אידישע ליטעראַטור איז, בכלל, זעהר א יונגע און אַן אָרימע, דאָך ווען מען בעטראַכט איהר רעאַליסטישע עפּאָכע, וואַרפען זיך אייך אין די אויגען נעמען: מענדעלי, שלום עליכם, ספּעקטאָר, דינעזאָהן, פּינסקי און טאַקע פּרץ, און נאָך און נאָך. און די נייע ריכטונגען — וועד זיינען איהרע פאַרשטעהער, וועד זיינען איהרע גרויסע? עס בלאָנדזשעט דאָס אויג, עס פליהען דורך פערשיעדענע נעמען, עטוואָס טאַלאַנט, עטוואָס געפיהל, אָבער אויף וועמען זיך אָפּצושטעלען איז ניטאָ.

## די אידישע שריפטשטעלעריי

אויף אַן ענגען אויבער־פּלאַץ אין א דאַון־טאַון רעסטאָראַנט, ביי א גאַנץ לאַנגען טיש, זיינען אין צוויי רייהען געווען אויסגעזעצט די גרעסערע און קלענערע פּערזענליכקייטען, די לויתן׳ס און די דריבנע פּיש־לעך פון דער אידישער ליטעראַטור אין אמעריקא. דאָס זיינען אַלע גע־קומען בעגריסען א אידישען שריפטשטעלער, א גאַסט וואָס איז געקומען מעבר לים.

א באַנקעט זאָל עס האָבען געווען, א שמחה, וואו דאָס שווערקייט פון הארץ האָט זיך געזאָלט שמעלצען אין דער געהויבענער אָנגעוואַרימטער שטימונג. נאָר ניט וואָס ס׳דאַרף זיין, איז. א שווער געפיהל האָט געציטערט אין דער ערנסטער און דושנער אַטמאָספערע. חברה האָט גע־האַלטען די „ביל־אָוו־פער׳ס" אין איין האַנד, ערנסט זיי שטודירט, וואָס מען קען נעהמען, אַז ס׳זאָל חלילה ניט אויספאַלען שווער אויף שוואַכע שריפטשטעלערישע פּלייצעס, און די אַנדערע האַנד האָט מען געהאַלטען אין קעשענע און געצעהלט דאָרט דאָס ביסעל מינץ, וואָרים וואָס טהוט מען, אַז דאָס פערגניגען קאָסט מיט איינינע פּרוטות מעהר וויפיעל עס פערמאָגט א איד, דאַן קומט אויס כאָטש דעם בורנוס צו פערזעצען, און אין דרויסען איז קאַלט. ווי זאָגט מען, פאַרזיכטיגקייט שאַדט קיינמאָל ניט.

אויף אַלע פּנים׳ער ליעגט אויסגעגאָסען אַן ערנסט. די אויגען קוקען מיעד און אָנגעשטרענגט. דאָ און דאָרט בעמערקען זיך ווי א להכעיס־שמייכעל בעלייכט אַן אויסגעלאָשען געזיכט און אונטערשטרייכט דעם טרויער, ווי א בליץ, וואָס טויכט אויף אויף א הימעל, וואָס איז שווער בעלאָדען מיט פינסטערע כמארעס.

עס זיינען צווישען די געסט ניטאָ קיין זקנים, קיין גרויע קעפּ, דאָך פעהלט די מונטערקייט און דאָס יוגענד־פייער.

האָט איהר ווען בעזוכט א וואלד אָנהויב הערבסט? נאקעטע בוימער, מיט צווייגען, ווי אויסגעשטרעקטע בעטעל־הענד, אין וועלכע דער ווינד שטעכט מיט א לייכטען פראָסט־הויך ווי מיט שטומפיגע נאָדלען און פּרעסט אוים אַן אומעדיגען וועה־געוויש... ארום שטאם א בערגעל פער־נעלטע בלעטער, און איבער די שטעגען און וועגען וואלגערען זיך בלעטער און בלעטער מיט גרינע פלעקען, אַן אָנדענקען פון גליקליכע צייטען... אַן איינזאמע שטימע פון א יתום־פויגעל, וואס האָט פערשפּעטיגט מיט זיין רייזע אין די ווייטערע מקומות, בלאָנדזשעט אין דער אטמאָספערע... האָט איהר ווען בעזוכט א וואלד אין אָנהויב הערבסט? די בוימער האָבען נאָך ניט אָנגעטהאָן זייערע ווייסע קרוינען, די אומעדיגע שטימונג איז טיעפער און גרייפענדער אין הערבסט ווי אין ווינטער.

אָט יענע הערבסט־שטימונג האָט געהערשט אויף דעם באַנקעט. ווער האָט די שטימונג ווי א געדיכטען היישעריק אָנגעיאָגט? ווער האָט דעם שווארצען גייסט אויף יעדען עלעקטריש לעמפּעל אויסגעשפּרייט?

איך האָב זיך דערמאָנט, ווי ניט־לאַנג האָט מען ביי אונז איינגע־טהיילט די שרייבער אין „יונגע" און „אלטע" — אזוי ווי קליינע קינדער מאכען נאָך אין זייער שפּיעל די גרויסע, אזוי מאַכען מיר נאָך די אַנדערע פעלקער; זיי האָבען „יונגע" און „אלטע" — און אויך מיר האָבען דאָס פּראָבלעם. מען מוז מודה זיין, אז ביי אונז זיינען דאָ אלטע, אמת פאר דער צייט, אָבער דאָך אלטע. ווער זיינען אָבער אונזערע „יונגע"? וואו איז זי, די ווי א קוואל־שלאָגענדע יוגענד? וואו איז זי, די זאָרגלאָזיג־קייט, די נאאיווויטעט, חן, אונשולד, בעוועגליכקייט, רייץ, געוואגטהייט, שטאָלצער בליק, מונטערקייט, שפּיעלינגקייט, די אלע סמנים פון יוגענד? וואו זיינען די שעהנע טעות'ען פון דער יוגענד, וועלכע קומען מיט הער־ליכע, געוואגטע, כמעט אונמעגליכע פערזוכען? וואו זיינען די ריינע זינד, וואָס היים בלוט און טיעפע ליידענשאפט, א קלאפּענדעס הארץ נאָר מיט רוהיגען געוויסען, האָבען אויף דער וועלט געבראכט? אומזיסט וועט איהר ביי אונז זוכען ייגענד, — זי פעהלט אין גאנצען.

איך בעמערק צו מיין פריינד, וועלכער זיצט נעבען מיר און דוכנ'ט איבער א גלעזעל סעלערי און זייט עס צווישען די צייהן, און קוקט כמורנע אויף דער אויסגעשפּרייטער סאַלפּעטקע: דער באַנקעט איז אין אלע פּרטים עהנליך צו דעם באַנקעט ביי כאדאטאָוו'ען, ווענען וועלכען עס שרייבען איצט די רוסישע צייטונגען. עס פעהלט נור, אז א שכור'ער קופּרין זאָל אָנווערגען א ביסעל אונזערען א בלייבען אנדרעיעוו. דאַן וואָלט דאָס בילד געווען פאלקאָמען.

מיין פריינד האָט די בעמערקונג גענומען אויף דעם חשבון פון זיין

סעלערי, און ער האָט שטעכיג געענטפערט: אויב איהר זייט רייך, אדרבא, קויפט א ביסעל וויין. איך האָב ניט לאַנג א געדיכט געלייענט, א שעהן געדיכט פון אונזערען א פּאָעט, וועגען רויטען וויין, וואָס שוימט אין בעכער, און וועלכען די עלעקטרישע שטראהלען ברעכען זיך ווי אין א טהייערען רובין — איך וואָלט עס מיט מיינע אויגען ווען זעהן. אגב, האָב איך שוין לאַנג ניט פערזוכט דעם טעם פון משקה... נאָך לעצטען פּסח ביי מיין אַלטען זיידען.

מיין פריינד'ס רייד האָט איבערגעהאַקט דער טאָאסט-מייסטער, וועלכער האָט פאָרגעשטעלט איינעם פון אונזערע בעסטע דיכטער.

איך האָב אָנגעשטרענגט די אויערען: די אייראָפּעאישע אידישע ליטעראטור און די אַמעריקאַנישע אידישע ליטעראטור... דער דיכטער איז צופריעדען מיט דער השגחה, וואָס האָט אונז געגעבען צוויי ליטעראטורען אַנשטאָט איינע.

איך שטרענג ווייטער אָן מיינע אויערען, אָבער א מחשבה, ווי אַן איינגעגעסענע פליעג, בויערט ביי מיר אין מח: איז ווירקליך דאָ אַן אַמעריקאַנער אידישע ליטעראטור? הערען מיר זיך איין אין דעם, וואָס מיר רעדען? ווארום די זעלבסט-נארעריי? די אַלע שרייבער, אונזערע „יונגע" ווי די „אַלטע", זיינען דאָך ניט דאָ, אויף דעם באָדען, אויסגעוואקסען. אונזער אידיש האָבען מיר אין אייראָפּא גענאָסען, און דאָ בלויז עס פערערגערט — ווארום הייסען מיר אַמעריקאַנער שריפטשטעלער? מעגליך, אַז פיעלע פון אונז וואָלטען אין אייראָפּא קיין שרייבער ניט געוואָרען, פונקט ווי מען קען רעכענען, אַז פיעלע אַנדערע, וואָס זיינען דאָ סוחרים, ארבייטער, וואָלטען אין דער היים פיעלייכט געווען שרייבער — ניט וועגען דעם איז דאָ די רייד, ניט וועגען די אויסערליכע אומשטענדען רעדען מיר, נאָר וועגען דעם אינווענינסטען א י ד י ש ע ן פּ י נ ט ע ל ע, — דאָס האָבען מיר דאָך מיט זיך פון דער היים געבראַכט. יענער פונק איז אריבערגעבראַכט ממדינת-הים. עס איז בכן פאראַן נאָר אַן אייראָפּעאישע אידישע ליטעראטור, וועלכע איז איבערגעפלאַנצט געוואָרען אויף אַן אַנדער באָדען. אייניגע פון די פלאַנצונגען וואַקסען שעה-נער, אַנדערע ערגער; קיין נייע וואַקסען אָלענפאַלס ניט, דען דער באָדען איז ניט מסוגל דערצו.

ניט לאַנג האָט מען אין רוסלאַנד געפייערט דעם יובילעאום פון זיידען מענדעלי, — אין דער צייט האָט מענדעלי זוכה געווען צו זעהן אייניקלעך, וואָס וועלען ווייטער שפּינען דעם פאָדים, אייניקלעך, וועלכע זיינען אויף דעם זעלבען באָדען אויסגעוואַקסען און ניט געבראַכט געוואָרען אויף א שיף פון אַן אַנדער מדינה.

אויף אין אונזער לאַנד האָבען מיר געהאַט אַ יובילעאום פון אַן אַנדער זיידען — זאָגט, אדרבא, ווער איז דער, וואָס וועט זיין שטעל פערטרע־טען? אויב ער איז אפילו געבוירען געוואָרען אין דעם טאָג, ווען דער זיידע האָט אָנגעהויבען שרייבען, דאַרף ער שוין איצט אַלט זיין העכער פינף־און־צוואַנציג יאָהר... ווייזט מיר זיין אלף־בית, איך בעט אייך, און איך בין מוחל די געדיכטע.

עס דרעהט זיך דאָ דאָס מיהלבעל כל־זמן די שיף ב'רענגט אריבער נייע פארטיגע אידעלעך — וואו זיינען די אמעריקאַנער אידישע פּאָעטען און אידישע שרייבער?

אַן דער שפּיצע פון אונזערע צייטונגען שטעהען מעהר־וועניגער פעהיגע פובליציסטען. איינעגע פון זיי שטעהען שוין ביים רודער אַ פינף־און־צוואַנציג יאָהר און מעהר. ווער וואָלט פערנומען זייער פּאָסטען, ווען זיי וואָלטען זייער פעדער פון דער האַנד געלאָזען? געוויס, עס איז דאָ אַן עצה; מען קען טעלעגראַפירען נאָך רוסלאַנד. 25 יאָהר צייט איז דאָך אָבער שוין גענוג, אַז עס זאָלען זיין אייגענע קרעפטען. די היינטיגע האָבען דאָך אָנגעפאַנגען אין דער זעלבער עלטער. ווייזט מיר כאָטש איינעם, וואָס איז אויסגעוואַקסען אויף אונזער ליטעראַטור אין דעם לאַנד און איז גרייט איהר טריי צו בלייבען?

נאָר וועהרענד איך בין אַזוי פערטראַכט אין דער מחשבה, דערגרייכט צו מיינע אויערען אַ נייע אָפּטימיסטישע שטימע פון אַן אַנדער טאָאַסט־רעדע: די אַלע וואָס זיצען ביי די לאַנגע טישען, לעבען פון ליטעראַטור... — און דער רעדנער רעדט ווייטער.

פאַר מיר איז די איינע בעמערקונג גענוג. דער גאַסט איז אַ פרעמ־דער, און איהם קען מען נארען. וואָס טראַכטען אָבער די היימישע אליין? איך וואַרף אַ קוק ארום זיך: אַ דאָקטאָר מעדיצין, וואָס ווידמעט זיין צייט הויפּטזעכליך דער מעדיצין און שרייבט אַמאָל אַן ארטיקעל אַלס פּרפּראות צו דער מעדיצין, נאָר ניט, גלאַט אַזוי זיך. אַרונטער־צו — ווייטער אַ דאָקטאָר מעדיצין, נאָכדעם אַן אינזשיניער, און נאָכאַמאָל אַ דאָקטאָר מעדיצין, אַ לאָיער וואָס שרייבט זעהר זעלטען, נאָך אַ לאָיער, אַ לעהרער, אַ יונגער מאַן וואָס שטודירט אויף דענטיסט, נאָך איינער וואָס מאַכט קאָונטס און ווייס ניט וואָס צו ווערען, אַ ניוס־דיעלער, אַ דראָגיסט, אַ מוזיקער, אַ מאַסאַזשיסט, אַ סטאָליאַר, אַ שניידער, אַ קאַטער, אַ מאַלער, אַ הונגעריגער און נאָך און נאָך מלאכות, צווישען זיי בלויז איינעגע, וואָס לעבען פון דער פעדער. לעבען? עס רעדט זיך נאָר אַזוי בדרך מליצה. פיעלע פון זיי, איז אויסער וואָס זיי שרייבען, רעדען זיי נאָך אונטער אַלס זייטיגע מלאָכה. לעבען? איז נאָך דאָ אַן אַנדערע אידישע פּראָ־

פּעסיאָן אין אידישען לעבען, ביי וועלכען עס זאָל אזא קליינע, אזא בע־גרענצטע צאָהל מענשען מאַכען א לעבען? אויב פּופּציג פּערזאָן לעבען אנשטענדיג פון דער אידישער ליטעראַטור, איז עס א סך, דען מיר קענען דאָך ניט רעכענען די אַנדערע, וועלכע ווערען פערשוואַרצט, שקלאַ־פען און הונגערען אונטער, אונטערשטופּענדיג דעם וואָגען, אויף וועלכען עס זיצען ברייט צוזעצט אייניגע אידישע פּאַבלישערס. אתרוגים דאַרפען אידען בלויז איינמאָל א יאָהר — דאָך, מעהר מענשען שפּייזט דער אתרוגים־האַנדעל איידער די אידישע ליטעראַטור. דאָס זעלבע איז אויך ריכטיג בנוגע די מצות־הענדלער. קען נאָך זיין א גרעסערער בעווייז, ווי אונזיכער עס איז די גאַנצע צוקונפט פון דער אידישער ליטעראַטור אין גלות? בעווייזט עס ניט, וואָס פּאַר אַן אונוויכטיגע ראָלע די אידישע שריפטשטעלעריי שפּיעלט אין אידישען לעבען, ווען עס קען ניט מפרנס זיין בדרך כבוד מעהר ווי אייניגע צעהנדליג מענשען?

און נאָך עפּעס. די אייניגע צעהנדליג מענשען, וואָס נעהמען ארונ־טער די סמעטענע פון דער ליטעראַרישער לאַדישקע, זיינען געוועהנליך בעשעפטיגט אין די צייטונגען. די צייטונג איז שוין ווידער א צו קאָמפּליצירטעס וועזען. דאָס איז עפּעס מעהר ווי ליטעראַטור. דער אַדווערטייזמענט, וועלכער איז א וויכטיגער פאַקטאָר אין אונזער געזעל־שאַפט, און וועלכער איז דער אינדירעקטער שפּייזער פון די אייניגע צעהנדליג מענשען, האָט מיט ליטעראַטור גאַר ניט צו טהאָן. צוויי מיליאָן אידען געפינען זיך אין אַמעריקא, און בלויז א פּאָאַר צעהנדליג לעבען פון דער ליטעראַטור.

און ווען מען זאָגט בדרך כבוד, איז דאָך עס אַלץ גערעדט פערהעלט־ניסמעסיג, דען די גרעסטע סומע, וואָס דער אידישער שריפטשטעלער מאַכט, פערדיענט א ליאַדע דאָקטאָר, לאָיער, דענטיסט.

דאָס איז א שרעקליכער צושטאַנד, וועלכער בעווייזט מעהר ווי עפּעס ווי אוננאָרמאַל עס איז דאָס אידישע לעבען.

דען עס האַנדעלט זיך דאָ אום א פאָלק, וואָס האַלט אויס ניט איין ליטעראַטור, א פאָלק וואָס פערשטעהט די ווערטה פון געשריעבענעם וואָרט — און דאָך...

און דאָ קומען מיר צום סאַמע עיקר.

דען ניט צו זאָלצען עמיצען אויף די וואונדען איז דער צוועק פון די רייד. די וואונדען זיינען ניט קיין פרעמדע, עס זיינען אייגענע וואונדען.

עס פּעדדריסט וואָרום צווישען די אידישע שרייבער, ווענינער ווי צווישען וועלכער אַנאַנדער שיכט פון פאָלק, איז צו געפינען סימפּאַטיע פּאַר דעם ציוניזם. ציוניזם? — ניט דערמאָנט דאָס וואָרט צווישען

אידישע שריפטשטעלער, אויב איהר האט פיינד פערקרימטע געזיכטער.
די אידישע שריפטשטעלער קוקען ברוגז׳לעך אויף דער ציוניסטישער בע־וועגונג, טראץ דעם, וואס זייער שטאנד בעווייזט מעהר ווי וועלכער אנ־דער שטאנד פון אידישען פאלק, ווי נויטיג עס איז צו נארמאליזירען דאס אידישע לעבען.

עס איז פערדריסליך, עס ערגערט עד הנפש, ווען מען בעטראכט, וואס פאר א קליינער פראצענט שריפטשטעלער עס בעציהט זיך מיט סימ־פאטיע צו דעם פערזוך — צו פערפלאנצען דאס אידישע לעבען אויף א געזונדען באדען, און וואס פאר א גרויסער פראצענט עס איז ממש געגען דעם ציוניזם, און וויפיעל גלייכגילטיגקייט!

ווען עס קומט צום ציוניזם, דאן ווערען די דיכטער — ערנסטע פראזאאיקער, דאן ווערען די טרוימער — ניכטער. דאן לאזען זיך די פליעגעל ארונטער, און מיט א פראקטישען שמייכעל שטעהען זיי און ערקלעהרען: לאזט אונז אפ, עס איז א טרוים, עס איז ניט רעאל.

און אליין שטעלט מען זיך אוועק און מען בלאזט אויס זייפען־בלאזען און מען קוויקט זיך מיט די קאלירען, וועהרענד דער באדען גליטשט זיך פון אונטער די פיס.

עס לויפען ארום די אידישע שרייבער פון איין וועלט־טהייל אין דעם אנדערען, און קענען זיך קיין פלאץ ניט געפינען; עס פעהלט לופט צו אטהעמען, בשעת די שאנד פון הונגער יאגט זיי נאך וואוהין זיי געהען, און זיי קענען זי ניט איבערשפרינגען, ווי דעם אייגענעם שאטען.

יונג פאר דער צייט, מוטהלאז, געבראכען אין גייסט ווערען אונזערע שריפטשטעלער. די מייסטע הויבען אן מיט א קנאק, גיבען די בעסטע פערשפרעכונגען, און ניט זיי זיינען שולדיג ווען עס געהט אלץ אוועק מיט רויך, און פערבליהט פאר דער צייט. — די גלות־אטמאספערע!

און דאך דרעשט מען הויכע פראזען וועגען דער גלענצענדער געגענ־ווארט און גרויסער צוקונפט פון דער ליטעראטור, וועגען א אידישער ליטע־ראטור אויף צוויי וועלט־טהיילען; מען וועבט איללוזיעס און מען נארט זיך אליין.

און דעם אמת וויל מען ניט זעהן, און מען וויל איהם אויך ניט הערען, ווען אנאנדערער זאגט איהם. מען לאזט נאך ארונטער דעם נאז, ווען איהר וואגט צו דערמאנען אויף דער איינציגער רעטונג פון דער פערשאל־טענער לאגע.

און דאס איז זעהר און זעהר שמערצליך.

# פאָלקלאָר

(צום הונדערט־יעהריגען יובילעאום פון די ברידער גרים׳ס מערכען־ביכעל)

די ציוויליזירטע וועלט פייערט יעצט דעם הונדערט־יעהריגען יובי־לעאום זייט דאָס מערכען־ביכעל פון די ברידער גרים איז ערשיענען.

מיט הונדערט יאָהר צוריק, אין 1812, איז א זאמלונג פון מעשה׳לעך, וואָס דאָס פשוט׳ע פאָלק האָט צווישען זיך דערצעהלט, ערשיענען. די זאמלער זיינען געוועזן די ברידער גרים. מיט פיעל מיה איז זיי די אר־בייט פון דעם זאמלען אָנגעקומען. עס איז זיי צוליעב דעם אויסגע־קומען ארומצופאָהרען איבער די דערפער און פערוואָרפענסטע ווינקעלעך. זיי האָבען אָבער געשעצט און געליעבט זייער פאָלק און קיין זאך איז זיי ניט שווער געווען כדי די געשיכטעלעך צו זאמלען.

ווען דאָס ביכעל איז ערשיענען, האָט עס ארויסגערופען פיעל אויפ־זעהן. די געלעהרטע האָבען אין דעם געזעהן א וויכטיגען בייטראג צו דעם שטודיום פון דער פאָלקס־פסיכאָלאָגיע. עס האָבען זיך באלד גע־פונען אנדערע זאמלער און האָבען אָנגעהויבען צונויפקלייבען מעשה׳לעך אויך צווישען די סקאנדינאווישע פעלקער, און אין א קורצער צייט איז דאָס בוך שטארק פערגרעסערט געוואָרען.

די מעשה׳לעך פון גרים זיינעם נאך איצט אויך די בעסטע קוועלע פון וואנען צו שעפּען ידיעות וועגען דער פסיכאָלאָגיע פון פאָלק און געבען די געלעגענהייט אריינצודרינגען אין דעם תוך פון דער דייטשער, בעסער געזאָגט, גערמאנישער ליטעראטור און קולטור.

אויף דער קאנווע פון די מעשה׳לעך זיינען פיעלע שעהנע פּאָעמען, באלאדען, דראמען, אָפּערעס אויסגעוועבט געוואָרען. די זאמלונג איז א קוועלע, פון וועלכער קינסטלער האָבען טעמען געשעפּט אין דער פערגאנ־גענהייט און וועלען שעפּען אויך אין די שפּעטערדיגע יאָהרען, דען פון די מעשה׳לעך וועהט מיט דער איינפאכקייט פון פאָלק, מיט זיין תמימות און מיט זיין געזונדער לעבענס־פילאָזאָפיע. עס זיינען ווילדע מעשה׳לעך וועגען גיגאנטען, קארליקעס, כשוף־מאכער, שדים, רוחות, מלאכים, גוטע און שלעכטע. דער ספור־המעשה, די פאבולע איז אין פלוג אן אומגע־לומפּערטע און געהט איבער אלע גרענעצען פון דער פאנטאזיע. זי איז

אָבער תמיד נאַאיוו און טראָגט אין זיך איינגעשלאָסען דעם גלויבענס־הויך. דער מוסר־השכל, דער קערן, איז תמיד אַ געזונדער.

דער פאָלקס־מענש, אויב עס פעהלען איהם די פילאָזאָפישע ווער־טער אויסצודריקען זיין גאַנצען שרעק פאַר דעם סוד פון דעם אוניווערז און פון זיין אייגענעם קיום, פאַר די גייסטער וואָס בעגלייטען דעם מענ־שען פון דער וויעג ביז דעם קבר, פיהלט ער אָבער דעם שרעק גאַנץ טיעף, און ער דריקט איהם אויס אין בילדער. דער מענש פון פאָלק פיהלט אויך ווי ער ווערט בעהערשט פון אַ גרויסען לעבענס־דראַנג, וואָס איז שטאַרקער פון איהם אליין און רעגיערט מיט איהם און פערשקלאַפט איהם, אַז ער איז אַ נעסט פאַר פיעלע געפיהלען, תאוות און רעגונגען, וועלכע בעהער־שען איהם אָנשטאָט ער זאָל הערשען מיט זיי — וועגען די אַלע זאַכען האָט דער פאָלקס־מענש אַ מיינונג און דערצעהלט וועגען דעם אַ מעשה־לע, וואָס בעהאַלט אין זיך דעם קערן פון זיין בליק אויף די דאָזיגע פראַגען.

אין די גרים־מעשה׳לעך שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע אויך די היימישע ווי די ווילדע חיות און עופות. דער אינטערעס, וואָס דער פאַרצייטיגער מענש האָט געהאַט אין די חיות, איז געווען מעהר ווי אַ פילאָזאָפישער. מיט פיעלע חיות איז איהם אויסגעקומען פיהרען מלחמה און אויסצו־געפינען, צו זיין בעדויערען, אַז זיי זיינען פיעל שטאַרקער פון איהם, און ער האָט אָנגעהויבען זיי בעוואונדערען און צו דיענען. אַנדערע חיות האָבען זיך אמת געלאָזט פערשקלאַפען. ער איז אָבער מיט דער צייט געוואָרען שטאַרק אָבהענגיג פון זיי, דען זיי זיינען געוואָרען זיינע שפּייזער און אויפהאַלטער.

דאָס האָט אויך דערוועקט אין איהם אַ געוויסע בעוואונדערונג און אונרוה. דערפון האָט זיך גענומען, וואָס אין די אַלטע צייטען האָבען אין פיעלע לענדער די איינוואָהנער געדיענט צו חיות, און די פעלקער וואָס האָבען עס ניט געטהאָן, האָבען אָבער אַלץ צו זיי געהאַט אַ מיסטעריעזע בעציהונג און האָבען פון זיי געזוכט צו ציהען אַ מוסר־השכל. אויך אין אונזערע ספרים געפינען מיר דעם פיעל בעדייטענדען וואָרט: „מאַלפני מבהמות הארץ ומחית השדה“.

די פעלקער פון אַ מאָל האָבען געהאַט פיעל צו דערצעהלען וועגען חיות און בהמות, דען די חיות און בהמות זיינען פאַר זיי געווען ניט נאָר ברואים מיט חושים, נאָר אויך מיט שכל, און די דאָזיגע פעלקער האָבען אין די מעשים פון די חיות געזוכט אריינצוטייטשען אַ מיין, אריינצולעגען אין זיי אַ זין. וואָס די פּרימיטיווע פעלקער האָבען, אַלזאָ, געהאַט צו דערצעהלען וועגען די האַנדלונגען פון זייערע חיות איז אינדירעקט געווען

א געשיכטע וועגן זיך זעלבסט, א פערצייכנונג פון דעם אייגענעם אור־טהייל וועגן רעכט און אונרעכט, גוט און שלעכט, אמת און פאַלש.

עס איז דארום קיין וואונדער ניט, וואָס דאָס דאָזיגע ווערק פון די ברידער גרים איז אויפגענומען געוואָרען מיט אזוי פיעל אויפזעהן און איז געוואָרען אזוי פּאָפּולער ביי די גערמאַנישע פעלקער, און ניט נאָר ביי זיי, נאָר טהיילווייז אויך ביי די אַנדערע פעלקער, דען סוף־סוף זיינען דאָך אין די גרונד־געפיהלען אַלע פעלקער גלייך, די פראַגע איז נאָר וועגן דער פאָרמע און גראַד.

די פעלקער האָבען אין די מעשה׳לעך דערקענט א טהייל פון זיך, פערנומען א גערוס פון זייער יוגענד און געפונען אויפקלעהרונג וועגן זייער אינטואיציעס, וואָס, ווי זיי זאָלען ניט זיין פערוואקסען מיט א גראָבער הויט פון ציוויליזאציע, לעבען נאָך טיעף אין זייער נשמה, ווי א פערבאָרגענער קוואל, וואָס שלאָגט זיינע כוואַליעס אין דעם טיעפען אָב־גרונד.

די ברידער גרים האָבען מיט דער זאמלונג הויפּטזעכליך אין זינען געהאַט די ערוואקסענע, און האָבען גאָר ניט גערענקט וועגען דעם קינדער־צימער, וועגען די יונגע נשמה׳לעך, וועלכע זיינען נאָך ניט פערשוועכט געוואָרען פון דער גראָבער פּראַקטישער וועלט, וועגען דעם יונגען פּוב־ליקום, וואָס לעבט נאָך אין דעם עולם הדמיון און איז גרייט אויפצונעהמען מיט קלאַפּענדע הערצלעך און מיט פלאַמענדע אויגעלעך די שעהנע מעשה־לעך. די גרים־מעשה׳לעך זיינען אָבער אין גיכען געוואָרען די ליעבלינג־ערצעהלונגען פון די קינדער. דאָס קינד האָט ליעב א מעשה׳לע, אין וועלכען די פּאַסירונגען זיינען שטאַרק פערוויקעלט און וואָס צופלאַמט זיין דמיון. אין גרים׳ס מעשה׳לעך האָבען זיי עס געפונען. די קינדער, פּונקט ווי די פּרימיטיווע פעלקער אמאָל, זיינען אויך גענייגט צו בעלעבען און אריינ־צובלאָזען א נשמה אין ניט־לעבעדיגע זאכען, אריינלעגען א זין אין די בענעהמונגען פון די חיות, און אין גרים׳ס מעשה׳לעך האַנדלען די חיות ווי שכל׳דיגע ברואים. דער דאָזיגער לעזע־שטאָף איז דארום געווען פאַר זיי ווי געוואונשען.

* * *

דאָס אידישע פאָלק איז שוין זייט איינינע טויזענד יאָהר א קולטור־פאָלק און אַזעלכע תמימות׳דיגע מעשה׳לעך זיינען שוין געווען געגען זיין אויפפאַסונג אויך מיט הונדערט יאָהר צוריק, דאַן ווען די ברידער גרים האָבען געזאַמעלט די מערכען אונטער די דייטשען.

די אידישע ליטעראַטור איז בכלל געווען אָרעם אין מיטהאָלאָגיע אויך אין די גאָר פּרימיטיווע יאָהרען. און בשעת די גריכען און די

רוימער האָבען געשאַפען אַ גאַנץ רייכע מיטהאָלאָגיע, איז דאָס אידישע פאָלק אויף דעם געביעט געווען כמעט פרוכטלאָז, דען די אידען האָבען זיך בעצויגען צו דער וועלט גאַנץ אַנדערש ווי אַלע אַנדערע פעלקער. דער איד האָט תמיד זיך געהאַלטען העכער פון די חיות, וואָס האָבען איהם ארומגערינגעלט, און האָט זיך בעטראַכט אַלס גאָט'ס פערטרעטער אויף דער ערד. ער האָט קיינמאָל ניט אידענטיפיצירט גאָט מיט דער נאַטור, דען ער האָט געשטעלט די גאָטהייט העכער פון דער נאַטור, און ער האָט געזעהן אין די נאַטור־געשעהענישען דעם אויסדרוק פון גאָט'ס ווילען, אָדער בשום אופן ניט קיין בעוואוסטע טהאַט מצד דער נאַטור.

דער דאָזיגער קוק אויף דער וועלט האָט פון אָנהויב געשטערט, אַז ביי אידען זאָל זיך ענטוויקלען אַ מיטהאָלאָגיע. און אויב עס האָט אויף דעם אידישען באָדען זיך ניט געקענט ענטוויקלען קיין מיטהאָלאָגיע אין יענע פרימיטיווע צייטען, האָט דאָך אין די לעצטע הונדערטע יאָהרען, נאָכדעם ווי דאָס פאָלק האָט געלעבט אונטער דעם איינפלוס פון דער דאָזיגער וועלט־אנשויאונג אייניגע טויזענד יאָהר, אַזאַ מין שעפפונג אויף דעם אידישען קולטור־בוים אודאי ניט געקענט וואַקסען.

דאָס אידישע פאָלק איז אַזוי ווייט געווען פון מיטהאָלאָגיע, אַז אפילו אין זיין פאָרשטעלונג וועגען בריאת העולם, אַ טהעמאַ, וועלכע איז ביי אַלע אַנדערע פעלקער דורכגעוועבט מיט מיטהישע עלעמענטען, איז ניט צו געפינען קיין שפור פון מיטה. אַלץ איז אַזוי דערנעהנטערט גע־וואָרען צום שכל, אַז אויך איצט, נאָך דעם ווי די וויסענשאַפט האָט בעזיעגט די וועלט, דאַרף די אידישע „קאָסמאָגאָניע" געענדערט ווערען בלויז אין אייניגע פּרטים, אָבער בדרך כלל בלייבט זי אונבעריהרט.

דאָך האָבען אויך אונזערע פאָלקס־מאַסען ליעב צו דערצעהלען שעה־נע געשיכטעלעך, כאָטש אין די אידישע ספורים דרעהט זיך עס מייסטענס ארום דעם מענשען. ער איז דער הויפט־אַקטיאָר, בשעת די חיות פערנעהמען פיעל וועניגער פלאַץ, און אויב זיי קומען אריין, זיינען זיי ניט קיין צענטראַלע פיגורען, נעהמען זיי ניט קיין אַקטיווען אַנטהייל, נאָר זיי זיינען בלויז דיענער און פאַסיוו.

די מעשה'לעך זיינען פון דעסטוועגען ניט נאָר ניט וועניגער אינ־טערעסאַנט, נאָר, פערקעהרט, פיעל מעהר אינטערעסאַנט, דען דאָס מענש־ליכע ריהרט שנעלער אָן אונזער הארצען'ס סטרונעס און עס וואָלט געווען גוט, ווען מען וואָלט די מעשה'לעך צונויפגעקליבען.

עס זיינען לעצטענס אויף דעם געביעט, אַ דאַנק דער פערשפרייטונג פון נאַציאָנאַלען געדאַנק, צוליעב וועלכען עס איז ביי אונזער אינטעלי־גענץ ארויסגערופען געוואָרען אַ שטאַרקע ליעבע צו די מאַסען און צו

זייערע שעפּפונגגען, שוין יא געמאַכט געוואָרען אייניגע פּערזוכען. דאָס איז אָבער נאָך זעהר וועניג און מען דאַרף זיך צואיילען מיט דעם זאַמלען, איידער עס ווערט צו שפּעט.

דען צוליעב דעם אריינדרינגען פון דער ציוויליזאַציע אויך אין די קליינע שטעדטלעך און צוליעב דער פאַנאַנדערפאַלונג פון דעם אייגענעם לעבען, האָבען די מעשה׳לעך, וועלכע האָבען געלעבט אין דעם פאָלק׳ס מויל אייניגע דורות, אויפגעהערט צו צירקולירען און שטאַרבען אָפּ.

ווען מען זאָל זיך באַלד פאַר דעם נעהמען, קען מען פיעל רעטען. און זאַמלען דאַרפען געזאַמעלט ווערען די מעשה׳לעך ניט נאָר פון די אידען פון איין געגענד, נאָר פון די אידען פון אַלע געגענדען, ספּעציעל פון די אידען פון די מזרח־לענדער, דען דאָרט האָט נאָך די ציוויליזאַציע ניט אָנגעמאַכט אַזעלכע חורבנות ווי אין אונזערע מקומות, און דאָרט איז די פאַנטאַזיע נאָך ניט איינגעצוימט, און יענע אידען זיינען אויך נאָהענט צו זייער אוראַלטען קוואַל. דאָרט אין דעם מאָרגען־לאַנד, וואו עס זיינען געדיכטעט געוואָרען די מעשה׳לעך פון טויזענד און איין נאַכט, מוזען צווישען די אידען לעבען גאַנץ פּאָעטישע ערצעהלונגען.

צוזאַמען מיט די מעשה׳לעך פון דער לעצטער צייט דאַרפען אויך געזאַמעלט ווערען די פערשיעדענע ספּורים, וועלכע זיינען דאָ אין תלמוד און אין די אַנדערע ספרים פון די פריהעריגע דורות.

אַזאַ זאַמלונג וואָלט, אונטער אַ גוטער רעדאַקציאָן, געקענט ווערען אַ קוואַל פון שירה פאַר אונזערע קינדער און פון נייע שעפּפונגען פאַר אונזערע קינסטלער.

מען האָט אין דער לעצטער צייט געזאַמעלט די פאָלקס־ליעדער, די שפּריכווערטער. לעצטענס האָבען גוטע מענשען אויך געזאַמעלט די אידישע וויצען, וועלכע, ווי דער פערלאַג „מוריה" אַנאָנסירט, וועלען באַלד געדרוקט ווערען.

ווער וועט איצט אויף זיך נעהמען די ראָלע פון די ברידער גרים און אָנהויבען זאַמלען די אידישע געשיכטעלעך, אייניגע פון וועלכע, אויסגעשליפען דורך די הענד פון אַזאַ מייסטער ווי בארדיטשעווסקי, לייכטען מיט אַלע בלענדענדע פאַרבען פון דיאַמאַנטען און רובינען?

די אַרבייט איז זעהר אַ דאַנקבאַרע און פאַר דער אידישער ליטעראַטור זעהר אַ וויכטיגע, און עס ווילט זיך האָפען, אַז עס וועט זיך געפינען דער זאַמלער פאַר די אידישע מעשה׳לעך, דער אידישער גרים.

# ר׳ נחמן מברסלב

## (צו זיין הונדערטען יאהרצייט)

דאס אייניקעל ר׳ נחמן איז געבארען געווארען אין דעם זעלבען שטעדטעל, אין דער זעלבער שעהנער סביבה פון דערפער און וועלדער, וואו דער זיידע, ר׳ ישראל בעל שם טוב.

ביידע זיינען זיי געבוירען געווארען אין מעזבעזש. מיט דעם זיידען האט א רייצענדע מיסטישע בלום אויסגעשפראצט, האט א ליכט וואס האט זיינע שטראהלען געווארפען אין די ווייטעסטע ווינקעלעך פון דער אידישער וועלט זיך אנגעצונדען, איז א שעהנער טרוים אויפגעגאנגען, איז געבוירען געווארען יענע אריגינעלע, פאעטיש־פילאזאפישע חסידישע בעוועגונג, וואס האט די אלטע אידישע ביינער אבגעפרישט און בעזאפטיגט און אין אידישען הארץ געעפענט קוואלען פון חיות און דערמינטערונג און דעם אידישען מוח בעפרייט פון יענע סכאלאסטישע דריידלעך און שטויב טרוקענע פלפולים, פון יענעם מורא׳דיגען געוועב פון נישט־געשטויגענע, נישט־געפלויגענע חקירות, אין וועלכען ער האט זיך פערפלאנטערט. מיט דעם אייניקעל, כאטש אין גאנצען איז אוועק א קורץ שטיקעל צווישען־צייט פון זיידען ביז׳ן אייניקעל, האט שוין פון דעסטוועגען די בלום אנגעהויבען וועלקען, דאס ליכט זיך פליאמען און עס האבען זיך געמערקט סמנים פון אונטערגאנג אין יענער שעהנער מיסטישער בעוועגונג, וועלכע הגם זי האט גקענט ווייזען א גאנץ לאנגען יחוס־בריעף און האט איהר אנהויב געקענט צוריקפיהרען נאך צו א תקופה ווען דאס אידישע פאלק האט געלעבט אויף זיין לאנד, איז אבער ערשט געווארען אין גאנצען אידיש דורך דעם בעל שם טוב. עס איז געווען דער בעל שם, וואס האט די פרעמדע עלעמענטען איבערגעארבייט און פערארבייט, אז זיי זיינען געווארען אן ארגאניש־צונויפגעוואקסענער טהייל פון אידישקייט, ניט אפשיידבאר און ניט דערקענבאר, ווי די ערד־זאפט, זונען־שטראהלען און הימעל־טוי אין דער בלום, אדער ווי דער נעקטאר אין דעם האניג. עס איז געווען דער בעש״ט, וואס האט די מיסטישע שטרעמונג, וואס איז אין איהר עצם געווען דאס ווידער־קול פון דער אידישער נשמה, אבער טהיילווייז אויך א פועל־יוצא פון פרעמדער השפעה, און וואס האט דורך אלע איהרע גלגולים ניט געקענט קריגען פאר

זיך קיין אמת׳ען „תיקון“, אין גאַנצען געבראַכט אונטער די פליגלען פון יודענטהום און זי געמאַכט פאר א טהייל פון דעם אידישען „יש“. עס האָט אָבער ניט לאַנג גענומען און שוין האָט די זון פון דער אמת אידיש געוואָרענער בעוועגונג שוין אָנגעהויבען אונטערצוגעהן, און עס האָבען זיך אָנגעהויבען ווייזען שפורען פון דעגענעראַציע; דער חסידיזם האָט אָנגעהויבען זיך טראַנספאָרמירען אין א גראָבען פעטישיזמוס, אין א וואולגאַרען צדיקיזמוס, ביז ער איז ענדליך פערזונקען אין א תהום. אין יענער צייט, אין דעם דונקעלען בין־השמשות, איידער די ליכטער זיינען אין גאַנצען אויסגעלאָשען געוואָרען דורך בייזע גלות־ווינטען, האָט די גרויסע אידעע אויפגעשטעלט נאָך א גרויסען גייסט, ער זאָל דעם חורבן אָפּהאַלטען, וואָס פאר זיינע אויגען זאָל דער חורבן שוועבען, און ער זאָל דעם חורבן אין הארצען טראָגען; ער זאָל מיט די שווארצע גייסטער וואָס פערשאָטענען דאָס אמת׳ע ליכט, דעם אמת׳ען זין פון דער אידעע, קעמפּפען און זיעגען, און דאָך זאָל זיך זיין ניעדערלאַגע איהם פאר זיינע גייסטיגע אויגען, וואָס קוקען אין דער ווייטקייט, מאָלען און ער זאָל די טראַגיק פון א דערוויילינגען זיעג און פון א זיכערער נידערלאַגע אין זיין פארב און קלאַנגרייכע נשמה פערזיגלען, פערזיגלען און געוואָרפען ווערען אין א כף־הקלע פון טיעפער עצבות און אויך אמת׳ער פרייד, זיין א ניט־פערשטאַנענער, איינער וואָס איז ניט פון דער איצטיגער וועלט, מיט א דערנער־קרוין און לאָרבער־קראַנצען אויף זיין קאָפּ, א פערהייליגטער און בעקעמפּפטער, — א גרויסע טראַגישע פיגור.

* * *

אויב פלאַטאָן׳ס אידעען־וועלט איז געווען ריינע פילאָזאָפיע מיט א דורכשפּרענקלונג פון מיסטיציזמוס, איז זי ביי זיינע נאָכפאָלגער, ביי די נעאָ־פלאַטאָניקער, געוואָרען מעהר מיסטיציזם ווי פילאָזאָפיע. ביי זיי האָט דאָס מיסטישע עלעמענט, דאָס נעבעלהאפטע און דונקעלע, סודות־דיגע און שאַטענהאפטע, גענומען די אויבערהאַנד און פערדרענגט די פילאָזאָפיע, דאָס קלאָרע און דורכזיכטיגע, וואָס האָט זיי געדיענט בלויז אלס א שיינדלונג, אלס א קריינדעל. און מיט דעם נעאָ־פלאַטאָניזם האָט דער חסידיזם געהאַט פיעל עהנליכקייט. אויך דער חסידיזם האָט געהאַט זיין „פילאָזאָפישען קרוין“, ער איז אָבער אין גרונד געווען א תורה פון הארץ און ניט פון מוח, פון געפיהל און ניט פון שכל, — א תורה, וואָס האָט פאר דעם מענשען אויפגעדעקט וועלטען, אָבער ניט אויפגעקלעהרט; א תורה, וואָס אויך אין איהר ווייט־פליהען אין דער אַבסטראַקטער אידעען־וועלט האָט זי דאָך ניט געקענט זיך שיידען פון דעם אידעען־טרעגער, פון דעם מענשען וואָס איז פאר איהר געווען דאָס „אויג פון דער וועלט“,

אָדער דאָס „אויג פון כביכול״, לויט דער חסיד׳ישער הבנה; דער חסידיזם איז מעהר פּאָעזיע ווי פילאָזאָפיע, ווייל זיין שעפּפער, דער בעל שם טוב, איז געווען מעהר פּאָעט ווי פילאָזאָף, מעהר געפיהלס־מענש ווי דענקער; און אויף די נשמה פון ר׳ נחמן, זיין אייניקעל, איז געווען אויסגעהאַקט פון יענעם היכל פון שירה, פון וואנען עס זיינען גענומען געוואָרען די נשמות פון אַלע גרויסע וועלט־דיכטער, פון וואנען עס איז גענומען גע־וואָרען די נשמה פון בעל־תהלים און פון וואנען עס וועט גענומען ווערען די נשמה פון משיח לעתיד לבוא.

ר׳ נחמן האָט, אמת, אין זיין בלוט אויך געהאַט אַ צומיש פון דבנ׳ישע עלעמענטען פון פאָטער׳ס זייט, און ניט איינמאָל האָט דאָס רבנישע עלעמענט געפּאָדערט זיין רעכט אין לעבען און פערגרעסערט זיין טראַגיק. ר׳ נחמן איז אָבער געוואָרען דאָס, וואָס ער איז געווען, גרויסער דיכטער און העלד, ווייל דאָס בל שם־בלוט, וואָס איז צו איהם געקומען מצד דער מוטער, האָט גובר געווען.

כּאָטש ר׳ נחמן איז געבאָרען געוואָרען אין מעזביזש, — דאָס וויע־געלע פון חסידיזם, — איז אָבער אין זיין צייט שוין דער צענטער פון חסידות דאָרט מעהר ניט געווען. דער בעש״ט האָט ניט איבערגעלאָזט קיין זיהן, וואָס זאָלען זיין ווי זיין מאַנטעל אַנצוקליידען און אויף זיין הויכער שטוהל זיך זעצען, און דער צענטער האָט אריבערגעצויגען אין אַן אנדער פּלאַץ. ר׳ נחמן, ניט האָבענדיג קיין מדריך אין חסידות, האָט געזוכט אויסצושלאָגען וועגען פאַר זיך אליין. ער איז געווען אַ טרוימע־רישער נאַטור; ווען ער איז נאָך אַ אינגעל געווען, פלעגט ער ניט איין מאָל, זיצענדיג ביים לערנען, איבערטראַגען זיך אין אנדערע וועלטען און ארויסרופען די אונצופריעדענהייט פון זיינע רביים.

אין זיין פריהעסטער יוגענד נאָך האָט ר׳ נחמן געוואָלט שאפען אַ התקרבות מיט דעם אַלמעכטיגען און ער האָט דאריבער געוואָרפען זיך מיט גרויס דורשט אויף די ספרי־קבלה און אָנגעהויבען פייניגען זיין לייב, פאסטען תעניתים, מהרהר בתשובה זיין, אַליץ ווי עס שטעהט אין יענע ספרים. זיין פרעהליכע נאַטור האָט אָבער פּראָטעסטירט געגען שטרענ־גער סגפנות און לייב־פּייניגונגען, און ער האָט שפּעטער אויפגענומען די לעהרע פון זיידען: ניט אויף אַ לייטער, געפלאָכטען פון מרה־שחורה, יאוש און טרויער, קען מען קומען אין דעי׳ נאָהענטקייט פון בורא, נאָר אדרבא, דורך שמחה, דורך בעפריעדיגונג קען די מענשליכע נשמה קריגען „התעלות״, אריין אין אַ הויכער עקסטאַז און זעהן זאכען, וואָס דאָס מענשליכע אויג איז ניט תמיד זוכה צו זעהן.

ר׳ נחמן האָט פון זיין זייט אין דער שטה פון חסידיזם גאָר ניט אויפ־

געטהאָן. ער האָט אָבער העל ארויסגעבראַכט און אונטערשטראָכען איין פּונקט אין דער אַלגעמיינער שטה, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער גאַנצער ענטוויקלונג פון חסידיזם, און איהם דערפיהרט צו זיין טראַגישען סוף.

דער גאַנצער חסידיזם בכלל האָט ארויסגעבראַכט די גרויסקייט און וויכטיגקייט פון דעם מענשען אין גאָט'ס וועלט. גרויס איז די וועלט און וואונדערבאַר, יעדעס גרעזעל זינגט אַ שבח דעם בעשעפער; עס דאַרף אָבער זיין דער מענש מיט זיין אויער, וואָס זאָל עס הערען. דער מענש איז די איינציגע אינטעליגענטע בעשעפענים, אין וועלכער עס שפּיגעלט זיך אָב די גרויסקייט פון גאָט, דורך וועלכער זיין ארבייט ווערט אָבגעשאַצט און בעוואונדערט. יעדער קינסטלער, ווען ער שאַפט אויף די קונסט פאַר אייגענער בעפריעדיגונג, מוז האָבען בעוואונדערער. ווען כביכול איז פערטיג געוואָרען מיט זיין וועלט־אַל, האָט ער בעשאַפען דעם מענש, דעם בעוואונדערער פון זיין ארבייט. גאָט האָט דאריבער, בביכול, אַ נויט אין דעם מענשען. דער חסידיזם האָט דעריבער אוועקגעשטעלט דעם יחיד אין דעם צענטער פון דער בריאה. ביז ר' נחמן איז אָבער ניט געמאַכט געוואָרען קיין אונטערשיעד פון מענש ביז מענש. עס איז געוועזען דער מ ע נ ש, דער מין, אָבער ניט ד ע ר מענש, מיט אַ ה' הידיעה, דאָס בעשטימטע אינדיווידואום. ר' נחמן איז געגאַנגען דעם שריט ווייטער. עס איז געוועזען אַ לאָגישער שריט, אָבער אויך אַ געפעהרליכער. ר' נחמן האָט אויף דעם יסוד פון דעם חסידיזם אָנגענומענעם בליק, אז דער „מענש און דאָס אויג פ'ן כביכול", ערקלעהרט, אז היות מענשען זיי־נען דאָך דאָ פערשיעדענע, מיט פערשיעדענע השגות, על כן איז דער צדיק, וואָס שטעהט אויף אַ העכערער מדרגה, זעהט מעהר, בשעת די אַנדערע זעהען ווייניגער, זיינען ווייניגער משיג, און פיעלע זאַכען דעקט אויף דער גרויסער מענש פאַר די בלינדע, און ער האָט דעריבער אונטערגעאָרדענט, מכניע געוועזען די פּראָסטע, די קליינע מענשען מיט קליינע השגות אונטער דעם גרויסען מענשען מיט דער טיעפער השגה. דער גרויסער מענש איז עס פאַר דער וועלט דער „צנור שופע אור", גאָט'ס פערטרעטער אויף דער וועלט. ר' נחמן, צו רעדען מיט אונזער מאָדערנעם לשון, האָט פיעל געגלויבט אין „העלדען־קולטוס". דער גרעין פון דעם נייעם בליק איז, איינענטליך, געלעגען פערבאָרגען אין דעם חסידיזם. ר' נחמן האָט אָבער דאָס געהאָלפען ארויסברענגען און פּאָפּולער מאַכען, און אויף דעם אופן אַליין געהאָלפען דעם צדיקיזם זיעגען. צווישען חסידיזם און צדיקיזם, — צווישען די ביידע, ליעגט אַ טיעפער תהום. דער אונטערשיעד פון צדיקיזם ביז חסידיזם איז דאָס מאָל בעמערקבאַר אויך אין דער טערמינאָלאָגיע.

דער חסידיזם האָט געלעגט געוויכט אויף דעם חסיד, בשעת דער צדיקיזם — אויף דעם צדיק, וואָס איז גאָט׳ס פּערטרעטער אויף דער ערד. דער קוק אין דער טהעאָריע איז שפּעטער אין דער פּראַקטיק געוואָרען אַ תירוץ פאַר „גז־הצאן", פאַר לעבען אויף דעם פאָלקס־רעב־נונג. מחמת דעם האָבען מיר געזאָגט, אַז דער שריט איז געווען געפעהר־ליך. מען האָט עס אָבער געמוזט פון ר׳ נחמן ערוואַרטען. זיין זיידע, דער בעש"ט, איז געקומען פון די מאַסען, איז אַליין ניט געווען קיין אַריסטאָקראַט, און האָט דעריבער די אידעע פון דער אַריסטאָקראַטיע ניט געקענט אויפפאַסען, כאָטש ער האָט געהאָלפען אויפהויבען די בעדייטונג פון דעם מענשען, פון יעדען יחיד. אין ר׳ נחמן׳ס אָדערען האָט שוין געראָנען דאָס בלוט פון בעש"ט, און ער האָט אויך מצד זיי פאָטער גע־שטאַמט פון הבנים, פון דער „גאָלדענער קייט" און ער האָט דעריבער באַלד געמאַכט צוליעב דעם בעוואוסטזיין פון אייגענער גרויסקייט, דעם טיעפען אונטערשיעד אין מדרגות פון מענש ביז מענש.

ר׳ נחמן האָט פון זיין יוגענד אָן געוואוסט, אַז ער איז פיר גרויסעם בעשאַפען געוואָרען. ער האָט אויך פון דעם קיין סוד ניט געמאַכט. ער האָט אַ מאָל געזאָגט אויף זיך, אַז עס זענען געווען 3 קבלה׳יסטען: ר׳ שמעון בן יוחאי, האר"י, דער בעש"ט, און דער פיערטער איז ר׳ נחמן. אַן אַנדערס מאָל האָט ער אויף זיך געזאָגט, אַז ער איז ניט פאַר דער וועלט פון איצט; ער איז געקומען צו פריה. נאָך אַ מאָל האָט ער אויף זיך געזאָגט, אַז ווען ער זאָל וועלען מגלה זיין אַלץ, וואָס ער ווייס און זעהט, וואָלטען מענשען געקענט זיצען פיעלע טעג אָהן עסען און אָהן טרינקען און איהם הערען און לעבען פון דעם תענוג. ער האָט זיך בעטראַכט פאַר אַ פּראָמעטעאוס, וואָס האָט מיט זיך געבראַכט ליכט און „פייער, וואָס וועט ברענען אייביג", טרייסט און פרייד, און ער האָט געפאָדערט פון די מענשען, אַז זיי זאָלען אויף זיך נעהמען זיין השפעה פאַר זייער אייגענעם גליק און אייגענער רעטונג.

* * *

ווי דער זיידע, האָט אויך ר׳ נחמן געלעבט פאַר אַ צייט אין דאָרף, און דאָס האָט פיעל פּערטיעפט און ענטוויקעלט זיין פּאָעטישע נאַטור. עס איז אונזער גליק, וואָס אויך אין אונגליק איז די השגחה געווען צו אונז מילד. עס איז אונזער אונגליק, וואָס מיר זיינען אָפּגעריסען גע־וואָרען פון דער נאַטור און געוואָרען שטאָדטישע איינוואוינער; עס איז אָבער אונזער גליק, וואָס מיר זיינען געוואָרען שטאָדטישע, אָבער ניט ג ר ו י ס ־ ש ט אָ ד ט י ש ע. דאָס קליינע שטעדטעל, ספּעציעל אין אוקראַינע, איז אין נאָהענטער שכנות פון דאָרף, און געניסט פון זיין

פּאָעזיע. דורך די אָפענע פענסטער פון די בתי־מדרשים אין אַ סאַמע מיטען שמונה־עשרה, רייסט זיך אריין אַ מעלאָדיע פון אַ געזונדען בויער וואָס געהט אַהיים פון פעלד, און דערגרייכט דעם אידישען אויער. אין די קליינע שטעדטלעך זעהט מען בוימער און בלומען. מען וויים, ווען עס איז פריהלינג און ווען עס איז שניט־צייט. אין איינעם פון די שטעדטלעך איז געבוירען געוואָרען דער בעש"ט און ר' נחמן, פּונקט ווי איצט קומען פון די שטעדטלעך אונזער ביאַליק, פייערבערג און בערדי־טשעווסקי.

ר' נחמן האָט געהאַט דאָס גליק צו וואוינען אין דאָרף אויך נאָך זיין חתונה פאר אַ לאַנג שטיקעל צייט. נעבען דאָרף איז געווען אַ גרויסער באַרג, אַ הויכער, און אויף דעם שפּיץ אַ טיעפקייט און אין יענער טיעפקייט האָט ער ליעב געהאַט צו בלייבען מיט זיך אַליין און מיט דער נאַטור זיך צוגויפגיסען. ער פלעגט אויך אַ מאָל זיך אויפזעצען אויף אַ שיפעל און אַוועקלאָזען זיך אין סאַמע מיטען טייך, וואו עס זיינען געווען בלויז הימעל און וואַסער, און אין דער שטילקייט, אין זיך פערטיעפען, און די רייכקייט פון דער וועלט בעגרייפען. אין זיינע שריפטען רעדט ער זעהר פיעל מכח די גראָזען און בוימער. ער האָט בעגריפען די אונ־שולד פון די בלומען, זייער לעבען, וואָס איז פאַר זיך אַ ליעד, אַ פּאָעמאַ. ער האָט זיינע תלמידים געראַטהען געהן זיך מתבודד זיין אין פעלד, און מיט זיך מיטברענגען אַ ביסעל פעלד־געדוך, אין זייער נהעטאַ.

* * *

כאָטש ער האָט אין דער שטה פון חסידיזם ניט אריינגעבראַכט קיין פונדאַמענטאַלע פּרינציפּען, חוץ דעם איינעם, וואָס מיר האָבען אויבען דערמאָנט, האָט ער אָבער אין דעם אוצר פון חסידיזם אריינגעטראָגען אַ וועלט מיט שעהנע, לויכטענדע געדאַנקען, פיעל מחשבה־בריליאַנטען און רעיונות־פּערל, און אין זיין גאָרטען פיעל שעהנע, דופטענדע, רייצענדע בלומען געפלאַנצט. זיי זיינען צופיעל מען זאָל זיך אויף זיי אַלע קענען אָפּשטעלען. די מעשיות, וואָס ער האָט געלאָזען, אונגעשליפען ווי זיי זיינען, זיינען רובינען, סאַפּירען. עס איז דאָ גענוג ארבייט פאַר גרויסע קינסטלער די מעשיות אַ ביסעל ארומצושלייפען, און אויף דעם אופן בערייכערען אונזער קולטור־אוצר.

בלויז אויף אַ פּאָר געדאַנקען ווילען מיר זיך דאָ אָבשטעלען. אזוי שנעל ווי דער מענש האָט אָנגעהויבען חקירה'ן און פילאָזאָפירען, האָט ער אָנגעהויבען שטעלען קשיות אויף דער הנהגה פון כביכול. די גלויבינגע האָבען אין יעדען פאַל געזוכט אַ נייעם תירוץ צו בעווייזען, אַז דער רבש"ע פיהרט זיך מענשליך. ר' נחמן האָט אָבער די קשיא אַליין פערוואַנדעלט

אין א תירוץ. אויב איהר האט קושיות — זאגט ער — אויף דעם וועלט־בעשעפער, איז דאס אליין א סימן, אז ער איז גרעסער און העכער פון אונז. וואלטען מיר אלץ פערשטאנען, וואלט דאך עס מעהר ניט געווען געטליך. דער מענש דארף זיין צופריעדען, ווייל די קושיות בעפעס־טיגען זיין גלויבען, אז עס איז דא א העכערע קראפט, אז די וועלט האט איהר בעשעפער מיט העכערע ציעלען.

גאנץ טיעף האט ער אויך ארויסגעבראכט די וויכטיגקייט פון ווארט. פילאן איז געווען דער ערשטער צווישען די מיסטיקער, וואס האט בעקליי־דעט דאס ווארט, דעם לאגאס, מיט כח און ווירקונג. ביי דעם לעצטען גרעסטען מיסטיקער איז נאך א מאל אבגעפרישט געווארען די בעדייטונג פון ווארט. דאס ווארט האט אן אייגענעם כח, וואס דרינגט אין דער טיעפעניש פון דער מענשליכער נשמה און בויט אויף דארט זיינע נייע וועלטען, אונטער דעם שוועל פון דעם מענשליכען בעוואוסטזיין. דער מענש ווערט אפט געוואהר ערשט נאכדעם ווי דאס ווארט האט שוין געהאט זיין ווירקונג.

ער זאגט אויף איין פלאץ: צו וועלען ווירקען מיינע ווערטער ווי א שווייגען אויף דעם הערענדען און רוהען אין איהם און העלפען שפעט ווי א לאנגזאמע רפואה. צו וועלען ניט ווירקען מיינע ווערטער אויף דעם מענשען, נור ערשט שפעטער ווען ער זאגט זיי איבער צו אן אנדערען, און דאן ערשט דערפיהלט ער זייער טיעפקייט און בעדייטונג. פון אונזער זייט ווילען מיר צוגעבען, ווען אויך דער מענש זאל עס טהאן מיט דעם צוועק ארויסצודריקען זיך געגען די געדאנקען.

* * *

אין איין פרט איז ר׳ נחמן געווען גליקליכער פון זיין זיידען. יענער האט זיין גאנץ לעבען געשטרעבט צו זיין אין ארץ ישראל, און איז ניט געווען, בשעת ר׳ נחמן האט יא זוכה געווען. עס איז בעקאנט, ווי ווייט דער חסידיזם, ווי פריהער די קבלה, איז צונויפגעבונדען מיט ארץ ישראל. מען דארף אבער הערען וואס ר׳ נחמן האט צו זאגען איבער ארץ ישראל, צו זעהן ווי ווייט דער חסידיזם, וואס האט אפגעפרישט דעם מענשען אין דעם אידען, וואס האט אויפגעוועקט זיין ליעבע פאר דער נאטור, וואס האט געווירקט אויף זיין תשוקה צו לעבען און געניסען אלס יחיד, האט אויך אויפגעוועקט אין איהם זיין נאציאנאלען געפיהל, זיין ליעבע פאר זיין לאנד.

זאגט ר׳ נחמן: ווער עס וויל זיין א איד באמת, זאל פאהרען קיין ארץ ישראל. קיינע מניעות דארפען א אידען ניט אפהאלטען. און אנ־דערש מאל: מיין ארט איז ארץ ישראל; וואוהין איך זאל ניט פאהרען,

פֿאָהר איך קיין ארץ ישראל. דער מאמר האָט זיין גלייכען נור אין ר׳ יהודה הלוי׳ס מאמר: לבי במזרח ואני בסוף מערב. ווען ער איז צוריק־געקומען האָט ער אויף זיך געזאָגט: „דאָס גאַנצע חיות וואָס איך האָב, שעפּ איך פון ארץ ישראל“. עס איז אפשר ניט קיין צופאַל, וואָס די גרויסע אנהענגער פון דער חובבי־ציון בעוועגונג זיינען געקומען פון די קינדער פון חסידיזם.

---

אין תקל״ב חודש נסן, דער חודש פון פריהלינג, איז ר׳ נחמן געבוירען געוואָרען. אין תקע״א אום סוכות, אין דעם חג־האסיף, איז ער גע־שטאָרבען — א סימבאָל, אַז זיין לעבען איז געווען א פרוכטבאַר לעבען, אַז פיעל שעהנע פּירות האָט זיין לעבענס־בוים געטראָגען, וואָס פערדיענען מען זאָל זיי קלייבען און אריינברענגען אין די אידישע קולטור־קאַמערען. אין דייטש האָט עס שוין ביסלעכווייז געטהון מארטין בובער, דאָס צאַרט פיהלענדע אייניקעל פון דעם חוקר קדמוניות שלמה בובער.



# משה העסס

(צום הונדערטען יאָהר פון זיין געבורט)

אין א צושטערונגס־פעריאָדע איז משה העסס געבוירען געוואָרען; אין דער צייט, ווען די לופט איז פערקלונגען געוואָרען מיט דעם געשריי: „ארויס פון דאָס יודענטהום!״ און ווער עס האָט נאָר געהאַט אביסעל גייסט האָט פערלאָזט דאָס יודענטהום, ווי א זינקענדע שיף, און איז אַנט־לאָפען, ווי מען אַנטלויפט פון אַן אומגליק. איז דאָך אין יענער צייט ווירקליך געבוירען געוואָרען דער שפּרוך: „דאָס יודענטהום איז אַן אומגליק״.

א שווערע צייט האָט דאַמאָלסט דאָס אידישע פאָלק איבערגעלעבט. זיינע בעסטע קינדער האָבען איהם פערלאָזען, און די וואָס זיינען גע־בליעבען, האָבען געריסען פון יודענטהום גאַנצע אברים, געמאַכט דאַרויף ווילדע אָפּעראַציעס און עס געמענגשעלט, כדי עס זאָל ניט זיין חלילה צו גרויס אין די גוי׳אישע אויגען.

„דאָס יודענטהום איז אַן אומגליק״, „דאָס יודענטהום האָט זיך איבערגעלעבט״ — דעם שרעקליכען אורטהייל האָבען די גרעסטע אידען אליין ארויסגעטראָגען.

און ניט איינער פון די פעראורטהיילער האָט אין יענער צייט איינ־געזעהן דעם גרויסען לעבענס־כח פון דעם אידישען פאָלק, ווען זיין קליי־נער דייטשער טהייל האָט אין איין תקופה געקענט ארויסשטעלען אזוי פיעל גרויסע מענשען, אז עס זאָל קלעקען גאַנץ גרויסע פעלקער צו בעטהיילען.

עס איז אָבער געווען אונמעגליך פאַר דעם אזוי זאפט־רייכען טהייל פון פאָלק אונטערצוגעהן. אויך אין דער צושטערונג זיינען איינענטליך געלעגען פערבאָרגען פיעל זאמען פון אויפלעבונג, כאָטש די צושטערער האָבען עס לחלוטין ניט פערדעכטיגט. מיט איין האנד האָבען זיי צו־שטערט און מיט דער אנדערער האָבען זיי געבויט. פיעל חיות שעפּט אונזער נאַציאָנאַלע בעוועגונג פון יענער אסימילאַציאָנס־פעריאָדע. דאָס איז אַן אמת, מעג עס קלינגען ווי פּאַראַדאָקסאַל.

אין יענער צייט האָט דאָס פאָלק פאַר זיך אָנגעזאַמעלט פיעלע מאַטעריעלע און גייסטיגע אוצרות, מיט וועלכע עס בענוצט זיך איצט אין

קאַמפּף פאַר זיין עקזיסטענץ און פאַר דעם ענדליכען נצחון פון זיין פריהייט.

אַ פאָלק ווי דאָס אידישע, וועלכע טראָגט אַ מסורה פון טויזענדער יאָהרען אויף זיינע פּלייצעס, און וואָס זיין אייגענגייסט איז ניט בלויז הויט־טיעף, נאָר איז איינגעדרונגען אין בלוט און פערבויט אין די צעללען, קען ניט אונטערנעהמען קיין ארבייט, ביי וועלכער עס זאָל זיך ניט אויסדריקען שטאַרק אָט דער אייגענגייסט, און פון וועלכער עס זאָלען ניט ארויסשפּראָצען נייע בעפרוכטענדע עלעמענטען.

נאָר וואָס איז מעהר וואונדער: ניט נאָר זיינען אין יענער צייט אונבעוואוסטזיניג אָנגעזאַמעלט געוואָרען קערענדלעך פאַר אויפלעבונג, נאָר עס איז אויך בעוואוסטזיניג געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט פון אונזער בעוועגונג, דורך איינעם פון די רעוואָלוציאָנערע גייסטער פון יענער צייט, דורך משה העסס.

די אַלע מאָדערנסטע אידעען פון דער איצטיגער תקופה האָבען אין זיין בוך „רומא וירושלים" געפונען אַן אָפּקלאַנג; באמת ניט נאָר אַן אָפּקלאַנג, נאָר זייער שאַרפע פאָרמולירונג.

משה העסס, דער ערשטער בעגרינדער פון ציוניזם, איז געקומען צו איהם דורך אַ טיעפער פערשטענדניס פון יודענטהום, אָבער ניט ווייניגער דורך זיין פערשטעהן די וויכטיגקייט פון דער פרייער ענטוויקלונג פון דער נאַציע פאַר דעם גליק פון דער גאַנצער מענשהייט — זיין טיעפע פערשטענדניס פון דעם אמת'ען זין פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזמוס.

אין אונטערשיעד צו קאַרל מאַרקס, מיט וועמען ער איז אין איין צייט ארויסגעטראָטען אויף דעם פּאָליטישען פעלד, און וועלכער פערצווייפ־לענדיג טהעאָרעטיש אין מענשען'ס רעוואָלוציאָנערע קראַפט, אין זיין אויפגעוואַכטען געוויסען און אין זיין אידעאַליזם, האָט געזוכט צו פערזיכערען דעם נצחון פון די נביאים־אידעאַלען דורך די אויסערע עקאָנאָ־מישע קרעפטען, דורך די אייזערנע געזעצען פון דער געשיכטע און דעם בלינדען קרעפטען־שפּיעל; אין אונטערשיעד צו איהם האָט משה העסס אויך טהעאָרעטיש ניט פערלאָרען דעם גלויבען אין רעוואָלוציאָניזם, אין דער מענשליכער נאַטור. זי אַליין איז פאַר איהם געווען די הויפּט־גאַראַנטיע, אַז די אידעאַלען פון אַ גליקליכער מענשהייט וועלען מקוים ווערען.

מיט דעם איז משה העסס, נאָך איידער ער האָט זיך אינגאַנצען בעקאַנט צום אידישען פאָלק, געווען טריי דעם אידישען בליק אויף דעם לעבען, וואָס גלויבט אין דעם מענשליכען שטרעבען צו העכערע אידעאַלען.

שפּעטער צו, ווען העסס האָט זיך פערטיעפט אין יודענטהום און

האָט בעגריפען זיין גאַנצען רעוואָלוציאָנערען מהות, און עס איז פאַר איהם קלאָר געוואָרען די רעוואָלוציאָנערע ראָלע פון אידישען פאָלק אין דעם לעבען פון דער מענשהייט און דער ווערטה פון זיין קולטור, איז ער, נאַטירליך, געוואָרען דער גרויסער געגנער פון דער אסימילאַציאָן, דען דער אונטערגאַנג פון אידישען פאָלק איז שוין פאַר איהם געווען אַן אונגליק, און פון דעם איז שוין בלויז איין שריט צום ציוניזם.

משה העסס, טראָץ דעם, וואָס אויף איהם האָט, בלי ספק, געהאַט אַ ווירקונג די דמשק־אַפּערע, איז דאָך הויפּטזעכליך געקומען צום ציוניזם דורך אַ פערטיעפונג אין זיין אייגענעם גייסט, וועלכען ער האָט צוריק־געפיהרט צו זיין מקור — צו זיין פאָלק. ער האָט פערשטאַנען צו שעצען דעם גרויסען קולטורעלען ווערטה פון יודענטהום און פאַר איהם איז אויס־געוואַקסען דאָס פּראָבלעם: ווי דערהאַלט מען דאָס יודענטהום און ווי ברענגט מען עס צו אַ זיעג איבער די פיינדליכע קולטורען? און פאַר איהם איז באַלד ארויפגעשוואומען דער ענטפער: אומצוקעהרען דאָס אידישע פאָלק צו זיין לאַנד.

משה העסס, ווי אַן אמת'ער גרויסער גייסט, איז געווען צו פריה פאַר זיין צייט. זיין בוך האָט ביי זיין ערשיינען אַ גאַנץ קנאַפּען רושם געמאַכט. עס האָט געמוזט אוועקגעהן יאָהרען, די אסימילאַציאָן האָט געמוזט איבערגעהן אין איהר נעגאַציאָן, ביז עס איז ענדליך רייף געוואָרען דער באָדען פאַר די אידעען פון העסס.

איצט, ווען מיר נעהמען דאָס בוך, מוזען מיר זיך נאָר וואונדערען אויף זיין גרויסען גייסט, אויף זיין טיעפער אינטואיטיווער קראַפט, אויף זיין פּראָפעטישען בליק, אויף זיינע גרויסע השגה־פעהיגקייטען אויפצור־פאַסען דאָס גאַנצע פּראָבלעם מיט אַלע זיינע פּרטים אין יענער צייט, ווען־רענד אונז האָט געקאָסט יעדער שריט אויף דעם טהעאָרעטישען וועג פיעל אַנשטרענגונג און געבורט־שמערצען, און ניט גאַנץ גלייך זיינען מיר גע־קומען צו דעם גייסטיגען רייכטהום, נאָר דורך פיעל שטרויכלונגען, אָפּ־ווייכונגען, „ארויף־און־אַראָפּ'ס" — דער וועג איז מיט דערנער געווען געזעעט.

די אַלע נייע שטרעמונגען, אין וועלכע דער ציוניזם האָט זיך צור־נאָסען, קענען צוריקגעפיהרט ווערען אויף העסס — ביז די פון דעם לעצטען טאָג, איינשליעסענדיג אויך די שטרעמונג, וועלכע בעגרינדעט דעם נצחון פון ציוניזם אויף דער העבערקייט פון דער אידישער ראַסע.

אין אונטערשיעד צו פּינסקער און הערצל, וועלכע האָבען צוערשט ניט אוועקגעשטעלט ארץ ישראל אין דעם מיטעל־פּונקט פון זייער טהעאָ־

ריע — איז ביי משה העסס ארץ ישראל פון אָנהויב אָן געוואָרען איינע פון די גרויסע און הויפּט־עקרים.

דען פאר איהם זיינען ירושלים און ארץ ישראל ניט געווען סתם פּלעצער, נאָר די פערקערפּערונג פון א אידעע.

אין זיין טיעפער פערשטענדניס פון דער סעמיטישער ראַסע און אין זיין ריכטיגען אָפּשאַצען די השפּעה פון אָריענט, איז משה העסס זעהר עהנליך צו דיזראַעלי'ן. ווי דיזראַעלי, האָט ער אין דעם פיינדליכען קאַמפּף פון די פעלקער געגען אידען געזעהן א קאַמפּף פון קולטורען. די אידישע קולטור האָט ער בעטראַכט אַלס די הערליכסטע און מענשען־בעגליקענדסטע און געזוכט איהר נצחון צו פערזיכערען דורך צוריקקריגען פאַר דעם אידישען פאָלק זיין אייגען לאַנד.

העסס' ציוניזם איז דער פּראָפעטיזם, דער מעסיאַניזם. ביי איהם איז קלאָר פאָרמולירט געוואָרען דער שייכות צווישען דער וועלט'ס גליק און די אויפריכטונג פון אידישען פאָלק, צווישען דעם אידישען קעניגרייך און דעם תקון־עולם. צוליעב דעם איז שוין פאר איהם דער ציוניזם געווארען ניט נאָר א פילאָזאָפיע, נאָר א וועלט־פּראָבלעם, און מיט דעם איז ער פיעל עהנליך צו הערצל, וועלכער האָט אויך אוועקגעשטעלט דעם ציוניזם אַלס וועלט־פּראָבלעם, כאָטש זיי זיינען דערצו געקומען פון פערשיעדענע שטאַנדפּונקטען, — דער ערשטער אוים לויטער גייסטיגע טעמים, דער צווייטער אוים לויטער מאַטעריעלע. דער ערשטער האָט אויך די גוים געמאָסטען מיט א אידישען מאַסשטאַב; דער צווייטער האָט שוין צו גוים גאָר קיין צוטרוי ניט געהאַט, האָט קיין חסידי אומות העולם ניט געזעהן, און האָט זיין גאַנצע פּאָליטיק געגרינדעט אויף דעם פּרינציפּ פון „דאָ אוט דעם", פון „איין האַנד וואַשט די אַנדערע".

די הויפּט־אורזאַך פון דעם אונטערשיעד איז דאָס, וואָס העסס האָט געלעבט אין א צייט, ווען דער שאָל פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט נאָך ניט געהאַט פערקלונגען, ווען די גאַנצע וועלט האָט נאָך געלעבט אונטער דער אויפרעגונג פון גרויסע אידעאַלען, און הערצל — ווען דער ליבעראַליזם האָט גענצליך באַנקראָטירט און דאָס רעוואָלוציאָנערע פראַנקרייך איז פערטויבט געוואָרען פון די קולות: „ניעדער מיט די אידען!"

אינטערעסאַנט איז אויך דער פאַל, אז דער רעוואָלוציאָנערער העסס האָט גענומען א פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער אידישער רעליגיאָן.

עס איז געווען אין זיין צייט, ווען די בעריהמטע טהעאָריע, אז דאָס אידישע פאָלק איז ניט קיין נאַציאָן, נאָר א רעליגיעזע סעקטע, האָט אָנגעהויבען בויען איהרע לופט־שלעסער. העסס'ען זיינען געווען גאַנץ קלאָר

די מאַטיוון, וואָס האָבען די טהעאָריע אין לעבען נערופען, און העסס האָט אויף דעם באַלד נעענטפערט, אז ניט נאָר זיינען די אידען אַ נאַציאָן, נאָר אַז אויך זייער רעליגיאָן איז אַ נאַציאָנאַלע. דאָס איז געווען דער גרעסטער טויט־קלאַפּ פאַר דער טהעאָריע, אונטער וועלכער די אסימילאַ־טאָרען האָבען זיך געוואָלט בעהאַלטען. לויט העסס'ן איז אויסגעקומען, אַז אויב איהר בעקענט זיך נאָר צו דער אידישער רעליגיאָן, האָט איהר שוין ממילא זיך בעקענט צו דער אידישער נאַציאָן, דען די אידישע רע־ליגיאָן איז נאַציאָנאַל.

אַז זיין בעהויפּטונג איז ריכטיג, האָט בעוויעזען דער פאַקט, אַז די, וועלכע האָבען ערקלעהרט, אַז אידען זיינען ניט קיין נאַציאָן נאָר אַ רע־ליגיעזע סעקטע, האָבען זיך געזעהן געצוואונגען די רעליגיאָן צו בעשניידען און בעפּוצען, כדי זי זאָל קענען פּאַסען זייערע אסימילאַטאָרישע צוועקען. אַזוי ווי זי „שטעהט און געהט" איז זי געווען פאַר זיי צו נאַציאָנאַל.

פון זיין בעהויפּטונג, אַז די אידישע רעליגיאָן איז נאַציאָנאַל, האָט פאַר משה העסס שוין ממילא אַרויסגעפּלאָסען אַ התחיבות בנוגע צו איהר, און משה העסס האָט זיך באמת בעצויגען צו דער אידישער רעליגיאָן פּאָזיטיוו.

העסס דער רעוואָלוציאָנער האָט ניט מורא געהאַט פאַר דער רעאַקציע פון דער אידישער רעליגיאָן, ווייל דאָס איז פאַר איהם געווען אַ סתירה מיניה וביה. דאָס אידישע פאָלק, דער רעוואָלוציאָנערער כח אין דער וועלט, וואָס דערלאָזט ניט דעם זיעג פון דער רעאַקציע, וואָס דאָס איז אויך זיין מיסיאָן אין לעבען, וועט געוויס ניט ווערען רעאַקציאָנער און ניט דיענען אַלס אַ שטערונג דעם פאָרטשריט און מענשליכען גליק.

ווי די מייסטע גרויסע דענקער פון זיין פאָלק, איז העסס געווען ניט נאָר אַ בעל מח, אַ דענקער, נאָר אויך אַ געפיהל־מענש, אַ מענש מיט גרויסע פּאָעטישע נייגונגען. ער האָט דארום ניט געקענט ניט איינ־זעהן די שעהנקייט פון דער אידישער אמונה און, ווי היינע, האָט ער געהאַט בענקעניש נאָך דעם אידישען הויז.

„ווען די אויפלעבונג פון מיין פאָלק וואָלט געפאָדערט אויפצושטעלען מזבחות און מקריב זיין קרבנות, וואָלט איך עס גערן געטהאָן" — די דאָזיגע באַראַקטעריסטישע פראַזע געהערט העסס'ען.

* * *

די געבורט פון זשעניען און גרויס־גייסטער איז נאָך עד־היום נער־בליעבען אַ רעטעניש. דאָס זשעניע ערשיינט פּלוצלונג ווי אַ מעטעאָר. אויך זשעניען אָבער האָבען זייער מזל. עס זיינען פאַראַן זשעניען און גרויס־גייסטער, וואָס ווען אפילו מען איז מיט זיי ניט איינפערשטאַנען, מאַכען

זיי אָבער פיל אויפזועהן און מען רעש'ט זיך מיט זיי אויך ביי זייער לעבען, און עס זיינען פאראן זשעניען, וואָס ביים לעבען בעמערקט זיי קוים אימיצער, נאָר ערשט שפּעטער, אין א צייט ארום, קוקט די וועלט איבער זייערע ווערק און פערצייכענט: דאן האָט געלעבט א גרויס־זשעניע.

דער גורל, וועלכען מיר האָבען צולעצט געשילדערט, איז געוועזן דער גורל פון שפּינאָזא. גאַנצע הונדערט יאָהר זיינען אוועק ביז די וועלט האָט זיך געכאַפּט, אז אין האָלאַנד האָט געלעבט א גרויסער זשעניע.

דעם זעלבען גורל האָט געטהיילט משה העסס, כאָטש מען קען, נאַטירליך, דיביידע ניט פערגלייכען.

ווען משה העסס' „ראָם אונד יערוזאַלעם" איז ערשיענען, האָט עס קיין אויפרודער ניט געמאַכט. צעהנדלינגער יאָהרען האָבען בעדאַרפט אוועקגעהן, ביז דאָס בוך האָט געקראָגען די אנערקענונג, וואָס עס פערדיענט.

רוים און ירושלים — אין דער לעצטער צייט גורט רוים אָן זיינע לענדען. דער קאַמפּף געגען ירושלים איז וויטהענד. נאָר אויך פון דעם קאַמפּף איז געדרונגען, אז דער איינפלוס פון ירושלים פערשטאַרקט זיך אַלע מאָל וואָס מעהר אויף דעם לעבען, און דער קאַמפּף איז די לעצטע אָנשטרענגונג פאר דעם קראַך.

פיעל וויכטיגער אָבער איז, דאָס אין דער לעצטער צייט האָט דאָס אידישע פאָלק אָליין אָנגעהויבען איינזעהן די גאַנצע גרויסקייט, די אייבינקייט, רייכקייט, פּרוכטבארקייט, לעבענסזאַפט פון ירושלים — פון דער אידישער וועלט־אנשויאונג און פון דער אידישער קולטור, און האָט זיך געשטעלט אין גאַנצען אויף משה העסס' שטאַנדפּונקט.



# מ. ל. ליליענבלום

וואָס איינער זאָל ניט דענקען וועגען דער סאָרט בעציהונג, איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז די וועלט, אפילו די געבילדעטע וועלט, אין איהר אָבשעצען דעם ווערטה פון שריפטשטעלער-רעפאָרמאַטאָר, שריפטשטעלער-לעהרער און וועג-ווייזער, ציהט געוועהנליך אין אָנבעטראַכט ניט נור דעם ווערטה פון זיינע אידעען אַן און פיר זיך, נור אויך אויף וויפיעל ער אליין איז נאָכגעקומען דעם בעפעהל פון זיינע אייגענע לעהרען. עס איז אויך אַ פאַקט, אַז די לעהרען פון אַ שריפטשטעלער, וואָס איז טריי זיינע לעהרען במעשה, שאַפען זיך מעהר אַנהענגער, רופען אַרויס גרעסערע בעגייסטערונג, דריקען טיעפער אָב זייער שטעמפעל אויף די פּאַסירונגען פון דער צייט, איידער די לעהרען פון דעם שריפטשטעלער, וואָס ווייזט אָן נייע וועגען פיר אַנדערע, און אַליין געהט ער אין דעם אַלטען אויסגעטראָטענעם וועג.

נאָך עפּעס, אַ מעהר פערנעהמענדען אויעד שטעלט מען אָן אויף דעם לעהרער, דעם שריפטשטעלער, וועלכער איז אויך אין זיין פּריוואַט-לעבען, אין זיין טאָג-טעגליכען לעבען, ניט פּריוואַל, ריין און הייליג. עס איז ניט גענוג פיר דער וועלט, אַז אַן אמת איז געזאָגט און ענטפּלעקט געוואָרען, נור זי וויל וויסען ווער עס האָט איהם געזאָגט, און וואָס דער ווער איז אַלס מענש. כי פי הוא המדבר אליכם. עס איז מיין מויל וואָס רעדט צו אייך. עס איז פאַראַן אַ ריין מויל און אַן אונריין מויל, און עס מאַכט זעהר פיעל אויס וואָסער אַ מויל עס האָט דעם אמת אַרויסגעזאָגט, אַ ריינעס אָדער אַן אונריינעס. ריכטיג אָדער ניט ריכטיג — אַזוי איז די וועלט.

שפּינאָזאַ'ס ריין הייליג לעבען, זיין הייליגע אונבעפלעקטע פּערזענליכקייט האָט זעהר פיעל מיטגעהאָלפען אין דער שפּעטערער פערשפּרייטונג פון זיינע לעהרען. מעגליך, אַז די ריינקייט פון אייגענעם לעבען זאָפּט זיך בלא יודעים איין אין דעם שרייבען, אין די ווערטער, עפּעס וואָס די לעזער פיהלען בשעת דעם לעזען. דאָס איז דער הויך פון דעם עולם האצילות, צו רעדען אויף חסידיש-לשון, פון ריינערע ספערען, וואָס צווינגט דעם לעזער אויפצונעהמען די נייע אמת'ן, וואָס ער נעהמט אויך אויף, און וואָס ער, זייענדיג געהייליגט, איז ביכלת אויפצונעהמען.

היינע, דער גרויסער אמת-זאָגער, וואָס האָט ליגען אין קיין פאָרם ניט

געדולדעט, האָט ניט געהאַט קיין גרויסען איינפלוס אויף זיין דור, א זאַך וואָס ער וואָלט געקענט האָבען, ווען ניט זיין פּריוואַט־לעבען. עס הייסט אַז איינפלוס האָט ער געוויס געהאַט, אַן אמת איז דאָך אַן אמת. דאָך האָבען היינע'ס בעסטע אַנהענגער זיך געפיהלט גייסטיג פערדרענגט און געער־נערט. עפּעס האָט זיך געפיהלט, אַז כאָטש עס איז ארויסגעזאָגט געוואָרען אַן אמת, איז ער אָבער א וליה־לא־סבירא'דיגער אמת, אָהן טיעפע איבער־לעבענישען, און אָהן פאָלגען פיר אייגענער ענטוויקלונג. און ווער ווייס, אפשר שפּיעגעלט זיך די לייכטזיניגקייט, דאָס פריוואָלע פון זיין לעבען אָב אונבעוואוסט אויך אין דעם שרייבען, הענגט ווי א דינער עטהער איבער זיינע שריפטען, און דער לעזער פון היינע'ן דערפיהלט עס, און בעוואונ־דערענדיג היינע'ס גרויסע קראַפט, זיין פעהיגקייט, האָבענדיג גרויס הנאה פון זיין קינסטלער־האַנד, קען ער דאָך ווידערשטעהן זיין בעפעהל און ניט אָננעהמען די אמת'ן, וואָס היינע ווייזט אויף; ער קען דאָס ווידערשטעהן, ווייל אַן אמת ציהט נאָר דאַן צו ווען ער בעזיצט מאַגנעט. און דעם מאַג־נעט קאָן איהם געבען נור די ריינע פערזענליכקייט.

אינטערעסאַנט איז אַז לויט דער אגדה איז דעריבער געבליבען הלכה כבית הלל, ווייל הלל האָט בעזעסען עניוות, ריינהייט און גוטסקייט. זי פרעגט: „מפני מה זכו לקבוע הלכה כמותם?" — פאַר וואָס איז די הלכה געבליבען ווי זיי, ווי די בית־הלל? ענטפערט זי דאָרויף: „מפני שנוחים ועלובים היו" — זיי זיינען געווען שטילע נאַטורען און בעליידיגטע.

די דאָזיגע וואָרהייט בנוגע דער קראַפט פון ריינעם לעבען איז געוויס ריכטיג מכח ליליענבלום.

* * *

ליליענבלום איז געווען א שריפטשטעלער־לעהרער, וואָס האָט זיך בעמיהט זיינע אייגענע אידעען אין לעבען אריינצוברענגען, וואָס האָט געלי־טען פאַר זיינע אמת'ן, און ער האָט דעריבער אויסגעאיבט אַזא גרויסען איינפלוס אויף זיין צייט, אויף אונזער צייט.

עס איז דאָרום א טעות צו וועלען אָבשעצען ליליענבלום'ס פערזענ־ליכקייט און ניט איינגעהן אויף דעם ווערטה פון זיין לעבען, אַלס כלל־טהוער, און אויף זיין פּריוואַט־לעבען. ווייל עס איז די ריינקייט פון זיין לעבען, דער אמת, וואָס איז געקומען פון די טיעפעניש פון זיין ריין הארץ, וואָס האָט אונז געצוואונגען איהם אַזוי צו שעצען, וואָס האָט געבויגען אונזערע קניע, ווען מען האָט דערמאָנט זיין נאָמען.

אַן אמת אידישע ערציהונג האָט ליליענבלום געקראָגען. ער האָט ביז 20 יאָהר געלערענט תלמוד מיט פּוסקים. ערשט שפּעטער איז ער געוואָרען דער אפּיקורוס און ארויסגעטראָטען מיט דער פאָדערונג: „תקונים בדת"

ליליענבלום האָט געשפּיעלט אַ גרויסע, בעדייטענדע ראָלע אין דער צייט פון דער השכלה. אָבער ער איז געווען ווייט פון אַסימילאַציע, אויך אין יענער צייט, ווען ער האָט נאָך פיר זיין פאָלק קיין בעפרייאונגס אידעאַל ניט געהאַט.

נאָך אין זיין „חטאת־נעורים“, ווען ליליענבלום קומט צום טרויעריגען שלוס, אַז זיין פאָלק וועט אונטערגעהן, איז ער זיך געוואַלדיג מצער. ער וואָלט דאָס ניט וועלען, ניט מעהר ער קען דאָס ניט העלפען. טרעהרען פערגיסט ער אויף דעם אונגליק פון זיין פאָלק, אויף זיינע צרות, וועלכע האָבען זיין שכינה־ליכט פערדונקעלט. מיט אַלע משכילים פון זיין צייט איז ער אויך נעגען דעם פ א נ א ט י ז ם, אָבער ניט נעגען די פ א נ א ט י ק ע ר. ער פערשטעהט שוין, אַז אין דעם פאַנאַטיזם זיינען זיי ניט שולדיג. ער דערקענט אונטער דעם פאַנאַטיקער דעם מענשען. און ער פערשטעהט עס דאַפיר, ווייל ער האָט ליעב זיין פאָלק, און שטעלט זיך פון זיין זייט פּאָזיטיוו צו דעם קיום פון דער אידישער אומה. עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואָס ליליענבלום דער משכיל איז געוואָרען דער אָנפיהרער פון חבת־ציון, וואָס ער האָט באַלד אויפגעפאַסט דעם שעהנעם אידעאַל פון בעזעצען דאָס אידישע פאָלק אויף דעם אידישען לאַנד. ער, וואָס האָט זיך מצער געווען פאַר וואָס זיין פאָלק איז הן אין נייסט הן אין חומר, צוליעב דער אוננאָרמאַליטעט פון זיין לעבען, ענטאַר־טעט געוואָרען, האָט געמוזט זיך דערפרעהען, ווען ער האָט אין דער פינס־טערנים דערזעהן אַ שיין, אַ וועג, ווי דאָס פאָלק פון אוננאָרמאַליטעט צו בעפרייען.

ליליענבלום איז געווען אַ טרוימער, וועלכער האָט דאָך אין זיין טרוים דעם קאָפּ ניט פערלוירען. איינע פון די גרעסטע אייגענשאַפטען פון ליליענבלום איז געווען זיין קלאָר דענקען, זיין ריין פערנונפט. ער האָט דעריבער, ווען ער האָט געזעהן ווי די אַנדערע פעלקער בעציהען זיך צו זיין פאָלק, און ווען ער האָט געזעהן, ווי יעדעס פאָלק איז פיר זיך, זיך באַלד אויסגעניכטערט און אָבגעזאָגט זיך פון דעם געדאַנקען פון „פעלקער־צונויפגיסונג“. מיט דער פּראַקטישער איינזעהעניש האָט ער אויך דורכגעלעבט די גאַנצע צייט אין חבת־ציון. ער איז געווען אַן אידעאַליסט, ער האָט אָבער געוואוסט אַז דאָס לעבען איז מורא׳דיג פּראָזאַאיש, אַז ניט אַלע אַרבייטען צוליעב ריינע מאָטיווען, — דאָס איז אפשר ניט זעהר גוט, אָבער מען קען זיך ניט העלפען. אַזוי איז דאָס לעבען. די הויפּט־זאַך — מען בעדאַרף אַרבייטען. דען נאָך אַלע פשרות וואָס ווערען געמאַכט, קומט דאָך אין רעזולטאַט אַרויס עטוואָס גוטעס, ווען נור די ריכטונג איז אַ גוטע.

אויף דער ריכטונג האָט ער אַליין אַכטונג געגעבען. ליליענבלום איז אייגענטליך געווען דער שאַפער פון דעם חבת־ציון, און האָט זי פיעלע יאָהרען אויף זיינע פּלייצעס געטראָגען. אַ דאַנק ליליענבלום איז דר. ל. פּינסקער אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער בעוועגונג און אונטער זיין איינפלוס האָט ער, אַ סברא, געשריעבען זיין בעריהמטע בראָשורע „אויטאָ־עמאַנציפּאַציאָן“.

פיעלע קליינליכע רדיפות איז ליליענבלום אויסגעשטאַנען אין דער צייט פון זיין אַרבייט אַלס „מזכיר“ אין דעם קאָמיטעט. מען האָט איהם דערמאָנט די חטאת־נעורים אין דעם אמת׳ן זין פון דעם וואָרט, און אויך די „חטאת־נעורים“, זיין ספר, כאָטש ער האָט דעמאָלט שוין געהאַט לאַנג אָוועקגעלעגט די וואַפען פון דער האנד. אַן אַנדערער וואָלט פון דעם נעערגערט געוואָרען. בפרט ווען מען דערמאָנט זיך אַז ליליענבלום׳ען איז אויסגעקומען זיך בעשעפטיגען מיט די רכילות׳ן, פערלוימדונגען, אינטריגעס, וואָס זיינען אין אָנהויב געווען פערבונדען מיט דער פּאַלעסטינער קאָלאָניזאַציע, מוז מען זיך ווירקליך וואונדערען, ווי ער איז ניט ביטער ענטטוישט און פערצווייפעלט געוואָרען און זיך ניט צוריקגעצויגען, ווי עס האָט געטהאָן אַן אַנדער גדול.

ליליענבלום איז ניט ענטטוישט געוואָרען, ווייל ער האָט געקענט דאָס לעבען מיט די קליינליכקייטען, און האָט זיך בעמיהט לייטערען דאָס לעבען פיר דעם הויכען צוועק, ער איז געווען פּראַקטיש. ער איז אָבער געווען אַן אידעאַליסט, האָט געגלויבט אין דעם זיעג פון דער אידעע, האָט פערשטאַנען ווי צו לעבען פאַר איהר, און טאָקע געלעבט פיר איהר.

ער איז געווען אַן אָפּטימיסט, אויף דעם דאַרף מען זיך ווירקליך וואונדערען. ער האָט אין זיין לעבען ווינציג גוטע טעג געהאַט, דאָך האָבען אין זיין ברוסט געשטורעמט גרויסע האָפנונגען. דער וואָס שטעלט גרויסע פאָדערונגען דעם לעבען, דער וואָס פאָדערט איבערנאַטירליכע אָפּפער, מוז ענדליך ווערען אַ פּעסימיסט, ווייל גרויסע אָפּפער ווערען ניט געבראַכט בכל יום. בלויז אין איינציגע ענטהוזיאַסטישע מאָמענטען ווערען די גרויסע אָפּפער געבראַכט. דאָס האָט ליליענבלום געוואוסט.

אַ גרעסערע ווירקונג האָט אמת ליליענבלום געהאַט אין דער ערשטער צייט אַלס שולל. דאָס איז אויך פערשטענדליך. צושטערען איז לייכטער ווי בויען. צושטערען קען מען אויך שנעלער ווי בויען. מענשען, פערזונקען אין דעם טעגליכען לעבען, דערפרישען זיך מיט דעם ברויזענדען טאָן, מיט וועלכען יעדע פערדאַמונג געגען דעם אַלטען סדר איז געוועהנליך דורכגענומען. דער טאָן איז אָפט מסוגל אַרויסצושלעפּען פון אַ שטומפּינער לוינע.

אין תוך אריין איז די שלילה אָבער אַזוי פיעל וויכטיג וויפיעל זי העלפט דאָס בויען. ליליענבלום איז געווען גליקליך, וואָס ער האָט דער־לעבט די צייט פון בויען, ווי עס האָבען עס דערלעבט די אַנדערע מיט־קעמפּפער פון זיין צייט, סמאָלענסקי, לעוואַנדע.

אַלס פּובליציסט איז ליליענבלום קיינמאָל ניט געווען אַזוי ליידענ־שאַפטליך, פלאַם־פייערדיג, ווי אַ סמאָלענסקי. ער האָט ניט געשלאָגען מיט פייער־ריטער. האָט ניט אויפגעקאָכט דאָס בלוט. זיין טעמפּעראַמענט איז געווען אַן אַנדערער. ער איז געווען אַ רוהיגער. קלאָהרע קעפּ זיינען געוועהנ־ליך רוהיג. ער האָט אָבער געווירקט דורך דער קלאָהרקייט פון זיינע אַרגו־מענטען. ער איז ניט איבעריג טיעף, אָבער תמיד לאָגיש און איבערצייגענד. פיעלע געדאַנקען, וואָס זיינען אונז, ציוניסטען, שוין אריין אין פלייש און בלוט, געהערען געוויס ליליענבלום'ען. מיר האָבען די אידעע פערטיעפט. ליליענבלום האָט עס דערלעבט צו זעהן מיט אייגענע אויגען. אין אונזער אידעע איז אָבער דאָ פיעל פון דער זריעה, וואָס ער האָט מיט אַ פרייער האַנד צוואַוואָרפען. דאָס האָט אייגענטליך זיין זרע, נאָכדעם ווי זי האָט וואָרצעל געשלאָגען, זיך צוואוואקסען און אנטפּאַלטעט.

אין דער צייט ווען דער פּאָליטישער ציוניזם איז אויפגעטרעטען אויף דער אַרענאַ איז ליליענבלום שוין ניט געווען בכח צו נעהמען אין די פּאַסירונגען אַ גרויסען אַנטהייל. ער איז אָבער סוף־כל־סוף געווען אין סימפּאַטהיע מיט דער אַרבייט אויף אַ גרויסען מאַגנעטישען אופן. ניט מעהר. אַלס פּראַקטישער מענש, איז ער געשטאַנען פיר פּראַקטישע אַרבייט. נאָך מיט אַ 15 יאָהר צוריק, אין זיין „דרך תשובה", האָט ליליענבלום געשריעבען, אַז בעפאָר די גאַראַנטיען אָדער דאָס קויפען פון פּאַלעסטינאַ, איז נויטיג אַז אידען זאָלען זיך דאָרטען בעזעצען, קויפען ערד, ווערען פּאַקטישע בעלי־בתים, און דאָס איבעריגע וועט שוין קומען ממילא.

אין דער לעצטער צייט, ווען פיעלע פון די ערשטע קלעטערער זיינען פערכאַפּט געוואָרען פון אַ ביטערען יאוש, און אַ מיעדיגקייט איז אויף זיי אָנגעפאַלען, און דאָס גראַדע דאַן, ווען נאָך־נאָך אביסעלע אָנשטרענגונג און מען איז אויף דעם שפּיץ באַרג, און פיעלע האָבען זיך אָנגעהויבען לאָזען אַרונטערגעהן, — און אַרונטער אַ באַרג געהט מען דאָך פיעל שנע־לער, כידוע, — איז דאַן ליליענבלום פעסט געבליבען אויף זיין פּאָסטען. צו איהם האָבען די יאוש־כוואַליעס ניט דערגרייכט. ער איז געווען זיכער מיט דעם טריאומף פון זיין אידעע.

אין דיעזער זיכערהייט, אין דער אידעע־פעסטקייט, האָט ער אויף זיינע אויגען געשלאָסען.

זיין געזונדען קוק אויף דער אידעע, זיין צופריעדענהייט, וואָס עפּעס

ווערט געטהאָן, זאָלאַנג עס ווערט, און זיין גלויבען, אז ענדליך וועט דאָס אידישע פאָלק זיין פרייהייט קריגען, געפין איך אין דעם אויסלאָז פון זיין בוך: „דרך לעבור גולים“.

„... בעסער זיינען מיינע לעצטע יאָהרען ווי די ערשטע. וויסענדיג מיט מיין גאַנצער זעעלע, אז מיין מיה איז ניט אומזיסט, אז מיין ארבייט איז געווען פאר א גרויסער אידעע און אַן ערהאַבענער, וואָס די מינדעסטע ארבייט, וואָס ריהרט איהר אָן איז ערהאַבען און גרויס... אָן שטעהט פאר אונז די גרויסע אידעע אין איהר גאַנצער הייליגקייט און ערהאַבענהייט. עס זיינען נאָך נויטיג טויזענדע הענד, טויזענדע הערצער און טויזענדע מאָנאַ־טען. ווי יעדעס ערהאַבענע און גרויסע, דרעהט עס זיך דאָך אויף דעם צייט־ראָד — אמאָל הויבט זיך עס אויף הויך, גאַנץ הויך, אמאָל לאָזט זיך עס נידריג אראָב. דאָס וועט אָבער ניט ארונטערפאַלען אָדער ארונטערגע־נומען ווערען, ווייל עס איז הויך און ערהאַבען. אויך זיין נצחון וועט קומען, און דאָס פאָלק וועט אויפגעריכט ווערען. וואויל איז דעם וואָס האָפט און וואַרט“...

הלואי וואָלטען דאָס פיעלע פון אונזערע פיהרער און גרויסע געדענקען.



# אחד העם און דובנאָוו

נאָך דער האַרטער און שווערער לעטאַרגיע, וועלכע האָט זיך געצויגען איינִיגע הונדערטע יאָהרען, האָט דאָס אידישע פאָלק אויפ׳ס ניי ערוואַכט, און זיך אָנגעהויבען אַרומקוקען אויף גאָט׳ס וועלט. נייע שטרעבונגען האָבען אויפגעבראַוזט אין זיין ברוסט און ער האָט אָנגעהויבען חלום׳ען וועגען אַ נייעם און פרייען לעבען, און ניט נור חלום׳ען נור אויך אַרבייטען פיר דעם צוועק! דער גלויבען אין זיינע אייגענע קרעפטען איז פערשטאַרקט געוואָרען. זיין פערשלומערטער נאַציאָנאַלער געפיהל האָט אויפגעפלאַמט. אַ נייע עפּאָכע איז אַריינגעטראָטען אין אידישען לעבען, אַ צייט וועלכע איז בעקאַנט אַלס די „רעניסאַנס־פּעריאָדע“... פיעלע קרעפטען און שעפּפער זיינען אַרויסגעטראָטען אויף דער אידישער אַרענאַ. עס איז געשאַפען געוואָרען אַ נייע ליטעראַטור. עס זיינען אויפגעשטאַנען נאָוועליסטען און פּאָעטען, עס האָבען אין דער אידישער גאַס זיך בעוויזען רעדנער, מטיפים — און הויך האָט געקלונגען דער פערלאַנג: פרייהייט, פרייהייט פיר דעם אונטערדריקטען פאָלק... עס זיינען אויך ערשיענען פּובליציסטען און טעאָרעטיקער, וועלכע האָבען געזוכט דעם גרויסען געדאַנק טעאָרעטיש צו בעגרינדען. דען פיר אַלעמען איז דאָ אַ רייך פעלד פיר טהעטיגקייט, פיר דער הארץ, ווי פאַר דעם מח... וויפיעל נעמען פון טעאָרעטיקער קען שוין די גאַנץ יונגע בעוועגונג אַרויסשטעלען, אייניגע אויך וועלט־בעריהמטע, פון משה העסס דעם רעוואָלוציאָנער ביז דעם ניט לאַנג פערשטאָרבענעם בערנאַרד לאַזאַר, אָדער איצטיגען פּאָליטיקאָ־עקאָנאָם פראַנץ אָפּענהיימער, דער צווייטער קאַרל מאַרקס, ווי אייניגע רופען איהם. וואָס פיר אַ בילדער־גאַלעריע פון מענשען־דענקער, וואָס פאַר אַ רייכקייט און פיעלפאַרביגקייט אין געדאַנקען!

וועגען צוויי טעאָרעטיקער פון דער נאַציאָנאַלער בעוועגונג ווילען מיר דאָ רעדען. זיי זיינען „אחד־העם“ און דובנאָוו. ביידע האָבען געהאַט אַ ווירקונג אויף דער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ און פיעלע פון זייערע געדאַנקען זיינען היינט דאָס אייגענטום פון דער נאַציאָנאַל געזאָנענער ריכטונג.

מיט דעם דאָזיגען אַרטיקעל איז אונזער צוועק, ניט צו קריטיקירען זייערע טעאָריען, ניט צו בעשטימען ווער פון זיי האָט רעכט, אָדער צו

האָבען זיי גאָר אין גאַנצען רעכט. וואָס מיר ווילען איז בלויז איבערצו־געבען, ווי ווייט מעגליך, זייערע הויפּט־געדאַנקען, מעגען מיר מיט זיי אפילו זיין ווי ווייט ניט איינפערשטאַנען, אָהן קאָמענטארען, אָהן פּירושים פון אונזער זייט, ווייל בלויז בעקענען דעם לעזער מיט צוויי הויפּט־שטרעמונגען פון דער ערוואַכונגס־פּעריאָדע איז אונזער צוועק.

דער ערשטער פון אונזער בעטראַכטונג וועט זיין „אחד העם". נאָך פריהער פון דובנאָוו איז ער אַרויסגעטראָטען אויף דער ליטעראַרישער אַרענאַ פון דעם אידישען פּובליקום מיט זיינע געדאַנקען איבער דעם נאַציאָנאַליזמוס. זיינע געדאַנקען זיינען בעקאַנט דעם אידישען פּובליקום אונטער צוויי נעמען: דער גייסטיגער ציוניזמוס, אָדער מיט אַ קורצען נאָמען, נאָך דעם נאָמען פון זיין שעפּפער: „אחד־העם׳יזמוס"; די צווייטע שטרעמונג איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען: „דער גייסטיגער נאַציאָנאַליזמוס".

## „אחד העם".

די ערשטע ליטעראַרישע אַרבייט זיינע האָט אחד העם אָנגעהויבען מיט אַ נעגאַטיווען אַרטיקעל אין דער העברעאישער שפּראַך, אין וועלכען ער לאָזט הערען אין אַ פעסטען כמעט נביא׳שען טאָן זיין אונצופריעדענ־הייט מיט דער דאַמאָלסדיגער טהעטיגקייט פון די „חובבי ציון", פון וועלכע ער איז געווען אַ מיטגליעד.

„לא זה הדרך", „ניט דאָס איז דער וועג", איז דער נאָמען פון זיין ערשטען אַרטיקעל. דאָס איז, דאַכט זיך, בלויז זיין צוועק צו בעווייזען, דאָך קען מען שוין דאָרט געפינען די קערענדלעך פון אַ פּאָזיטיווער טעאָריע, וועלכע „אחד העם" האָט שפּעטער אויסגעאַרבייט אין פיעלע אַרטיקלען געשריעבען פון צייט צו צייט, ווען אַ געוויסע געלעגענהייט האָט עס געפאָדערט. אחד העם האָלט אפילו זעהר פון דעם כח פון שלילה, פון נעגאַטיוויזם, ער האָט דאָס ניט איינמאָל אַליין צוגעגעבען. דאָך איז די בעהויפּטונג פון זיינע געגנער, אַז זיין גאַנצער כח בעשטעהט בלויז אין ברעכען, און אַז ער איז ניט פעהיג עטוואָס צו בויען, ניט גאָר ריכטיג. אחד העם האָט נאָך אַלעמען בעשאַפען אַ פּאָזיטיווע טעאָריע. און מעגען מיר זיך זיין געגען איהר, מוזען מיר, אויב מיר ווילען בלייבען אונפּאַר־טייאיש, מודה זיין, אַז זיין טעאָריע פערמאָגט אַ געוויסע קלאָרקייט און גאַנצקייט, און בעשטעהט ניט פון סודות און רמזים, ווי פיעלע בעהויפּטען.

אחד העם אַליין טרייסעלט זיך אויך אָב פון דעם אונפערדיענטען עפּיטעט „אין כחו אלא בשלילה", וואָס מיינט, אַז ער איז בלויז נעגאַטיוו. אויב — ערקלעהרט אחד־העם אין דער פאָררעדע פון דער צווייטער

אויסנאַבע „על פרשת דרכים“ — אויב איהם איז, אמת, אויסגעקומען זיך בעשעפטיגען מיט נעגאַטיווע ארבייט, איז דאָס כלל וכלל ניט געווען צוליעב דעם נעגאַטיוויזם אליין, נור פיעל מעהר צוליעב דער פּאָזיטיווער לעהרע, מיט וועלכען דער נעגאַטיוויזם איז פערבונדען.

אין וואָס בעשטעהט זיין פּאָזיטיווע טעאָריע? דאָס צו ערקלערען איז ניט קיין גאַנץ לייכטע זאַך. דען אחד־העם האָט, כידוע, ניט געשריע־בען אַ בוך, אָדער אַן אָבהאַנדלונג, וועלכע זאָל האָבען דעם צוועק דאַרצו־לעגען זיין טעאָריע, אָדער לכל הפּחות איהרע הויפּט עיקרים. אחד־העם האָט בלויז געשריעבען פיעלע ארטיקלען ביי פערשיעדענע געלעגענהייטען, ער האָט זיך אָבגערופען אויף פיעלע לעבענס־ערשיינונגען און זיי געזוכט צו בעלייכטען אין דעם גייסט פון זיין טעאָריע, און ער האָט אויף אַזאַ אופן מבליע געווען טיילען פון זיין טעאָריע אין יענע ארטיקלען. וויל מען, אַלזאָ, זיין לעהרע ערקלערען מוז מען די פערשיעדענע טיילען צונויפ־קלייבען, איבערהיפּענדיג דאָס אונוויכטיגע, דאָס צופעליגע, און ארויס־שיילען דאָס וויכטיגע, דאָס פּרינציפּיעלע, מוז מען די צואוואָרפענע שטיק־לעך צונויפשטעלען, צונויפהעפטען אין איין געוועב, און דאָס איז ניט לייכט.

דער תמצית פון זיין לעהרע קען אויסגעדריקט ווערען אין די צוויי קורצע פראַזען: „התרכזות האומה בציון“, די קאָנצענטרירונג פון דער אידישער נאַציע אין ציון; דאָס איז דער ציעל. דער בעסטער מיטעל פאַר דעם איז: „התרכזות רוח האומה בחבת ציון“, די קאָנצענטרירונג פון דעם אידישען גייסט אין דער ליעבשאַפט צו ציון. די דאָזיגע בעזעצונג פון אידישען פאָלק אין פּאַלעסטינאַ איז נויטיג, כדי אויפצוהאַלטען דאָס א י ד י ש ע פ אָ ל ק א ל ס א ג א נ צ ע ס, דורך וואָס איהם וועט געגעבען ווערען די געלעגענהייט צו ענטוויקלען זיינע אינטעלעקטועלע כוחות און שאַפען נייע אידעאַלען, נאָך זיין אייגענעם גייסט, אין דעם גייסט אין וועלכען ער האָט אמאָל, אלס אַ פריי פאָלק אויף זיין אייגענעם באָדען, פריי פון פרעמדע איינפלוסען זיינע אידעאַלען געשאַפען. דער גייסט וועלכער איז אין דער צייט פון זיין ביטערען גלות אָבגעשוואַכט געוואָרען, דאָך ניט אין גאַנצען צושטערט.

געזאָגט האָבען מיר אויבען: „אום אויפצוהאַלטען דאָס אידישע פאָלק אלס גאַנצעס“. וואָס מיינט אייגענטליך דער דאָזיגער אויסדרוק? ווי אחד־העם ערקלערט אין פיעלע פּלעצער, איז ער געקומען צו זיין אידעאַל: „קאָנצענטרירען דאָס אידישע פאָלק אין פּאַלעסטינאַ“, ניט צוליעב די מאַטעריעלע אינטערעסען פון פאָלק, ניט די אידען־נויט האָט איהם געבראַכט דערצו, אַז ער זאָל דענקען פון בעזעצען אידען אין

פּאַלעסטינא. זיין שטרעבונג נאָך „ציון“ שטאַמט פון זיין ווילען צו העלפען „צרת היהדות“, די יודענטהום־נויט". דאָס יודענטהום איז איצט אין אַ שרעקליכער סכנה. ערשט אין דער נאָהענטער פערגאַנגענהייט האָט די רעליגיע אונז געהאַלטען אונטער איהרע פליגעל, האָט אונז געטרייסט אין שלעכטע צייטען, האָט געשטאַרקט אונזערע שוואַכע הענד, און וויפיעל צרות מיר זיינען ניט אויסגעשטאַנען, האָבען מיר זיי געטראָגען רוהיג, די רעליגיע האָט אונז פערהיט, און זי האָט אויך אונזער איינהייט אויפגעהאַלטען. אַן ענדערונג האָט אָבער אַריינגעטראָטען! דורך פערשיעדענע סבות, וועלכע זיינען פערבונדען מיט דער אַלגעמיינער מענשליכער ענטוויקלונג, האָט די רעליגיע, די אַמאָליגע רעגיערערין, פערלוירען איהר אויטאָריטעט, איהר קראַפט איז אָבגעשוואַכט געוואָרען, און די רעליגיע איז היינט קוים אימשטאַנד זיך אַליין „צו האַלטען אויף די פיס“, ווער רעדט נאָך זיין אַ „בעשיצערין“ פון דער אידישער איינהייט. עס דראָהט דאַרום דעם אידישען פאָלק, וועלכער האָט אויסגעהאַלטען אין יענע פינסטערע צייטען אַזוי פיעל פּראָבען, אַ גרויסע געפאַהר, ניט די געפאַהר פון פאָלקאָמענער אַסימילאַציע, ווייל „פיר אַסימילאַציע דאַרף דאָס אידישע פאָלק אויך שפּעטער ניט מורא האָבען, זי דאַרף אָבער און מוז מורא האָבען פאַר צוברעקלונג“.*) די סבה דאַפיר איז גאַנץ פשוט, ווייל זייענדיג פערשפּרייט צווישען פערשיעדענע פעלקער, וועלכע איבען אויף איהם אויס פערשיעדענע איינפלוסען, כאָטש דאָס אידישע פאָלק צייכענט זיך אויס מיט דער איינגענשאַפט פון איבעראַרבייטען דעם פרעמדען איינפלוס אויף אַן אייגענער אַרט, דאָך, ווייל די איינפלוסען זיינען פערשיעדען, אין יעדען לאַנד אַנדערש, זיינען די „איבעראַרבייטונגען“ אַזוי צו זאָגען, אויך פערשיעדען אין איינקלאַנג און צוגעפּאַסט צו די אומשטענדען און גייסט פון די פערשיעדענע קולטורען. דער פועל יוצא פון דעם וועט זיין, אַז אפילו ווען יעדער טייל פון דעם אידישען פאָלק וועט זיך אין יעדען לאַנד ניט אַסימילירען נור וועט בלייבען אַ טיפּ פאַר זיך, וועט אָבער איין טייל פון אידישען פאָלק ניט זיין גלייך צו דעם אַנדערען און אַנשטאָט איין פאָלק וועלען מיר האָבען פיעלע קלענערע שבטים. און די פראַגע איז: איצט, ווען די רעליגיע, וואָס האָט אונז פעראייניגט און האָט אונז אויך געהאַלטען ווייט פון פרעמדע איינפלוסען, האָט איהר קראַפט פערלוירען, וואָס קען אונז פערהיטען פון דער געפאַהר? אויף דעם ענטפערט אחד־העם: ציון! ציון דאַרף זיין דאָס מיטעל. די פאָלגענדע ציטאַטע פון זיין

---

*) „על פרשת דרכים“ חלק א', זייטע 176.

אַרטיקעל „פּצעי אוהב“*) ברענגט אַרויס דעם דאָזיגען געראַנק קלאָהר. רעדענדיג דאָרט איבער די סבות וואָס האָבען געפיהרט צו דער ענטשטעהונג פון ציוניזמוס אין אַלגעמיין, נאָכדעם ווי ער בעטאָנט אַז דער ציוניזמוס האָט מיט דער ברויט־פראַגע ניט צו טהאָן, לאָזט אחד העם אויס מיט די ווערטער: „און זיי (די פריינדע פון פאָלק, וועלכע האָבען ליעב דאָס פאָלק אין זייער הארצען, און ווילען אַז עס זאָל ווייטער עקזיסטירען), זעהענדיג אַז די מויער פון אונזער איינהייט צופאַלט זיך ווייל זי האָט מעהר ניט אונטער זיך קיין באָדען, אַז די רעליגיאָן איז שוין ניט אימשטאַנד צו פעראייניגען די הערצער, בשעת דער נאַציאָנאַלער געפיהל ווערט אויך אַלעמאָל שוואַכער, און, ווער ווייס, פיליייכט וועט באַלד פערלאָשען ווערען דער לעצטער פונק? ווייל פיעלע פון אונזערע קינדער זייִנען פערנומען מיט אַנדערע פעלקער, און פערלאָזען אונז איינציגווייז. זיך מעהר ניט צוריקצוקעהרען — אַז זיי זעהען דאָס אַלעס, פרעגען זיי זיך מיט אַ צובראָכענעם הארץ און דערשלאָגענעם געמיטה: איז ווירקליך ניטאָ קיין מיטעל צוזאַמענצונעהמען די פערשטויסענע, צו פעראייניגען די צושפּרייטע און אומקעהרען דעם אידישען פאָלק זיין לעבענס־גייסט? איז ווירקליך ניטאָ קיין רפואה צו אונזער קראַנקהייט, ווייל עס איז אַ קראַנקהייט וואָס קומט פון אַלטקייט און ביסלעכווייז וועט זיך צוליעב בלויזער שוואַכקייט אונזער לעבענס־פאָדעם איבעררייסען? צו זיי און בלויז צו זיי ענטפערען מיר — און קיין אַנדער ענטפער איז ניטאָ — ליעבט ציון....“

ווי אַזוי־זשע אָבער וועט דאָצו די ליעבע צו ציון העלפען? דאָס פערענטפערט זיך אויף אַן אַנדער פּלאַץ.**) אין ציון, אויף אונזער היסטאָרישען באָדען, דאַרף געגרינדעט ווערען אַ אידישער צענטער, אַ גייסטיגער צענטער, אַ צענטער, וועלכער וועט שיקען זיין „השפּעה“ אין אַלע לענדער וואו די אידען זיינען פערשפּרייט. דאָרטען אין יענעם צענטער וועט זיין דער פּלאַץ וואו די אידען וועלען זיך קענען פריי ענטוויקלען נאָך זייער אייגענעם גייסט, זיי וועלען זיין די אָריגינעלע אידען, וועלכע אַלע אידען פון אַלע אַנדערע לענדער וועלען נאָכאָהמען, און אויף אַזאַ אַרט וועלען די אידען ניט צוטיילט ווערען אויף פערשיעדענע נאַציאָנאַליטעטען, די איינהייט וועט עטאַבאַלירט ווערען. דאָרטען וויעדער וועט אויך מעגליך זיין צו שפען אַ נייעם אידעאַל, אַזוי שטאַרק ווי די רעליגיע, וועלכע זאָל קענען זיין דער צעמענט, ווי דאָס איז געוועזען די רעליגיע, וועלכער וועט צוזאַמענ־

*) „על פרשת דרכים“, ח"א, ז. 24.

**) זעה „חקוי והתבוללות“, עפ"ד.

האַלטען דאָס אידישע פאָלק; אַן אידעאַל, פיר וועלכען עס וועט כדאי זיין צו ליידען און אויך צו געהן אויף „קדוש השם“, ווי עס האָבען געטהאָן די אידישע מאַרטירער אין דער צייט פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע...

און ציון מוז מען האָבען דאַפיר, ווייל דער דאָזיגער אידעאַל — ווי אחד־העם דענקט — קען ניט געשאַפען ווערען אין גלות, ווייל קיין גרויסער נאַציאָנאַלער אידעאַל איבערהויפּט קען ניט בעשאַפען ווערען אין גלות, דאָרטען וואו דעם פאָלק'ס קרעפטען זיינען פון זייער נאַטירליכען באָדען אויסגעריסען געוואָרען און זיינען צוזאַמענגעדרענגט און פערדרוקט אין דונקעלהייט, ניט האָבענדיג די מעגליכקייט ארויסצואווייזען זיך אויף גאָט'ס וועלט און זיך ריכטיג צו ענטוויקלען. פרייהייט איז נויטיג פאַר דעם פאָלק'ס גייסט, פרייע בעוועגונג אין זיין היסטאָרישער אַטמאָספערע, אום ער זאָל זיך אויפכאַפּען פון זיין לאַנגען שלאָף און זאָל ווערען פעהיג פיר דער אויפלעבונג פון דעם נאַציאָנאַלען אידעאַל אין דעם געשטאַלט און אין איינקלאַנג מיט אונזערע איצטיגע בעדירפניסען, אַן אידעאַל, וועלכער זאָל אָבהיטען דאָס צושפּרייטע פאָלק פון אַ מאָראַלישען זינקען, שטאַרקען זיינע קרעפטען, אַז דאָס פאָלק זאָל קענען ליידען זיינע צרות ביז צו דער צייט פון זיין ערלעזונג מיט פולען בעוואוסטזיין און מיט אַ קלאָהרען בעגריף: וויסען זאָל עס פאַר וואָס עס ליידעט און אַז עס איז כדאי צו ליידען.“

נאָך מעהר. ניט נור, דענקט אחד־העם, איז דאָס לעבען אין גלות ניט פעהיג צו שאַפען דעם הויכען נאַציאָנאַלען אידעאַל, נור אפילו דאָס לעבען אויף אַן אייגענער טעריטאָריע, אויף וועלכער די אידען וואָלטען זיין די מאַיאָריטעט, דער וויכטיגער אַטריבוט פון דער ענטוויקלונג פון אַן אייגענע קולטור און פיר דער ערוואַרבונג פון פאָלקאָמענער נאַציאָנאַלער פרייהייט — ווי אחד העם האָט דאָס אַליין צונגעבען אין זיין אַרטיקעל „שלוש מדרגות“ — וועט אויך דעם אידעאַל ניט קענען אַרויסברענגען.*) דער דאָזיגער „גייסטיגער צענטער“ דאַרף און קען נור זיין אין פּאַלעסטינאַ, ווייל דאָס לאַנד איז הייליג ביי אַלע אידען, ביי אַלע אידישע סעקטען, און ווייל אין דעם דאָזיגען לאַנד איז בעשאַפען און ענטוויקעלט געוואָרען די אידישע קולטור אין דער פערגאַנגענהייט — די אידישע קולטור, אויף וועלכע עס דאַרף ווערען באַזירט און ענטוויקעלט די נאַציאָנאַלע צוקונפטס־קולטור.

אָט אויף אַזאַ אופן דענקט אחד־העם דורך דער „ליעבע צו ציון“ אין דעם זין וואָס ער גיט די ווערטער, צו העלפען די „צרת היהדות“, ד י

*) זעה „עבר ועתיד“, עפ“ד.

יודענטהום־נויט", מיט וועלכער די ציוניסטען און אַלע נאַציאָ־נאַליסטען דאַרפען זיך, נאָך זיין מיינונג, הויפּטזעכליך בעשעפטיגען.

און אחד העם בעשעפטיגט זיך מיט דער יודענטהום־נויט, ניט דער־פאַר וויל ער אַנערקענט ניט קיין אידען־נויט, ניין! אחד העם ווייס זעהר גוט פון דער „אידען־נויט". ער ווייס זעהר פיעל פון די אידישע צרות, ער גלויבט אָבער ניט אַז די דאָזיגע צרות וועלען קענען אָבגעשאַפט ווערען אפילו דורך דער גרינדונג פון אַן אייגענעם אידישען שטאַאט. דער דאָזי־גער שטאַאט קען ניט זיין קיין אַבסאָלוטער ענטפער אויף דער אידען־פראַגע דערפאַר, ווייל, ווי אחד העם וויל האָבען, וועלען די אידען, די מייסטע אידען, מוזען בלייבען צושפּרייט, ווער ווייס ביז וואַנען, צווישען די פעלקער און ליידען דיזעלבע שנאה, און קיין מאַסען־קאָלאָניזאַציאָן אין פּאַלעסטינא, ד. ה. אַז דאָס אידישע פאָלק וועט ווען־עס־איז אין דער ניכער צוקונפט, קענען עמיגרירען אין גרויסע מאַסען פון די גלות־לענדער, אַזוי אַז זיין גרעסטער טייל זאָל זיך בעזעצען אין אַ נייע לאַנד, און שאַפען פיר זיך נייע קוועלען פיר זיינע לעבענסמיטלען, און ווערען אַן אונאָב־הענגיגע פרייע נאַציע — אין דעם גלויבט אחד־העם ניט. דאָס איז נאָך זיין מיינונג איבערהויפּט ניט מעגליך.

נאָך מעהר. ווען דאָס זאָל אפילו זיין מעגליך, דענקט אחד־העם, אַז דאָס אידישע פאָלק, ווי עס איז איצט, איז ניט פעהיג די זאַך צו אונטער־נעהמען, ווייל אויב מען וועט די גאַנצע זאַך אַוועקשטעלען אויף „אייגענ־נוץ", ווי דאָס מוז טהאָן אַ בעוועגונג, וועלכע שטיצט זיך ניט בלויז אויף די אידעאַליסטען פון פאָלק, נור פערקעהרט אויף דער ברייטער מאַסע, דאַן וועט יעדע ניעדערלאַגע וואָס דער איינציגער וועט ליידען צוליעב זיין פערזוך זיך צו בעזעצען אונטער די נייע און שווערע בעדינגונגען — און ניעדערלאַגען וועלען דאָך פיעלע ליידען — אונטערברעכען די אַרבייט אָדער זי גאָר אינגאַנצען צושטערען. נאָך מעהר, ביים אידישען פאָלק, וואָס ביי איהם איז דער „אייגענ־נוץ" דורך דעם גלות און שלעכטע אומ־שטענדען שטאַרק ענטוויקעלט געוואָרען, מוז אַ בעוועגונג וועלכע זוכט זיך צו גרינדען אויף דעם יסוד פון „אייגענ־נוץ", זיין אַ זיכערע „אינוועסט־מענט", זי מוז זיך גוט בעצאָהלען, און דאָס איז ביי דער בעסטער קאָלאָני־זאַציאָן די ערשטע צייט ניט מעגליך. אחד־העם בעטראַכט דעריבער יעדע טהעטיגקייט אין דער ריכטונג ניט נור פיר ניט ניצליך, נור אויך פיר שעדליך,*) ווייל דורך דעם ווערט די ענערגיע, וועלכע איז אַזוי אויך ווינציג פאַראַן, אויסגעבראַכט אויף ניט וויכטיגע זאַכען, אַזוי אַז די איינציגע

*) זעה „על פרשת דרכים", זייטע 19.

זאַך, וועלכע איז אַזוי נויטיג און דאָס איז: שאַפען אַ גייסטיגען צענטער אין פּאַלעסטינא — וואָס דאָס איז אויך מעגליך, ווען די גאַנצע ענערגיע וואָלט אַנגעווענדעט געוואָרען אין דער ריכטונג — ווערט דאַדורך אומזיסט געשטערט.



זיין ציוניזמוס רופט אחד־העם „דער גייסטיגער ציוניזמוס", אין נעגענזאַץ צום פּאָליטיש־„מאַטעריעלען". דען דער אידעאָלאָג אחד־העם וויל ניט וויסען פון דעם גרויסען איינפלוס פון די עקאָנאָמישע צושטענדען אויף דעם לעבען פון דעם איינציגען ווי אויך אויף דעם לעבען פון פאָלק. אויב אחד־העם דאַרף ערקלעהרען אַן ערשיינונג אין אידישען לעבען זוכט ער תמיד נאָך איהרע גייסטיגע און פּסיכאָלאָגישע סבות, בעת די עקאָנאָמישע אורזאַכען איגנאָרירט ער כמעט אין גאַנצען, און דערפאַר ווען ער רעדט פון דער פערווירקליכונג פון זיין אידעאַל, געפינט ער ניט פיר נויטיג צו בעווייזען, אפילו בדרך רמז, די מעגליכקייט פיר זיין פערווירקליכונג אין דער איצטיגער צייט און אונטער די נייע אומשטענדען, וואָס איז ניט געווען מעגליך פריהער, אָדער מיט וואָס עס ציינענט זיך אויס און אונטערשיידעט זיך אונזער בעוועגונג פון די אמאָליגע משיח׳שע בעוועגונגען. דאָס איז פאַר איהם ניט וויכטיג. ער פּרובירט אויך ניט ערקלעהרען די עקאָנאָמישע סבות, וועלכע האָבען דעם אידעאַל ארויסגערופען, דעם גרומיגען איינפלוס. — פאַר אחד־העם׳ען האָבען די אַלע זאַכען אַ קנאַפּע בעדייטונג.

אידעאַלען ווערען נאָך אחד־העם׳ען געשאַפען פון אידעאַליסטען און פערווירקליכט אויך דורך אידעאַליסטען; דאָס פאָלק העלפט אויף פּיליקט אין דער פערווירקליכונג פון די אידעאַלען, דאָס טהוט עס אָבער אונטער דער דיקטאַטור פון די אידעאַליסטען. דאָס פאָלק איז, ענדליך, דער חומר, דאָס מאַטעריאַל פאַר דעם בנין, דאָס געוועהר וואָס איז נויטיג פיר דעם זיעג, אָבער ניט די בויער זעלבסט, און ניט די זיעגער.

די ראָלע פון פאָלק אין דער אויסאַרבייטונג פון די אידעאַלען, ווי אויך אין זייער דורכזעצונג און אויספיהרבאַרקייט ווערט פון איהם אינגאַנצען איגנאָרירט. דאָס איז גענציליך איינקלאַנג מיט זיין שטאַנדפּונקט.

פון דעם שטאַנדפּונקט האָט ער אָנגעשריעבען זיין ערשטען אַרטיקעל, און אויף איהם שטעהט ער עד היום. נאָך אין ערשטען אַרטיקעל, ווען ער הויבט אָן ערקלעהרען די סבה פון דער ערשיינונג פון דער נייער אידעע, דריקט ער זיך אויס אויף דעם פאָלגענדען אופן: אַזעלכע היסטאָרישע אידעאַלען שפּראָצען ארויס פּלוצלונג, ווען די צייט דאַרף זיי האָבען, בעזיענען באַלד די פיר דעם אידעאַל פּעהיגע מענשען, און פון זיי

פערשפּרייט זיך דאָס איבער'ן גאַנצען פאָלק... אויך אונזער אידעאַל איז אַזוי געבאָרען געוואָרען און מיר קענען ניט זאָגען ווער עס האָט איהם געבוירען!

די ווערטער זיינען כאַראַקטעריסטיש. זיי אויסערען דעם גאַנצען שטאַנדפּונקט פון אחד העם, זיי ווייזען מיט וואָס פאַר אַ מאַסשטאַב ער מעסט די ערשיינונגען.

מיר געפינען דאָ פאַר נויטיג צו זאָגען אַ פּאָר ווערטער אויף איין אויסדרוק וואָס געפינט זיך אין דער אויבענדערמאָנטער ציטאַטע, וועלכע קען מיספערשטאַנען ווערען. אין דער ציטאַטע געפינען מיר אַזאַ אויס־דרוק: „ווען די צייט דאַרף עס האָבען". עהנליכע אויסדריקע וועגען דער צייט זיינען צואוואָרפען איבער אַנדערע פון זיינע אַרטיקלען, און אין דער ערשטער צייט האָט איהם איינער פון זיינע הייסעסטע תלמידים, דר. קלויזנער, חושד געוועזן אין פאַטאַליזם, די טעאָריע וועלכע לייקענט אבסאָ־לוט אין דער איניציאַטיווע און פרייען ווילען פון מענשען. דאָס איז אָבער פאַלש. אויך קלויזנער האָט שוין לאַנג צוריקגערופען די דאָזיגע מיינונג, ווייל פיר יעדען איינעם וואָס שטודירט אחד העם איז קלאָהר, אַז ביי איהם איז גראַדע פערקעהרט דער ווילען פון איינציגען דער גאַנצער בעוועגער פון אַלע אידעאַלען, און ניט נאָר דער בעוועגער נאָר אויך דער פערווירקליכער. דערפאַר טאַקע לעגט ער אַזוי פיעל געוויכט אויף דער פאַרבערייטונג פון ווילענס־קראַפט אָדער, ווי ער רופט עס, „די קאָנצענ־טרירונג פון אידישען גייסט אין דער ליעבע צו ציון", און ער איז געוואָרען דער גייסטיגער אָנפיהרער פון די קולטוריסטען, וועלכע כאָטש זיי זיינען ניט איינשטימיג מיט אחד־העם'ען אין די עיקרים פון זיין לעהרע, זיינען זיי אָבער מסכים, אַז די פאַרבערייטונג פון דער ווילענסקראַפט איז אַ נויטיגע פאָרבעדינגונג פיר דער פערווירקליכונג פון ציוניזמוס.

קיין פאַטאַליסט איז אחד־העם ניט. ער איז אפילו ניט קיין עקאָנאָ־מישער מאַטעריאַליסט, וועלכער גלויבט, אַז אויב די צייט איז רייף פיר אַן אידעאַל, פערשטעהענדיג אונטער אידעאַל דעם שטרעבען איבערצוביי־טען די עקזיסטירענדע פיר דער נייער ענטוויקלונג ניט־פּאַסענדע צו־שטענדען פיר אַנדערע, פיר דעם לעבענס־אינהאַלט צונפאַסטע צושטענ־דען, ווערט דיזער אידעאַל אַרויסגערופען — ווי מען וואָלט עס געקענט דרינגען פון דער פראַזע: „ווען די צייט דאַרף עס האָבען". ווייל אויב אַזוי וואָלט דאָך פיר אחד־העם קיין אונטערשיעד ניט געווען צווישען היסטאָ־רישע אידעאַלען און אַנדערע. אין יענעם געבראַכטען פּאַסוס ווערט אָבער ערקלעהרט, אַז בלויז היסטאָרישע אידעאַלען קומען ווען די צייט דאַרף זיי האָבען. אין אמת'ן פּאַסט אחד־העם אויך דעם בעגריף „אידעאַל" ניט

אויף אין דעם זין ווי די מאטעריאַליסטען. זיין אידעאַל קומט ניט בייטען קיין צושטענדען, קיין לעבענס־בעדינגונגען, ווייל ווי עס ערקלערט אחד־העם אליין, איז וואָס עס איז נוגע דעם עקאָנאָמישען מצב פון אידישען פאָלק, וועט אַלץ בלייבען ביים אַלטען, די מאַיאָריטעט פון אידען וועט ווייטער בלייבען אין גלות. זיין אידעאַל איז, אלזאָ, צו שאַפען בלויז א געוויסע ענדערונג אין דער שטימונג, אַן ענדערונג אין דער פאָלקס־פּסיכע, זיין אידעאַל איז אזוי צו זאָגען, שאַפען דעם פאָלק אַן אידעאַל, אָבער ניט אַן איבערבייט אין דער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון אידישען פאָלק, ניט אַן איבערבייט אין די בעדינגונגען.

און פונקט אזוי ווי אידעאַל מיינט ביי איהם ניט דאָס זעלבע ווי ביי די מאטעריאַליסטען, אזוי מיינט ביי איהם אויך דער בעגריף צייט ניט דאָס זעלבע ווי ביי די מאטעריאַליסטען. אונטער צייט פערשטעהט ער ניט די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג, דעם נייעם אויסוואַקסענדען אינהאַלט, וואָס קומט אָפּט אין קאָנפליקט מיט אַלטע פאָרמען.

וואָס אחד־העם איז יאָ — ער איז אַן עוואָלוציאָניסט, אַן אנהענגער פון דער עוואָלוציאָנס־טעאָריע: אַלעס אין מענשליכען לעבען ענטוויקעלט זיך, אַלעס מאכט דורך דעם פּראָצעס פון עוואָלוציאָן: די שפּראַך, די אמונה, די געזעצען, ווי אויך די מאָראַל. די סבה פון זייער ענטשטעהונג און ענטוויקלונג דאַרף מען אָבער, נאָך אחד־העם'ען, אַלץ זוכען אין מענשען, די מענשען זיינען די איניציאַטאָרס, די מענשען זיינען די וואָס ענטוויקלען זעלבסטשטענדיג אַלעס. די אומשטענדען ווערען ניט אריינגעבראַכט אין חשבון. אידעאַלען ווערען ענטוויקעלט אין פערלויף פון דער צייט, מיינט אויך דאָס זעלבע. די מענשען וואָס לעבען אין א געוויסער צייט, ענטוויקלען זיי, זיי אליין זעלבסטשטענדיג, אָהן דער הילף פון די אומשטענדען. א פאָרצוג האָבען ביי אחד־העם היסטאָרישע אידעאַלען, זיי קומען ווען די צייט דאַרף זיי, זיי ווערען אויך זיכער פערווירקליכט. דאָס איז שוין אָבער אזוי זיך א מיסטישע ערקלערונג, וואָס האָט מיט דער עוואָלוציאָנס־טעאָריע ניט צו טהאָן.

דער ציוניזמוס איז ביי אחד־העם'ן א היסטאָרישער אידעאַל, ווייל דאָס אידישע פאָלק האָט איהם אין פערלויף פון זיין געשיכטע אויסגעאַרבייט און ענטוויקעלט, און אחד־העם גלויבט דעריבער, אז דער אידעאַל מוז סוף־סוף פערווירקליכט ווערען, מעג ער זיך אָנשלאָגען אויף וויפיעל שטערונגען און עכובים.

און מיט א פעסטען און נצחונ'דיגען טאָן, דריקט אחד־העם אויס זיין האָפנונג, נאָך דעם זעקסטען קאָנגרעס, אויף וועלכען עס ווערט בעשלאָסען צו שיקען אַן עקספּעדיציע נאָך אַן אנדער לאַנד — אז נאָך אַלעמען, וואָס

איז נוגע דעם היסטאָרישען אידעאל — וועלען אויפשטעהן אנדערע מענ־שען און וועלען אויפהויבען מיט מעהר שטאָלץ און מוטה די „ציון־פאָהן“ און קעמפפען מיט מעהר אָפּפערווילינקייט פאר זייער אידעאל, ביז זייער קאמפף וועט געקרוינט ווערען מיט א גלאָררייכען זיעג“. אזוי פיעל געוויכט לעגט אחד־העם אויף דער היסטאָרישער קראפט וואָס דער ציון־אידעאל, אין דעם זין ווי ער פערשטעהט איהם, בעזיצט.

מיר האָבען שוין אויבען, בדרך אגב, דערמאָנט, אז איינער פון די הויפּט־פּונקטען ביי אחד־העם׳ען איז די נאציאָנאליזירונג, אין ברייטען זין פון דעם וואָרט, פון דעם פאָלק. צו דעם קומט ער אויס צוויי סבות, וועלכע שטאַמען פון זיין לעהרע. די ערשטע איז, ווייל, ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, דאָס אידישע פאָלק איז, לויט אחד־העם׳ס מיינונג, ניט פעהיג צו ארבייטען פאר קיין אידעאל: פיעלע שלעכטע מדות האָבען זיך אין איהם אָנגעשטעקט אין זיין לאנגען גלות, וועלכע זיינען א שטערונג פאר יעדער ריכטיגער אידעאלער אונטערנעהמונג, ווער רעדט פאר א הויכען פאָלקס־אידעאל וואָס פאָדערט קרבנות, געדולד און אויסדויער.

אום דער אידעאל זאָל האָבען א מעגליכקייט פערווירקליכט צו ווע־רען מוזען די דאָזיגע מדות אונבעדינגט אויסגעוואָרצעלט ווערען. דאָס איז די ארבייט וואָס די קולטור־בעוועגונג, וועלכע אחד העם פאָדערט אז עס זאָל בעשאפען ווערען דארף זיך שטעלען. דאָס איז די נעגאטיווע זייט פון דער בעוועגונג. די דאָזיגע קולטור־בעוועגונג האָט אָבער אויך א פאָזיטיווע זייט, ווייל זי דארף אין דער אידישער מאסע, אויף דעם פּלאַץ פון די פעהלער, איינפלאנצען העכערע און עדלערע געפיהלען און שטרע־בונגען. נאָך מעהר דארף זי וועקען אין פאָלק די ליעבשאפט צו זיך אליין, צו זיין היסטאָריע, צו זיין ליטעראטור, צו זיין שפראך און צו זיין היסטאָ־רישען אידעאל. די אנדערע סבה וואָס מאכט נויטיג די קולטור־ארבייט שוין אין די גלות־לענדער איז אויך דערפאר ווייל, נאָך זיין מיינונג, וועט דאָך תמיד די גרעסטע טייל אידען בלייבען אין גלות, און די קולטור־ארבייט איז דאהער ניט קיין פּאליאטיווע, נור פערקעהרט, א שטענדיגע פיר די אין גלות־בלייבענדע אידען.

ווער דארף אָבער נאָך אחד־העם די שווערע ארבייט אויף זיך טראָ־גען? אויף וועלכען עלעמענט שטיצט זיך, אָדער וויל זיך אחד־העם דער עיקר שטיצען? אויף איין פּלאַץ מאכט דאָס אחד־העם גאנץ קלאָהר, ער זאָגט: „ניט פון דער מאסע וועלכע וויל לעבען קען מען דאָס פאָדערען, און ניט אויף איהר קען מען זיך פערלאָזען, אז זי זאָל דורכברעכען א וועג פיר דעם אידעאל, איינשטעלענדיג דערביי איהר לעבען. דאָס דארפען טהאָן די אידעאליסטען, וועלכע האָבען פאר דעם די נויטיגע מאָראלע

קראַפט און מוטה, וועהרענד דאָס פאָלק וועט ערשט קומען דערנאָך, דאַן ווען דער וועג וועט שוין פאַר איהם זיין אויסגעטראָטען".

„די אידישע הילפע — זאָגט אחד־העם אויף אַן אנדער אָרט — וועט קומען דורך נביאים..."

## דובנאָוו.

ניט פיעל שפעטער אין צייט ווי אחד־העם, נאָר אין אַן אנדער שפּראַך, נעמליך: אין דער רוסישער, האָט דובנאָוו אין די סעריע אַרטיקלען אונטער דעם אַלגעמיינעם טיטול: „בריעף וועגען דעם אַלטען און נייעם יודענ־טהום" פאָרגעלעגט זיינע געדאַנקען איבער דעם נאַציאָנאַליזמוס. אַזוי ווי אחד־העם בעצייכענט זיין ציוניזם, בעצייכענט דובנאָוו אויך זיין נאַציאָנאַליזמוס מיט דעם בייוואָרט: גייסטיג, נעמליך: ער רופט איהם דער גייסטיגער נאַציאָנאַליזמוס. פון דעם נאָמען אַליין קען מען שוין מערקען, אַז דער שטאַנדפּונקט, אויף וועלכען דובנאָוו שטעהט, איז ניט דער מאַטעריאַליסטישער, פון דער אנדער זייט קען מען דייטליך זעהן די פערוואַנדשאַפט צווישען דובנאָוו און אחד העם. אויך דובנאָוו גלויבט, אַז טראָץ די עקאָנאָמישע אונזיכערהייט אין לעבען פון אידישען פאָלק אין דער לעצטער צייט, טראָץ דעם וואוקס פון אנטיסעמיטיזמוס אין אַלע לענדער, טראָץ די אַלע ליידען און פּורעניות, וואָס דאָס אידישע פאָלק ליידעט, שרעקט דעם אידישען פאָלק ניט קיין געפאַהר פון אונטערגאַנג איצט אַזוי גוט ווי אין די פריהערדיגע צייטען, אין היינטיגער צייט פון אפּיקורסות ווי אין דער צייט ווען די רעליגיאָן איז געווען אין איהר פולער קראַפט. ווייל ווי דובנאָוו מיהט זיך צו בעווייזען, איז פאַראַן אַזאַ געזעץ אין דער אידישער געשיכטע, א געזעץ ווי דער נאַטור־געזעץ פון גראַווי־טאַציאָן און אַנדערע. דעם דאָזיגען געזעץ בעצייכענט ער מיט די צוויי ווערטער „עב" און „פלוט". דאָס מיינט אייגענטליך, דאָס אויב עס קומט אָן א שווערע צייט פאַר דעם אידישען פאָלק, די ליעבשאַפט צו זיך אַליין ווערט אָבגעשוואַכט און שפּורען פון אונטערגאַנג הויבען זיך אָן אין איהם צו בעמערקען — דער פּראָצעס פון „עב", פון אָבגיסען זיך קומט פאָר, דאַן פינדעט שטאַט דער אנדערער פּראָצעס, אַלס א פאָלגע פון דעם „עב" — דער „פלוט" — א שטאַרקע ליעבשאַפט צום פאָלק ווערט ערוועקט ביי די איבעריגע מיטגליעדער פון דער נאַציאָן, דער נאַציאָנאַל־געפיהל פלאַ־קערט אויף, נייע כחות ווערען געבוירען, דאָס פאָלק שאַפט דאַן נייע אידעאַלען און עס לעבט ווידער אויף.

אויך איצט, ווי דובנאָוו בעמערקט, איז אייגענטליך דאָס זעלבע געשעהן.

דורך דעם ערשיינען פון דעם נייעם עמאַנציפּאַציע־אידעאַל אויף דער וועלט, זיינען די ווענד פון דער גהעטאָ פּלוצלינג ארונטערגעריסען געוואָרען און פאַר דעם אידענ׳ס אויגען איז ערשיענען די אייראָפּעאישע מאָדערנע ציוויליזאַציאָן מיט איהר פיעלפארביגקייט און בלענדעניש, איז ער איבער־ראשט געוואָרען, און האָט פערלאָרען דעם גלייכגעוויכט. די שעהנהייט האָט זיין הארץ געפאנגען, און ער האָט זיך איבערגעגעבען דער נייער קול־טור — „עב" איז געשעהן. פיעלע האָבען פערלאָזען דאָס אידישע פאָלק, אידישע אידעאַלען און אידישע שטרעבונגען, און האָבען זיך אָנגע־הויבען מישען מיט פרעמדע פעלקער. דער דאָזיגער צושטאנד האָט אָבער לאַנג ניט געקענט דויערן. די אינטעלעקטועלע עלעמענטען, וועלכע זיינען נאָך געבליבען שטאַרק פערבונדען מיט דעם אידישען גייסט און מיט די אידישע אידעאַלען, זיינען אלס פּאָלגע אויפגעוועקט געוואָרען צו טהעטיג־קייט און זיי, קען מען האָפען, וועלען שוין פונאנדערבלאָזען די פערלאָשענע נאַציאָנאַלע פונקען מיט גרויסער ענערגיע און איבערגעבענקייט, — וואָס עס האָבען קיינמאָל ניט פערפעהלט צו טהאָן די אידישע פּאַטריאָטען, פון די חשמונאים ביז צו די מארטירער אין דער צייט פון דער אינקוויזיציאָן. זיי וועלען אויפווייזען די ערהאבענהייט פון דער אידישער קולטור; און די אייראָפּעאישע קולטור און פרייהייט — וועלען זיי אויפנעהמען אלס א ניי מיטעל פאָרטצוזעצען די ענטוויקלונג פון אידישע שטרעבונגען. די דאָזיגע ארבייט וועט נויטווענדיגערווייזע מוזען אויסאיבען אַן איינפלוס אויך אויף די אָבגעשטאָרבענע גליעדער פון אידישען פּאָלק. נאָך דעם „עב" האָט בעדאַרפט אָנקומען דער „פלוט" — און ער איז געקומען. דער לעצטער וואָלט אָבער, נאָך דובנאָוו׳ן, געוועזן גערעטעט דאָס אידישע פּאָלק אויך אָהן דעם צופעליגען טייל פון דער נאַציאָנאַלער בעוועגונג, וועלכע טראָגט דעם נאָמען „ציוניזמוס".

און דאָ קומען מיר צו דעם עיקר פון זיין טעאָריע.

ווי דובנאָוו גלויבט, איז יעדע ארבייט אָנגעווענדעט אין דער ריכטונג צו קריגען פאַר דעם אידישען פּאָלק פּאָליטישע אונאַבהענגיגקייט אויף אַן אייגענע טעריטאָריע ניט נאָר אוטאָפּיש, נור גאָר איבעריג, ווייל, ווי דובנאָוו מיינט, איז דאָס פאר דעם אידישען פּאָלק אבסאָלוט ניט נויטיג. דובנאָוו ערקלערט זיין געדאנק ווי פאָלגט: פיער־ערליי שטופען פון עוואָ־לוציע מאכט דורך יעדער נאַציע: ראסען, פּאָליטישע, קולטור־היסטאָרישע און גייסטיג־רעליגיעזע..ביים אָנפאַנג, ווען די נאַציע שטעהט נאָך אויף א נידעריגע שטופע פון ענטוויקלונג, ווען זי איז נאָך אין אמת׳ן ניט קיין נאַציע נור בלויז א שבט, דאַן איז דער איינציגער פערבאנד צווישען די מיטגליעדער בלויז די בלוט־פערוואנדטשאפט — דאָס איז די ערשטע

שטופע. נאָכהער אָבער, ווען דער שבט ווערט גרעסער, אָדער פערשמעלצט זיך מיט נאָך א שבט, דאַן, כאָטש דער ערשטער פערבאַנד איז נאָך א פאַקטאָר אין דער פעראייניגונג פון צוויי מיטגליעדער פון דער נאַציע, ערשיינט אָבער דאָך שוין דער צווייטער פאַקטאָר: דאָס לאַנד; דאָס טעריטאָריום הויבט אָן שפּיעלען די הויפּט־ראָלע פון א פעראייניגונגס־מיטעל. די אַלגעמיינע פּאָליטישע אינטערעסען און בעדירפניסען מאַכען די איינציגע פון דער נאַציע נאָהענט איינס צום אנדערען און פערבינדען זיי אין אַן ענגערען בונד. — דאָס איז די צווייטע שטופע פון ענטוויקלונג. דאָס זאָגענאַנטע פּאָליטישע פּאָלק מאַכט אָבער דורך נאָך א העכערע שטופע פון עוואָלוציע, דאַן ווען די מיטגליעדער פון פּאָלק הויבען אָן, חוץ זייערע פּאָליטישע אינטערעסען, צו ענטוויקלען אויך גייסטיגע אינטערעסען, עטוואָס גייסטיגעס אַלגעמיינעס, דער אמת'ער סימן פון איינהייט. אַזאַ נאַציאָן איז א פּאָליטיש־קולטורעלע נאַציע, אַזאַ נאַציע בענוצט שוין אויך פּאָליטישע פרייהייט אום פאָרטצוזעצען איהרע גייסטיגע אינטערעסען. ווייל, נאָך אַלעמען, זיינען דאָך די אינערליכע גייסטיגע קרעפטען די איינציגע סמנים פון פּאָלקס־איינהייט, די פּאָליטישע אונאַבהענגיגקייט איז בלויז אַן אויסערליך הייטעל אין וואָס אויפצוהאַלטען און אָבצוהיטען די קולטורעלע און גייסטיגע זעלבסטשטענדיגקייט פון פּאָלק. די שטופע פון ענטוויקלונג איז געוויס א הויכע. אָבער אויך דעם פּאָלק שרעקט א געפאַהר, די געפאַהר פון אונטערגאַנג, אין דער צייט ווען עס פערלירט זיין פּאָליטישע פרייהייט, מיט וועלכער זיין גייסטיגע זעלבסטשטענדיגקייט איז ענג פערבונדען. די העכסטע שטופע פון ענטוויקלונג עררייכט א פּאָלק ערשט דאַמאָלסט ווען זיין עקזיסטענץ הענגט שוין מעהר ניט אָב פון דער פּאָליטישער אונאַבהענגיגקייט פון זיין אייגענעם באָדען, דאַן ווען דאָס לאַנד, וועלכעס האָט אַמאָל איהם צוזאַמענגעבונדען אַלס נאַציע, הערט אויף מעהר שפּיעלען א ראָלע פון א פאַקטאָר אין זיין אויפהאַלטונג, ווען בלויז גייסטיגע איינגעשאַפטען פון דער נאַציע הויבען אָן ווערען די גאַראַנטיע פאַר איהר איינהייט, אַזאַ נאַציע איז א גייסטיג־קולטורעלע נאַציע. אַזאַ נאַציע קימערט זיך ווייניג וועגען א טעריטאָריע, זי דאַרף דאָס ניט. „א פליסיגקייט, זאָגאַר א געדיכטע, נויטיגט זיך אין א כלי, אין וועלכער זי ווערט אויפגעהאַלטען, איז אָבער איינמאַל די פליסיגקייט פערהאַרטעוועט און קריסטאַליזירט געוואָרען, דאַרף זי מעהר קיין כלי ניט האָבען". דאָס אידישע פּאָלק, דאָס אַלטע היסטאָרישע פּאָלק, האָט דורכגעמאַכט די אַלע פריהער־דערמאָנטע שטופען. פון בלויזער בלוט־פערוואַנדטשאַפט און מנהגים האָט עס יעצט עררייכט די העכסטע שטופע פון ענטוויקלונג; עס איז יעצט א גייסטיג קולטורעלע

נאַציע. אַלס אַזעלכע האָט זי, לויט דובנאָוו׳ן, אָנגעהויבען זיין נאָך אין צייט פון די נביאים. זי האָט אָבער אין יענער צייט נאָך פערמאָגט אַן אייגענעם באָדען, און ניט אַלע פון דער אידישער אינטעליגענץ האָבען דאַן געוואוסט אַז דער באָדען איז פאַר דער אידישער אומה שוין מעהר ניט קיין נויטווענדיגקייט פאַר דער אויפהאַלטונג פון איהר אייג־הייט. די אידישע מאַסע האָט דאָס געוויס ניט געוואוסט. ווען רוים איז געקומען און געמאַכט איהר אָנגריף אויף דער אידישער פּאָליטישער אונאַבהענגיגקייט, האָט די אידישע מאַסע פערצווייפעלט געקעמפפט געגען איהרע אָנגרייפער. די אידישע מאַסע האָט געדענקט, דאָס מיט דער פערניכטונג פון איהר פּאָליטישער פרייהייט פערלירט זי אויך איהר עקזיסטענץ; זי האָט נאָך אַליין פון איהר גרויסער קראַפט ניט געוואוסט. די גייסטיגע פיהרער האָבען שוין דאָס געוואוסט, זיי האָבען דאַרום ניט נעזאָרגט זיך פאַר ירושלים, פאַר דער פּאָליטישער אונאַבהענגיגקייט, זיי האָבען נור געוואָלט האָבען „יבנה“, אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, וואו דאָס פאָלק זאָל קענען אונגעשטערט פאָרטזעצען זיינע גייסטיגע אייגענטימליכ־קייטען, און די היסטאָריע האָט נאָכהער בעוויזען, אַז זיי האָבען געהאַט רעכט. מעהר פון צוויי טויזענד יאָהר זיינען אַוועק זייט יענער צייט און דער איד פיהרט זיין עקזיסטענץ אָהן אַ פּאָליטישען באָדען: און דאָס ווייזט אויף דער אויסערגעוועהנליכער שטאַרקייט פון דער נאַציע, אויף איהר גרויסען כח־הקיום, אויף איהר אונערשעפּליכען לעבענס עלעקסיר. זאָלען מיר איצט מורא האָבען פאַר דעם אונטערגאַנג פון דעם אידישען פאָלק, ווייל מיר זעהען ווי איין טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ פערלאָזט די אידישע נאַציע אויף אימער און ביי אַנדערע שאָקעלט זיך דער באָדען אונטער די פיס? דובנאָוו ענטפערט מיט אַ פעסטען ניין. אויך איצט, דענקט ער, איז קיין געפאַהר ניט פאַראַן. דער דאָזיגער פאַל אין דעם אידישען לעבען איז ניט קיין נייער, דאָס איז דער בעקאַנטער „עב“, אָבער ער מוז דאָך אויפהערען דורך דעם „פלוט“, וועלכער איז זיין נויטווענדיגע פאָלגע.

דער יעצטיגער פלוט, ערקלערט ווייטער דובנאָוו, וועט ניט זיין קיין טעזיס, אָדער פערקעהרט אַן אַנטיטעזיס, נור אַ פעראייניגונג פון דיביידע — אַ סינטעזיס. דער סינטעזיס וועט זיין ווייט פון עקסטרעמען און פון צושטערענדע און נעגאַטיווע עלעמענטען. טעזיס, אַנטיטעזיס און סינטעזיס — מיט די דריי „טערמינען“ ערקלערט דובנאָוו די לעצטע פעריאָדע פון אידישען לעבען.

גראַדע אין דער צייט ווען דאָס אידישע פאָלק איז געווען פערשלאָ־סען אין דער גהעטאָ, זיינען זיינע נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייטען ענט־

וויקעלט געוואָרען אונגעשטערט. אָבגעטיילט פון ארומיגען לעבען מיט די־אייזערנע ווענד פון דער גהעטאָ, האָט דאָס אידישע פאָלק דאָרטען מיט א בעזונדערער עקשנות פאַרטגעזעצט זיינע אַלטע מנהגים. אמת, דעם יחיד איז אָפט אויסגעקומען צו אונטערדריקען זיינע אינדיווידועלע שטרעבונגען און פרייהייט צוליעב דער נאַציאָנאַלער איינהייט, דאָך האָבען די מייסטע יחידים פון דער נאַציע געטראָגען די קייטען אָהן פראָטעסט. קייטען? זיי האָבען גאָר ניט געוואוסט, אז זיי טראָגען קייטען. דאָס נאַציאָנאַלע לעבען האָט ארומגעכאַפּט זייער גאַנצען וועזען, און זיי האָבען ניט געקענט פיהלען דעם שטיקענדען גייסט פון דער גהעטאָ. בלויז איינציגע האָבען דאָ און דאָרט דערשפּירט די קייטען און האָבען געמאַכט א פּראָבע זיך צו בעפרייען, און ווייל זיי האָבען פּרובירט בעפרייען נור זיך, זיך אַליין, האָט זיך דער רעזולטאַט פון דיעזע פּראָבען אָפט אויסגעלאָזט מיט דעם וואָס זיי האָבען פערלאָזען די אייגענע נאַציע, און דאָס אידישע פאָלק איז געבליבען ווי געווען, אָבגעזונדערט פון די ארומיגע פעלקער. ווי פריהער האָט עס קיין אנטייל ניט גענומען אין דעם פּאָליטישען לעבען פון די לענדער וואו עס האָט געלעבט, די רעכטע זיינען פון איהם אוועקגענומען געוואָרען, עס איז געווען אויסגעשלאָסען פון פיעלע פרייהייטען און עס האָט, אַלס פאָלגע פון די צושטענדען אַלע מאָל מעהר זיך איינגעשלאָסען אין זיך זעלבסט. דער טעזיס איז אַלזאָ געווען אָבגעזונדערטקייט. נור אָט האָט א שיין געטהאָן די זון פון פרייהייט. „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט" ווערט דער דעוויז פון דעם פראַנצויזישען פאָלק, און נאָכהער פון אַלע פעלקער פון די מערב־אייראָפּעאישע לענדער. די ווענד פון דער גהעטאָ ווערען אַלס רעזולטאַט פון דער פּראָקלאַמירטער פרייהייט ארונטערגעריסען און בירגערליכע רעכטע ווערען געגעבען דעם אידען. און באַלד זעהען מיר ווי די אידען הויבען זיך אָן אַסימילירען, נאָך מעהר, אַסימילאַציע ווערט דער אידעאַל פון דער אידישער אינטעליגענץ. דאָס איז געווען דער אַנטיטעזיס, א רעאַקציע נעגען דער אָבגעזונדערטקייט און ענגסייט פון דער גהעטאָ. מענדעלזאָהן מאַכט דעם ערשטען פערזוך צו ערקלערען די עקזיסטענץ פון דעם אידישען פאָלק ניט אַלס נאַציע, נור אַלס רעליגיעזע סעקטע. דער געדאַנק פון אַסימילאַציע האָט זיך ראַש פערשפּרייט, אָבער דאָס איז אויך נאַטירליך: צושטערען איז לייכטער ווי בויען. דאָס אַפּעלירט שנעל צו דעם מענשען, און פיעל מעהר, ווען עס איז פערבונדען מיט מאַטעריעלע שיינבאַרע אָדער אמת'ע נוצען. דער אַסימילאַציאָנס געדאַנק האָט דאַן ביי דער אינטעליגענץ אָנגענומען צוויי פאָרמען. ביי איינינע האָט דאָס געהייסען: דאָס אידישע פאָלק זאָל זיך אויסמישען מיט די פעלקער, צווי־

שען וועלכע עס לעבט, ווייל עס האָט מעהר ניט קיין עקזיסטענץ־בערעכ־טיגונג אַלס נאַציע. דאָס איז איינפאַך געווען אַ שענדליכער פעררעטה געגען אידישען פאָלק, צוליעב פשוט'ע אייגענע מאַטעריעלע נוצען. עס איז אָבער אויך געווען, מוז מען צוגעבען, צווישען דער אינטעליגענץ אידע־אַליסטען, ביי וועלכע די אַסימילאַציע איז פערשלייערט געוואָרען אין דעק־טוך פון קאָסמאָפּאָליטיזם; ניט דאָס אידישע פאָלק דאַרף זיך אויס־מישען צווישען די פעלקער, נור אַלע פעלקער דאַרפען זיך צוזאַמענשמעל־צען אין איין מענשהייט. נור אַזוי ווי דאָס אידישע פאָלק איז שוין אַ קאָסמאָפּאָליטישעס, דאַרף עס דערפאַר, נאָך זייער מיינונג, צום ערשטען זיך אָבזאָגען פון זיינע נאַציאָנאַלע אייגענטימליכקייטען. די דאָזיגע רעאַקציע האָט אַרויסגערופען אַ געגען־שטראָם, דער נאַציאָנאַלער גייסט האָט ערוואַכט ביי אַ טייל פון דער אידישער אינטעליגענץ, — דער סינ־טעזיס איז דאַן געבוירען געוואָרען. דער סינטעזיס ערקלערט, אַז ניט דעם אונטערגאַנג פון פאָלק האָט די פערניכטונג פון דער גהעטאָ געפאָדערט, נור אַ שטרעבונג צו אַ נייעם נאַציאָנאַלען אויפלעבען, וועלכער זאָל ניט זיין געצוואונגען זיך צו שטיצען אויף דער עקסטרעמער מיטעלאַלטער־ליכער אָבגעזונדערטקייט. אמת, אויך דער אַנטיטעזיס האָט געהאַט זיין גוטע זייט, ער האָט געהאָלפען אויפלעבען די פערשטאַרבענע שטרעבונגען פון די איינצעלנע נאָך אינדיווידועלער פרייהייט, אויפוועקען זייער אינ־טערעס אין דעם לעבען וואָס געהט פאָר אַרום זיי, און דאָס האָט ער ערפאָלגרייך ערפילט. דער אינהאַלט פון אידישען לעבען איז געוואָרען רייכער, טיעפער, אינטענסיווער. מיט דעם אָבער האָט זיך די אויפגאַבע פון דעם אַנטיטעזיס געענדיגט און זיין פּלאַץ האָט פערנומען דער סינ־טעזיס, וואָס שטרעבט אָבצוהיטען די גאַנצקייט פון אידישען פאָלק, זיין ספּעציעלע פערזענליכקייט, ווי דער טעזיס, און צו גלייכער צייט, ווי ווייט מעגליך, אָבצוהיטען די פרייהייט פון יעדען איינציגען, זיין אינטערעס אין דעם אַרומיגען לעבען. דאָס איז דער מיטעלוועג, וואָס ווייס פון קיינע עקסטרעמען, דאָס איז דער רעזולטאַט פון די צוויי געגענזעצליכע שטרעמונגען. דער סינטהעזיס איז פאָזיטיוו אין געגענזאַץ צו יענע צוויי שטרעבונגען, וועלכע האָבען געהאַט אַ נעגאַטיווע זייט. ביידע ערשטע האָבען מקריב געווען איין סאָרט רעכטע צוליעב אַן אַנדער סאָרט. דער אונטערשיעד האָט בלויז געשטעקט אין דעם, דאָס וועהרענד די ערשטע, די גהעטאָ אידען, האָבען אויפגעאָפּפערט בירגערליכע רעכטע, — פּיע־לייכט ניט מיט דעם גוטען ווילען — אינדיווידועלע רעכטע צוליעב די נאַציאָנאַלע, האָבען די אַסימילאַטאָרען, די אָנהענגער פון דעם אַנטי־טהעזיס, אויפגעאָפּפערט זייערע נאַציאָנאַלע צוליעב די בירגערליכע

רעכטע. איןביידע פעלע האָט דאָס אידישע פאָלק געמוזט אויפאָפפערען מיט איין פרייהייט פאַר דער אנדערער. ניט אַזוי דער סינטהעזיס. ער וויל ניט אויפאָפפערן מיט גאָרניט: אַלע רעכטע זיינען איהם גלייך טייער.

דאָס אידישע פאָלק, ווי אַלע געזונדע פעלקער, דאַרף האָבען פולע פרייהייט, אָט דאָס פערלאַנגען די גייסטיגע נאַציאָנאַליסטען, די אנהענ־גער פון סינטהעזיס. דער סינטהעזיס איז אַלזאָ דער לאָגישער שלום פון יענע צוויי פאַרגעהענדע שטרעמונגען, און האָט אַלזאָ געמוזט קור־מען. דער אנטיסעמיטיזם פון לעצטען יאהרהונדערט האָט נור שנעלער געבראַכט די צערלייגונג פון דעם אנטי־טהעזיס, וועלכער וואָלט אָבער אויך אַליין געמוזט באַנקראָטירען דורך זיין אייגענע אינערליכע צו־בראָכענהייט.

דער אידעאַל פון די גייסטיגע נאַציאָנאַליסטען איז, אַלזאָ, ווי ביי יענע גייסטיגע פיהרער, אין דער צייט פון דער מלחמה מיט רוים, די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע. די אידען דאַרפען אויסקעמפּפען אין די גלות־לענדער חוץ זייערע בירגערליכע רעכטע אויך נאַציאָנאַלע רעכטע. די אידען זאָלען איבעראַל האָבען אַ רעכט צו גרינדען פאַר זיך אייגענע שולען, אוניווערסיטעטען און קענען פאַר זיך ענטוויקלען זייער שפּראַכע און זייערע אנדערע אייגענטהימליכקייטען, מיט איין וואָרט, פאָרטזעצען זייער ספּעציעלע קולטורעלע ארבייט.

פון דעם אַלעם, וואָס מיר האָבען דאָ אויסגעבראַכט, ווערט פאַר יעדען קלאָר, פאַרוואָס דובנאָוו בעטראַכט דעם ציוניזמוס, וואָס שטרעבט צו ערווערבען אַן אייגענעם באָדען פיר דעם אידישען פאָלק, פאַר אַ צופעליגען טהייל פון דער נאַציאָנאַלער בעוועגונג. לויט דובנאָוו איז צום ציוניזמוס געקומען בלויז יענער טהייל אינטעליגענץ, וועלכער וויל ערקלערען אַלע ערשיינונגען פון דער היסטאָריע, פּאָליטישע, רעליגיעזע, אינטולעקטועלע — אויסשליסליך דורך עקאָנאָמישע פאַקטאָרען, דורך מאַטעריעלע סבות, על פּי דער מאַרקסיסטישער אויפפאַסונג, און וועלכער וויל אַנווענדען די זעלבע פלאַכע לעהרע וואָס איז געגען אַלע פּסיכאָלאָגישע און וויסענ־שאַפטליך היסטאָרישע געזעצען — אויך צו דעם אייגענאַרטיגען היס־טאָרישען גאַנג פון דער אידישער היסטאָריע, וועלכע מעהר ווי אַלע אנ־דערע, בעווייזט גראַדע אַז דער גייסט און ניט דער מאָגען ענטשיידט דעם שיקזאַל פון פעלקער. די אַנהענגער פון דער אויבענדערמאָנטער לעהרע ווייזען אָן אויף אַן אייגענער רעגיערונג אַלס דער איינציגער מיטעל אום צו רעטען די אידען פון אונטערגאַנג.

דאָס איז אָבער פאַלש, ערקלערט דובנאָוו. דען די אידישע נאַציע קען און וועט עקזיסטירען אין דער צוקונפט אָהן אַן אייגענער רעגיערונג.

ווי זי האָט אויך עקזיסטירט ביז יעצט אונטער פיעל ערגערע אומשטענ־דען. דער ציוניזם איז דארום איבעריג.

ווי האַלט זיך אָבער דובנאָוו צום ציוניזם, אַלס אַ פאַקט? דאַרף ער, נאָך זיין מיינונג, בעקעמפפט ווערען ווייל ער ברענגט שאָדען, אָדער, פערקעהרט, איבעריג פון זיין שטאַנדפונקט ווי ער איז, דאַרף ער דאָך, „בדעבד", ווען ער איז שוין דאָ, אונטערשטיצט ווערען? די פראַגע קען מען גלייך ניט ענטפערען, ווייל עס איז געווענדט פון וואָס פאַר אַ ציוניזם עס איז די רעד.

אויף דעם גייסטיגען ציוניזם קוקט דובנאָוו זעהר סימפּאַטיש. נאָך מעהר, ער בעטאָנט אַלעמאָל די נאָהענטע פערוואַנדשאַפט וואָס עקזיס־טירט צווישען זיין לעהרע און דעם גייסטיגען ציוניזם. ווייל ראשית האָבען זיי כמעט איין פּראָגראַם פיר געגענוואַרטס־אַרבייט אין די גלות־לענדער און אפילו מיט דעם אחד העם׳ישען ענדציעל, מיר מיינען, די קאָלאָ־ניזירונג פון פּאַלעסטינאַ אום צו שאַפען אַ „מרכז רוחני", איז דובנאָוו מסכים. אין די לעצטע בריעף גיט דובנאָוו צו, אַז קאָלאָניזירען פּאַלעס־טינאַ און גרינדען דאָרט אַ „מרכז רוחני" איז ניט נור ניט שלעכט נאָר אויך זעהר וויכטיג.

דער אונטערשיעד איז נור אין דעם ערך וואָס ער, דובנאָוו, גיט צו דער אַרבייט פון קאָלאָניזירען פּאַלעסטינאַ און וועלכע אחד־העם גיט איהר. ביי אחד־העם איז די ליעבשאַפט און אַרבייט פאַר ציון דאָס וואָס דאַרף אָנפילען די נשמה אַלס „יסוד היסודות", וואָס דאַרף דיענען אַלס דער „מרכז הרוח". ניט אַזוי ביי דובנאָוו׳ן. ביים לעצטען איז דאָס בלויז אַ „בדרך אגב"־זאַך.

אַנדערש קוקט שוין דובנאָוו אויפ׳ן פּאָליטישען ציוניזם. אַלס נאַציאָ־נאַליסט מוז ער נאַטירליך די פאָלקס־בעוועגונג, וועלכע ווייזט אונבעי־שטרייטבאַר אויף דעם לעבענס־ווילען פון זיין נאַציע, בעטראַכטען אַלס ערפרעהענדע ערשיינונג און זי אויך בעגריסען. ער איז אפילו מודה אַז דער בעוועגונג וועט געלינגען צו רעטען אַ געוויסע טייל פון דער אינטעליגענץ, וועלכער וואָלט אָהן דעם אידעאַל פון דעם פּאָליטישען ציוניזם, אָהן דעם מאַטעריאַליסטישען אידעאַל פון אַן אייגענעם שטאַאַט, פילייכט פער־לאָרען געגאַנגען פיר דעם אידישען פאָלק. צו דערזעלבער צייט אָבער, דענקט דובנאָוו, אַז אויב די אינטעליגענטען וועט געלינגען דורך דעם ציוניזם זיך ענג צו פערבינדען מיט זייער פאָלק, צו קומען מיט איהם אין נאָהענטער בעריהרונג און דורכצודרינגען זיך מיט זיין גייסט, וועט פאַר זיי דער פּאָליטישער ציוניזם ווערען איבעריג, פּונקט ווי ער איז יעצט איבעריג פאַר די גייסטיגע נאַציאָנאַליסטען.

די אינטעליגענטען וועלען דאַן פערשטעהן ווי וויכטיג און ווי וויג־שענסווערטה עס איז צו ארבייטען פאַר דעם אידישען פאָלק, ווען אויך עס זאָל זיך קיינמאָל ניט קענען ערווערבען קיין טערריטאָריום, ווייל נאָך אַלעמען איז דאָס אידישע פאָלק אַזוי גייסטיג שטארק אַז עס דארף גאַר ניט קיין טערריטאָריום.

קעמפפען — קעמפפט דובנאָוו מיט די פּאָליטישע ציוניסטען, פאַר וואָס זיי ווילען פערבייטען די אידישע עטהיק. דובנאָוו טרעט אַרויס שארף געגען דר. נאָרדאו און די אַנדערע פיהרער פון די פּאָליטישע ציוניסטען, וועלכע זיינען ניט צופריעדען מיט דעם אידישען טיפּ, וואָס האָט זיך אויסגעארבייט אין גלות, וועלכע זיינען ניט צופריעדען אויך מיט זיין מאָראַל און פערלאַנגען ער זאָל די דאָזיגע, ווי זיי רופען זי, „שקלאַפען־מאָראַל“ ענדערען און אויף איהר פּלאַץ אויפנעהמען אַ נייע מאָראַל, וואָס הייסט ניט נאָר ליידען, נאָר אויך בעקעמפפען, בלוט־פערגיסען, ניט דוקא ליעבהאָבען דעם גייסט נור פיעל מעהר דעם חומר, און רופען דאָס אידישע לעבען אַ לעבען פון קנעכט.

אויף דעם ענטפערט דובנאָוו: ניט קנעכט זיינען די אידען דערפאַר וואָס זיי ליידען געוואָלדטהאַטען פאַר זייער אידעאַל, — פרייהייטס־מענער זיינען זיי, די גרעסטע פרייהייטס־מענער, ווייל זיי האָבען מיט אַ מאָדנעם חשק אויפגעאָפּפערט זייער קערפּערליכע פרייהייט צוליעב דעם גייסט. דער גאַנצער טראַגיזם פון אידישען פאָלק איז דאָפיר, ווייל דער איד האָט געליטען און ליידעט פאַר זיין אידעאַל, וועלכען ער וויל ניט אויפגעבען. שטעלען דעם אידעאַל העכער פון אַלעם איז געווען זיין דעוויז אין די גאַנצע צוויי טויזענד יאָהר פון זיין גלות. און דאָס זעלבע איז אייגענטליך ביי אַלע פרייהייטס־מענער און אידעאַליסטען פון אַלע צייטען.

דובנאָוו בעקעמפפט אויך די פּאָליטישע ציוניסטען, פאַר וואָס זיי נעהמען זיך שוין ניט צו קליין־קאָלאָניזאַציאָן אין פּאַלעסטינאַ. אין דעם קאַמפּף איז ער אָבער פיעל שוואַכער פון אחד־העם'ען. פון דער אַנדער זייט קריטיקירט ער די פּאָליטישע ציוניסטען פאַר וואָס זיי נעהמען זיך ניט פאַר געגענוואַרטס־ארבייט, דאָ אין גלות.

אין דעם איז ער געטריי זיין שטאַנדפּונקט, נאָך וועלכען עס קומט אויס, אַז דער עיקר ארבייט פאַר די אידען דארף זיין אין די גלות־לענדער.

# דר. טהעאָדאָר הערצל

## דער ווענדפּונקט אין זיין לעבען

אונערוואַרטעט איז ער געקומען צו אונז, און אונערוואַרטעט איז ער געקומען צו זיך, האָט ער זיך געפונען, זיין גרויסע מיסיאָן דערקענט.

ווען ער האָט זיך געפונען, ווען דאָס ליכט פון זיין גרויסער שליחות האָט אין זיין אויג אַ פינקעל געטהאָן, האָט ער שוין געמוזט צו אונז קומען. יענע געוואַלטיגע קראַפט, וואָס איהם האָט געשטויסען אין די אָרעמס פון זיין פאָלק, האָט ער שוין ניט געקענט אונטערדריקען, ווייל יענע קראַפט איז געוועזען זיין גרויסקייט, זיין מהות, זיין גאַנצער „איך", און ווער האָט אין איהם, איהם געקענט גובר זיין?

ער איז דעריבער געקומען צו אונז אַ גרויסער, אַ פּראָמעטעאוס, אַ זון — דאָס איז קלאָהר.

ווי אַזוי איז ער אָבער געקומען צו זיך?

דערצעהלט אונז די ביאָגראַפיע: ער איז געבאָרען געוואָרען אין... געקראָגען אַ גוטע ערציהונג... געבאָרען אין אַ הייבעלע, און דאָס גליק האָט איהם אומעטום מיט אַ ליעבען שמייכעלע בעגעגענט... ער האָט גליק־ליך געהייראַטה, ער האָט געהאַט גרויסען ערפאָלג אַלס שריפטשטעלער, ער איז פון דער „נייער פרייער פרעסע" געשיקט געוואָרען אַלס איהר קאָרעספּאָנדענט צום פראַנצויזישען פּאַרלאַמענט... שעהנע געזעלשאַפט, צופריעדענהייט און גליק... און דאַן... דער יודענשטאַאַט...

נאָכדעם איז שוין ווייטער קלאָהר. בעת ער שרייבט דעם „יודענ־שטאַאַט" מיינט ער, אַז זיין מיסיאָן איז שוין געענדיגט, „איך האָב מיין פליכט געטהאָן, איצט זאָלען קומען בויער און איבערנעהמען די זאַך", אָבער זיין מיסיאָן האָט זיך מיט זיין שרייבען דעם יודענשטאַאַט ניט געענדיגט. ער האָט אויך געמוזט שאַפען די אינסטיטוטען וואָס זאָלען דעם יודענשטאַאַט בויען, אין לעבען ברענגען, מאַכען פון דעם חלום אַ ווירק־ליכקייט.

קלאָהר איז אָבער אַלץ ניט דער איבערגאַנגס־מאָמענט: פון דעם פראַנצויזישען פּאַרלאַמענט, פון דער גוטער געזעלשאַפט, פון דעם גליק, פון דער רוהע צו דעם יודענשטאַאַט. עס פעהלט אַ רינגעלע אין דער קייט.

האָט הערצל אַליין אונז געגעבען אַ שטיקעל ביאָגראַפיע, אַ שילדע־

רונג ווי אזוי ער האָט זיין „יודענשטאאט" געשאפען. ווען ער האָט זיך גענומען שרייבען האָט דאָס בלוט אין איהם געזונגען אַ הימעל-הימנע. ער איז געווען אין מורא'דיגער שפּאַנונג. טעג איז ער געזעסען אין זיין צימער, וועלכער האָט אין זיך איינגעשלאָסען אַ גאַנצע וועלט, טויבען האָבען ארומגעפלאַטערט אין הויז, און מיט זייערע פליגלען געפּאַכט איבער זיין קאָפּ, און זיינע אויערען האָבען פערנומען דעם פלאַטער פון די פליגעל, כוואליעס ליכט האָבען זיך פון ערגעץ געגאָסען אין זיין צימער, און ער האָט אין דעם ליכט געזעהן זיין טרוים.

ער דערצעהלט אָבער ניט, וואָס פּלוצלינג האָט ער זיך גענומען שריי־בען דעם „יודענשטאאט". געהיימניספאָל איז דער פונקט. ער געהט דעם פונקט אריבער מיט אַ טיעפען שווייגען.

עס איז דאָך אָבער גראָד דער פונקט, וואָס מען וויל אזוי וויסען.

עס הויבען זיך דאַן אָן די חקירות. דער זאָגט: דער דרייפוס-פּראָצעס איז שולדיג, צוליעב דעם האָט זיך עס אין איהם ערוועקט די ליעבע צו זיין פאָלק, און אַנדערע זאָגען: דער פּאַנאמאַ-שווינדעל, אין וועלכען אידען זיינען געווען פערמישט, און וואָס עס האָט אויפגערעגט פראַנקרייך געגען די אידען, אַ דריטער — אַן אַנדער סברא.

אָבער ערקלעהרט דען דאָס אַלץ: ווי אזוי איז דאָס געשעהן, וואָס פּלוצלינג נעהמט זיך הערצל, דער הערצל פון אַ בעשטימטער אומגעבונג, שרייבען דעם „יודענשטאאט"? און נאָך מעהר איז דער וואונדער: ווי קומט עס, וואָס הערצל אַליין דערמאָנט וועגען דעם ניט קיין זילבע? פיהרט ניט צו זיין שרייבען צו קיין אויסערליכען איינפלוס, שטעלט זיך אויף דעם גאָר ניט אָפּ בעזונדער, נור פערצייכענט בלויז די כראָנאָלאָגיע: „אין יענעם טאָג, אין יענעם יאָהר האָב איך זיך גענומען שרייבען דעם „יודענ־שטאאט".

* * *

אַ פראַנזאָזישער דור איז אונזער דור, און ווען איבער איהם וואָלט אפילו אַ הימעל אָהן שטערען העננגען, און אונטער איהם וואָלט אַ טויטער זאַהאַרא-באָדען, אונפרוכטבאַר און פערשאָלטען זיך שפּרייטען, וואָלט אונזער דור זיך ניט געשראָקען פאַר די סמנים.

אונזער דור וויל ניט וויסען פון קיין געהיימניסען. ער ווייס אַ פאָרמולאַ: אורזאַכע און פאָלגע. די פאָלגע איז אַ פּועל-יוצא פון אַ בעשטימטער אורזאַכע און אַלץ איז פיר איהם קלאָהר און פערשטענדליך. אין דעם פער'כשופ'טען קרייז פון אורזאַכען און פאָלגען, וואָס ער האָט געשאפען פיר זיך, שטעהט ער און זוכט ערקלעהרונגען פיר יעדער נייער לעבענס-ערשיינונג, און וואַקסט די קייט, שטעלט ער מיט פערגעניגען

אונטער דעם אַקסעל, און שלעפּט אויף זיך די שווערע משא. נור אויב די מעטהאָדע ווייזט זיך אַרויס אַרבייטס־פעהיג ווען זי ווערט בענוצט צווישען אייגענע, מיטעלע מענשען פיר זייערע מיטעלמעסיגע מעשים, שלאָגט זיך אָבער די מעטהאָדע אָן אין אַ שטומער וואַנד, ווען מען ווענ־דעט זי אָן צו דעם גרויסען מענשען, צו דער אויסערנאַטירליכער ערשיינונג.

וואָרום קודם כל איז דאָס ערשיינען פון גרויסע מענשען געבליבען אַ געהיימניס, עס געהט אַוועק אַ תקופה, און גראָדע קען זיך טרעפען די תקופה זאָל זיין אַ וויכטיגע, אַ פאָלק זאָל זיך פּרובירען בעפרייען, ברעכען זיינע קייטען, מחמת עס איז אָבער אין איהר ניט געבוירען געוואָרען קיין גרויסער מענש, וואָס זאָל זיך פיר דער תקופה מיהען, וואָס זאָל אָנקלאַפּען פיר איהר אין די הימלען, וואָס זאָל ווערען דער פערמיטלער צווישען דעם דור און גאָט, בלייבט דאָרום די תקופה אַ פערזאָרגטע, אַ פער׳משפּט׳ע, אויף אונפּרוכטבאַרקייט. און אַמאָל, ווען עס שטעהט אויף דער זשעניע, איז כאָטש ביי איהם איז אין דער תקופה קיין אויסערגעוועהנליכעס ניט געשעהן, ווערט עס אַ גרויסע תקופה, זי ווערט פרוכטבאַר. אויב ער איז דאָ, איז אַלץ פאַראַן. עס ווערט געשאַפען ביי אַ פאָלק אַ ווילען, ער שאַפט איהם, ער הויבט אויף אַ בעוועגונג, זיין ענערגיע קלעקט אויף דעם די והותר, ער שיידט אָב פון זיין ליכטיגקייט אויף זיין סביבה, און קליינע מענשען ווערען גרויס. דאָס איז אַן אַלט־בעקאַנטע זאַך.

דאָך חקירה׳ט מען אַלץ: שאַפט די צייט דעם גרויסען זשעניע, אָדער דער זשעניע די גרויסע צייט? אָבער וועלכע צייט וואָלט זיך עס ענט־זאָגט צו וועלען האָבען אַ גרויסען מענשען? ענטפערט מען אונז: מען מיינט ניט די צייט נור די אומשטענדען. די אומשטענדען שאַפען דעם גרויסען מענשען. איז דאָך אָבער אונז בעקאַנט אין דער געשיכטע פעריאָ־דען, אין וועלכע עס האָט געשוויבעלט מיט אומשטענדען, נור די אומ־שטענדען האָבען זיך ניט ריכטיג מזדווג געווען, און זיינען געבליבען אונ־פרוכטבאַר. זיי האָבען זיך ניט מזדווג געווען, ווייל עס האָט געפעהלט דער גרויסער מענש, דער שעפּפער.

דאַרף מען דאָך ניט זיין גענאַרט. קען מען דאָך פּשוט מודה זיין, אַז דאָס ערשיינען פון דעם גרויסען מענשען, פון זשעניע, איז אַ געהיימניס, העגנט ניט אָב אין די אומשטענדען.

דאָס איז יאָ אמת, אונטער פערשיעדענע אומשטענדען ווירקט דער גרויסער מענש פערשיעדען.

דער גרויסער מוזיקער, וואָס קען שפּיעלען אויף פערשיעדענע אינ־סטרומענטען, אויף דעם פיעדעל און אויף דער האַרף, אויף דער פלייט און אויף דעם פּייפעל, וועט פון יעדען אינסטרומענט אַרויסברענגען

וואונדערבארע טענער, הימעל־געזאנג, צויבער־מוזיק, די טענער פון פיעדעל וועלען דאָך זיין פערשיעדען פון די טענער פון דער הארפע.

אזוי פּינקטליך איז דער שייכות פון דעם גרויסען מענשען צו די פערשיעדענע אומשטענדען. אונטער פערשיעדענע אומשטענדען ווירקט דער גרויסער מענש פערשיעדען. די גרויסקייט שטאמט דאָך אַלץ פון זיין גרויסער פערבאָרגענער קראפט, פון זיין כח ארויסצורופען גרויסע, דאָס בלוט־צושפּיעלענדע טענער.

דאָס ערשיינען פון גרויסען מענשען, פון זשעניע, איז אַ געהיימנים.

היינט פאַר וואָס זוכען ערקלעהרען די טהאטען פון אַ געהיימנים מיט קלאָהרע אורזאכען? פאַר וואָס ניט צולאָזען קיין געהיימנים אין זיין טהאט, אין זיין גרויסער טהאט?

* * *

ערגעץ אין אַ צייטונג האָב איך געלעזען עראינערונגען פון אַ פריינד פון הערצל אין פּאַריז, עראינערונגען מכח הערצל, בעת ער האָט געשריע־בען דעם „יודענשטאאט“.

זיין פריינד דערצעהלט, אַז ווען ער האָט הערצל׳ען געזעהן אין יענער צייט, האָט הערצל איהם אויסגעזעהן ווי איינער וואָס האָט פּלוצ־לונג דעם זין פערלאָרען. זיינע אויגען האָבען געהאַט אַ מאָדנע גלאַנץ, אַן אויסערגעוועהנליכען בליק, און אין גאַנצען האָט ער אויסגעזעהן ווי איינער וואָס קומט פון אַן אנדער וועלט. דער פריינד דערצעהלט, אַז ער האָט זיך פיר הערצל׳ן זעהר דערשראָקען און האָט איהם אַלס פריינד, געראטהען, ער זאָל אריינגעהן זעהן אַ דאָקטאָר.

אין דעם פריינד׳ס עראינערונגען ליעגט די ערקלעהרונג, דאָס מיינט, אַז אין אַזעלכע פאַלען איז ניט נויטיג קיין ערקלעהרונגען.

עס איז אַ געהיימנים פיר דעם שעפּפער אַליין, דאפיר רופט מען עס דאָך שאפען, אַ יש פון גאָר ניט.

דעם פריינד האָט עס אויסגעזעהן, ווי הערצל זאָל האָבען פּלוצ־לונג דעם זין פערלאָרען, און דאָ איז גראָדע געווען דער היפך, הערצל האָט דעם גרויסען זין פון אַן אונזיניגען שטיק געשיכטע געפונען. דער פריינד איז אָבער געוועזן קרוב צום אמת מיט זיין פּלוצלונג. אַזעלכע זאכען מוזען ניט אויסגעטראַכט ווערען און אויסגעוואַרמט ווערען, ביז זיי קומען אויף דער וועלט. זיי קומען פּלוצלונג. עס ניט אַ בליץ, אַ שעמעריר, און עס איז דאָ אַ געדאַנק, אַ אידעע.

פרעגט דעם קינסטלער און ער וועט אייך זאָגען.

ערגעץ־וואו רעדט וועגען דעם עמערסאָן: עס זיצט דער שרייבער ביים שרייב־טיש, און קעמפּפט מיט דעם וואָרט, קעמפּפט מיט דער

פּאָרמע, אָדער דער געדאַנק איז איבערגעוואַקסען דאָס וואָרט, דאָס וואָרט איז צו־קליין פיר דער אידעע, אָדער דאָס וואָרט איז גרעסער פיר דער אידעע, „דאָס ליכט איז גרעסער פיר די כלים", און פּלוצלונג אזוי ווי עמיצער וואָלט א דרעה טהאָן עפּעס א לעמפּעל אין מח, און ליכטיג ווערט דעם שרייבער אין די אויגען, און עס האַרמאָנירט דאָס וואָרט מיט דעם געדאַנק, נייע געדאַנקען ווערען געבוירען און געשאַפען, און קליידען זיך אָן אין פּאַסיגע פּאָרמען. עס זינגט דאָס בלוט אין די אָדערען.

פון וואַנען שטאַמט די אידעע? ווער האָט אויפגעדרעהט דאָס ליכט? הציקתנו רוח בטני. עפּעס גיט אבריה, און דאַן לויפּסטו און רעדסט.

און גאַנץ פריה — דערצעהלט די לעגענדע — ווען דער רבונו־של־עולם געהט ארויס מיט זיינע צדיקים אין בעגלייטונג פון א כנופיא מלאכים אויף א שפּאַציער, און עס ווילט זיך זיי הערען שירה, גיט דער שעפּפער א בריה די זינג־פויגעל אונטער זייערע פליגעל, און עס פערקלינגט די וועלט מיט שירה.

א בריה אין די פליגעל דורך די הענד פון שעפּפער.

ווען דער שעפּפער גיט א בריה.

קענט איהר ערקלעהרען וואָרום פּלוצלונג עס ערוועקט זיך דער פּראָטעסט־פייער אין לוטהער?

איהר געדענקט דאָך די לעגענדע.

ער האָט געזעהן א גייסט און ער האָט איהם געוואָרפען דעם טינטער. נעבעלהאַפט? אָ יאָ! דאָס איז אָבער די בעסטע ערקלעהרונג. ער האָט געהערט א שטימע: נעהם אויף דעם קאַמפּף פיר אמת, און פון דאַן אָן איז לוטהער געוואָרען לוטהער.

דאָס איז אייגענטליך גיט קיין נייעס. דאָס איז געוועזען פריהער, דאָס איז איצט און דאָס וועט זיין תמיד, כל־זמן דער מענש וועט האָבען א שייכות צום הימעל, כל־זמן עס וועלען זיין מענשען מיט שאר רוח, מיט נשמה יתירה, מיט נשמה אליין.

... שטימען שוועבען אין דער לופט, שטימען פון אַן אנדער וועלט, וואונקען פון העכערער קראַפט פיר דעם גליק פון דעם מענשען, פיר דעם גליק פון א פאָלק, עס דאַרף זיין ווער עס זאָל הערען און זעהן.

איינעם זעהט אויס ווי פויגעלעך קומען צופליהען און רוימען איהם איין סודות אין די אויערען. עס שטעלען זיך די פויגעלעך אויף דעם אַקסעל און ריידען גלייך אין אויער, און אַן אנדערער זעהט א גייסט, א דריטער הערט א שטים.

די סקעפּטיקער פרעגען: וואָס פיר א פויגעל? וואָס פיר א גייסט? דאָס איז די אַרבייט פון די סקעפּטיקער. א וואונדער וואָס זיי זיינען

ניט גובה עדות מכח דער גרויס פון די פויגעל, וועגען דעם קאַליר פון די פעדערען.

מיר זיינען גליקליך וואָס די תקופה פון דער אידישער בעפרייאונג האָט געפונען איהר גרויסען מענשען.

און זאָל די געהיימנים בלייבען אַ געהיימנים.

* * *

(צו זיין זעקסטען יאָהרצייט)

און נאָכאַמאָל בויגען מיר ניעדעריג-ניעדעריג אונזערע קעפ אין שווערען טרויער, די אויגען ווערען מיט טריבע טרעהרען פערלאָפען, די הערצער שנורען זיך צוזאַמען פון טיעפען צער, און אין אונזערע געדאַנקען שפרייטען מיר זיך אויף זיין קבר, פאַר אונז נאָך פרישען קבר, און לעגען אונזערע רויטע הערצענס-בלומען, רויט פון הייסען שטרעבען און גלי־הענדע האָפנונג און אויך פייכט מיט יאוש-טרעהרען — מיר, זיינע קליינע, דאָך אויף שטענדיג טריי-בלייבענדע נאָכפאָלגער פון זיין גרויסער אידעע צו בעפרייען אַ פאָלק וואָס איז פערשקלאַפט, אַ פאָלק, וואָס האָט קיין היים, אַ פאָלק, וואָס איז קיין פאָלק.

זעקס גרויסע, לאַנגע, שווערע יאָהר זיינען פערלאָפען זייט יענעם טאָג, ווען ער האָט זיין לעצטען אָטהעם אויסגעהויכט, און זיין זכרון איז נאָך פריש-גרין פיר אונז, ווי זיין פערגעהן וואָלט ערשט נעכטען געשעהן; מיט יעדען וואַקסענדען טאָג, מיט יעדען וואַקסענדען יאָהר, זעהען מיר אַלץ מעהר איין ווי גרויס עס איז אונזער פערלוסט, אונגעהייער גרויס... זעקס יאָהר זיינען פערשוואונדען, עס לעבט די בעוועגונג, וואָס ער האָט מיט זיין גרויסען גייסט גענעהרט, און לאַנג-לאַנג וועט זי לעבען. עס לעבען די אינסטיטוציאָנען, וואָס זיין שעפפערישער כח האָט אויף דער וועלט פיר דער טובה פון זיין פאָלק, אויס דעם גרויסען „נישט", וואָס האָט אין דעם אידישען לעבען געוועלטיגט, ארויסגעצויבערט. עס וואַקסען און ענט־וויקלען זיך די אינסטיטוציאָנען, עס ווערט גרעסער זייער ווירקונג און בעדייטונג, דען עס לעבט דאָך אין זיי דער שעפפערישער גייסט פון דעם גרויסען פיהרער. דאָך עס פעהלט אונז אַלץ דער געניאַלער פיהרער.

ביי זיין לעבען האָבען פיעלע פון די יעניגע, וועלכע ער האָט מיט זיין גרויסקייט אין שאָטען געשטעלט, ערקלעהרט, אַז בלויז דער צופאַל האָט איהם גרויס געמאַכט, און זאָל זיך זיי די געלעגענהייט מאַכען, וועלען זיי זיין ארבייט אויספילען... זעקס יאָהר זיינען פערשוואונדען, נאָך שטעהט לעער די הויכע שטוהל, וואָס ער האָט אַליין אזוי הויך אוועקגע־שטעלט, נאָך ליעגט פריי זיין פיהרער-מאַנטעל, און וואו זיינען די

אלישע׳ס וואָס זאָלען זיין שטעל פערטרעטען און זיין מאַנטעל אָנקליידען? וואו זיינען זיי? מיט פרייד וואָלט דאָס פאָלק זיי אקעגען געקומען..

איצט נאָך זיין טויט, ווייט פון קליינליכע קנאה, מיט וועלכער אונזער לעבען איז אָנגעזאַפּט, פון דעם ניט־פערגינען וואָס זיין גלאַנץ און מאַגנע־טיזם, וועלכע זיין פּערזענליכקייט האָט פערמאָגט — האָט ארויסגערופען, זיינען היינט אלע זיינע געגנער מודה, אז ער איז געווען א וואונדער־ערשיינונג אין אונזער לעבען, אַן אויסנאַהמס־פּאַל, וואָס די גרויסע אָנשטרענגונגען פון פאָלק אין זיין קאַמפּף פיר זיין קיום האָט צום לעבען גערופען...

ער איז געווען א וואונדער־ערשיינונג! און איהם איז שווער אפילו נאָכצואהמען...

אַן עדות איז דער וואַטיקאַן, וואו עס געפינען זיך די בילדער פון א ראַפאַעל און אַן אַנזשעלאָ, ווי ווייט דער מענשליכער גייסט האָט עררייכט אין זיין נאָכאַהמען דעם בעשעפער, ער איז איהם, כביכול, אין פיעלע פּרטים איבערגעגאַנגען. זיי האָבען דאָס לעבען אויף דעם לייווענד און אין שטיין איבער־בעשאַפען, און עס אָפט בעפרייט פון די גרייזען, וועלכע די מאָנסטער־נאַטור אין איהר גייציגקייט און מעכאַנישע שנעליגקייט, ברענגט ארויס.

דאָך ניט א ראַפאַעל און ניט אַן אַנזשעלאָ, א רעמבראַנדט האָבען אונז געקענט געבען, מאָלען א בילד פון ים, פון זיינע ברויזענדע און שטייגענדע כוואַליעס, וועלכע זאָל אין אונז ארויסרופען אָט יענע התפעלות, יענע פערגאַפונג, יענע פערלעגענהייט און יענעם נישטיגקייט־געפיהל פיר די גרויסע כחות, יענע ערשטוינונג וואָס מיר לעבען דורך בשעת מיר ערבליקען די וואַסער־שטרעקע, וואָס ציהט זיך און ציהט זיך אָהן ענד און אויפהער, וואָס הויבט זיך און שטרעקט זיך און שלינגט אין זיך איין דעם איבער איהר הענגענדען הימעל.

שוואַך איז דאָס פּענזעל, אָרים איז די מענשליכע קראַפט דאָס קאָלאָסאַלע צו בעצווינגען, די וואונדער־ערשיינונג צו רעפּראָדוצירען.

ניט אפילו א האָמער, אָדער א שעקספּיער, וואָלטען אונז געקענט מיט זייער געניאַלער פּעדער געבען א שוואַכע אָבשפּיעגלונג פון יענעם אויס־ברוך פון דער נאַטור, יענעם גראַנדיאָזען שוידער־ספּעקטאַקעל, יענע בלענדענים פון פאַרבען און יענעם תהו־ובהו־מאָמענט, — פון א וועזוואוויוס אָדער עטנא, ווען זיינע קרעפטען און אָנגעזאַמעלטע ענערגיען צושפּיעלען זיך און זוכען פיר זיך אַן אויסגאַנג.

פיר דעם וואונדער פון דער נאַטור שטעהט דער מענש — פערגאַפט, ווען אפילו ער קלייבט אין זיך אויף א טהייל פון די איינדריקע, האָט ער

קיין דיענסט־מיטעל זיי איבערצוגעבען. און איז דען א קלענערער נאַטור־וואונדער דער זשעניע? זיין הארץ וואָס אומפּאַסט ווייטלויפענדע, ווי די ים־כוואַליעס הויך־טהורמענדע און ברויזענדע שטרעבונגען, ווער קען דערגרונטעווען? זיין טיעפקייט פון זעעלע, מיט איהרע אָנגעזאַמעלטע ענערגיען און שעפּפערישע כחות, וואָס אַמאָל ווען זיי ברעכען אויס אין זייער פאַרבענרייכקייט, שטעלען זיי אונז פנים אל פנים מיט מעשי־בראשית ערפאַהרונגען און פערבלענדען דאָס אויג — אָט די זעעלע ווער קען דערשעפּפען?

הערצל איז געווען א זשעניע, זיין ענערגיע איז געווען אונערשעפּליך, פון זיין גרויסער השפעה האָבען געלעבט און זיך ערנעהרט פיעלע. פּונקט ווי יענער פער׳כשופ׳טער אין דער קינדער־מעשה׳לע וואָס זיין יעדער ריהר פּלעגט אַלץ אין גאָלד פערוואַנדלען — איז געווען הערצל. ווער עס איז מיט איהם אין בעריהרונג געקומען איז געוואָרען א בעגייסטערטער, א הייליגער, א בעל־חלום, א קעמפּפער פיר דער גרויסער זאַך... קליינע מענשען האָט ער גרויס געמאַכט, געהייליגט פיר דער הייליגער זאַך, און גרויסע האָט ער ביז די וואָלקען אויפגעהויבען.

ווייל ער איז געווען א זשעניע, און דעריבער איז פיר איהם דאָס אונ־מעגליכע — מעגליך געווען, אַלעס האָט זיך געבויגען פיר זיין גרויסען ווילען; ער האָט געצווימט אויף דעם אידישען גלות, אין זיינע טריעבע און אונרוהיגע וואַסערען האָט ער אַן אינזעל געשאַפען, אויף דעם אינזעל זיין קעניג־שטוהל אוועקגעשטעלט, און זיין גאָטעס־גייסט האָט זיך איבער די וואַסערען פערשפּרייט, און עס האָבען אַלע ברואים, וואָס טראָג די טריעב־קייט פון זייער לעבען האָבען דאָך צו דער זון געדיענט, און אַן אייגענע זון אין הארצען געטראָגען, זיך אויף דעם אינזעל פערזאַמעלט און האָבען אויף א בארג אין דער הויך א פּלאַטערענדע פאָהן אויפגעצויגען און די פאָהן האָט דער וועלט אָנגעזאָגט: „אייביגער קאַמפּף געגען גלות!“

זיין גאָלדענע אוטאָפּיע: „אַלט־ניי־לאַנד“, וועלכע זיין רייכע פאַנ־טאַזיע האָט אויסגעטראָגען, האָט ער אויף דער וועלט מיט דעם שפּריכ־וואָרט ארויסגעשיקט: „אויב איהר ווילט, איז דאָס ניט קיין חלום“. „אויב איהר ווילט“... אין יענער צייט האָט נאָך אין דער טירקיי געהערשט דער אַלטער רעזשים, דאָס אריינפאָהרען אין יענעם כשוף־לאַנד איז פיר זיין פאָלק געווען פערבאָטען, באַקשיש האָט געוועלטיגט ניט־בעגרענעצט, הונדערטער שוועריגקייטען זיינען געווען אויף דעם וועג פון יעדער שפּאַן ערד קניה, און בכלל, אויסערע מכשולים אויף טריט און אויף שריט, און דאָך, ווען איהר ווילט... אייער רצון איז דער עיקר, אייער בעפרייאונג

הענגט אָב אָן אייער ווילען, ווען איהר וועט נור וועלען, דאַן וועלען אַלע שטערונגען פערשווינדען ווי געשניטענע שטרוי פיר דעם ווינד...

ער האָט דאָס פון זיך געזעהן, זיין רצון האָט ער פיר דעם פאָלק אַלס ביישפּיעל געשטעלט.

פיר זיין רצון האָבען זיך פערשלאָסענע טהירען געעפענט, זיין רצון האָט פיר איהם דעם וועג פראַנק און פריי געמאַכט, און איז ער דען ניט געווען אַ קינד פון דעם זעלבען פאָלק?

וואָלט ער איצט געלעבט ביי די נייע געלעגענהייטען, ביי די נייע ענדערונגען, ווער קען זאָגען, ווי ווייט אונזער לאַגע וואָלט אַנדערש געווען?

אויסגעמאַטערט, הערען מיר פון ווייטענס, איז דאָס פאָלק אין יענעם אונגליקליכען פּאָגראָמען-לאַנד, מיט פערטריקענטע ליפּען, פער־שמאַכט, וואַרט עס אויף אַ הייליגען וואָרט, וואָס זאָל איהם פון דער ניעדערגעשלאָגענקייט ארויסנעהמען, און עס איז ניטאָ דער מאַן, וואָס זאָל דעם כשוף־וואָרט וואַרפען.

ארום זיין וואָרט האָבען אַמאָל זיך די מאַסען געזאַמעלט, זיין וואָרט האָט האָפנונג געגעבען, ליכט־שטראַהלען געשיקט אין די פינסטערע ווינ־קעלעך, געשטאַרקט די שוואַכע הערצער — ער איז אָבער ניטאָ, און דאָס פאָלק שטעהט פאַר דער גרויסער געלעגענהייט אין פערווירונג...

ביי זיין לעבען האָבען זיך די רייכע פון פאָלק גע'עקשנ'ט, האָבען פון טרוימער און טרוימען ניט געוואָלט הערען און וויסען, זיי האָבען מורא געהאַט פיר זייערע פּאָזיציעס אויף דער רעאַלער בירזע.

און זאָל דאָס דאָ געזאָגט ווערען, אַז עס איז גאַר ניט רעכט אַוועק־צושטעלען: „דאָס פאָלק ווערסום רייכע", ווי די רייכע וואָלטען ניט געווען פלייש פון זיין פלייש.

דאָס פאָלק מיט אַלע זיינע קלאַסען דאַרפען און מוזען זיך אין דער פרייהייט בעטייליגען. די מאַסען קענען זייערע מוסקולען שענקען, זייערע פרוטות ביישטייערען, אָבער דאָס גרויסע קאַפּיטאַל מוז פון די אידישע קאַפּיטאַליסטען קומען פיר דער טובה פון די מאַסען, צו זייער פערפיגונג.

הערצל ווי פינסקער, און אפילו משה העס, האָבען אין זייערע פּלענער פון בעפרייאונג אריינגערעכענט די מאַטעריעלע הילף, וואָס מוז קומען פון רייכע קוועלען.

די אידישע רייכע, וואָס האָבען זייער שטאָלץ פערלאָרען, האָבען געהאַט פערשטאָפּטע אויערען און שווערע הערצער פיר הערצל'ס פער־לאַנג, פיר זיין אויפפאָדערונג.

וואָלט הערצל געגלויבט אין שתדלנות, וואָלט ער פילייכט, ווי

איינציגע געגנער האָבען בעהויפּטעט, געווען געקראַנגען געלד. שתדלנות איז אָבער ניט געווען זיין וועג. זייער הילף איז אַ פּליכט און ניט קיין טובה. און ער איז געווען זיכער, אַז זיי וועלען מוזען קומען, ווען די מאַסען וועלען זיין אָרגאַניזירט און זייער אָרגאַניזירטען ווילען אויסערען. ניט קיין פילאַנטראָפּיע איז ער אויסען געווען, אַן אָליגאַרכישע ממשלה, געגרינדעט אויף געלד, נור פרייע ביישטייערונג צו דער פערפיגונג פון דער ברייטער דעמאָקראַטיע, לויט דער בעשטימונג פון די בויער...

און ער האָט זיך גענומען אָרגאַניזירען די מאַסען, שמיעדען זייער ווילען, בויען זייער סיני, דעם באַרג צו וועלכען די קאַפּיטאַליסטישע מחמד׳ען וועלען מוזען קומען, און פון יענעם באַרג האָט ער די מורדים אָנגעזאָגט דאָס, וואָס לויט די לעגענדע, גאָט געזאָגט צו די אידען אויף דעם באַרג סיני: „אם תקבלו מוטב ואם לאו"... עס איז ניטאָ קיין ברירה, איהר מוזט די תורה פון פרייהייט אויפנעהמען, אויב איהר ווילט ניט ווערען אומגעבראַכט.

איהר מוזט! ער האָט קיין טעות ניט געמאַכט. זיין פּראָפּעטיש אויג האָט איהם ניט גענאַרט; עס קומען איצט אויך אייגציגווייז די רייכע, די זריעה וואָס ער האָט פערזעעט וואַקסט. — עס פעהלט ער, וואָס זאָל די זריעה שניידען.

נאָך איהם האָט אפילו זיינער אַ נאָכפאָלגער גרויס ערפאָלג מיט די רייכע, און פילע דענקען, אַז דאָס וואָס הערצל האָט ניט געקענט בעוויי־זען, קען יענער.

וואָס פיר אַ טעות. מיר ריידען שוין ניט פון די הנחות וואָס יענער האָט געמאַכט, וועלכע הערצל וואָלט קיינמאָל ניט געמאַכט, נור יענע בע־הויפּטונג אינגאַנצען דערמאָנט אין יענעם דאָרפס־אינגעל, וואָס האָט אין זיין תמימות דערצעהלט אַלס אַ וואונדער פון דער שטאָדט, די עובדא, אַז גאַנצע 13 יאָהר האָט ער געלעבט אין דאָרף און קיין תפילין ניט געלעגט, און אַז ער איז געקומען בלויז אויף איין טאָג אין שטאָדט, האָט ער אָנגע־הויבען לעגען תפילין. אויב איהר ווילט אין אמת׳ן פערשטעהן דעם ערפאָלג פון די נייע פּראָיעקטען, דאַן דערמאָנט זיך אָן זיין צעהן־יאָהריגע אַרבייט, די השפעה ציהט זיך פון דאַן; איצט האָט אייגענטליך אַריינגעטרעטען אין אידישען לעבען די זיעבען מאָגערע יאָהר, און מיר עקזיסטירען נור פון יענע זיעבען פעטע.

* * *

... ער איז ניטאָ מעהר; מיר וועלען זיך אָבער אין זיין לעהרע האַלטען.

ניט קיין הנחות, ניט קיין שתדלנות, צו די מאַסען וועלען מיר זיך

װענדען, זיי אָרגאַניזירען און מיט זייער אָרגאַניזירטען װילען װעט זיך די װעלט רעכנען, פון אינערן און פון אויסען.

אַן אויסערער אומשטאַנד האָט פיר אונז איצט געעפענט דאָס כשוף־לאַנד, און יונג און אַלט װעלען מיר אַהין געהן, יענע ערד מיט אונזער שװייס זעטיגען און שפּראָצען װעט אונזער גאָלדענער חלום, און אין זיינע נעצען װעט ער פאַנגען דאָס גאַנצע פאָלק, זיינע אַלע קלאַסען; און פאַר־װירקליכט װעט װערען דער אידעאַל, פיר װעלכען ער האָט געלעבט און איז געשטאָרבען.

און דאָרט אויף דעם פרייען באָדען, װעלען מיר איהם אַ שטאָלצען מאָנומענט שטעלען, װי זיין הויכער שטאָלץ פערדיענט און דער אויפ־שריפט זאָל זיין:

„אויב איהר װילט, איז דאָס ניט קיין חלום“...

(צו זיין זיעבעטען יאָהרצייט)

אין מאָמענטען פון יאוש, און װעמען פון די װאָס ארבייטען אויף דעם אידישען פעלד, װאו מען דאַרף שעפּען װאַסער אין זיפּען און זעען אויף דעם שטורעם, קומט ניט אויס דורכצולעבען מאָמענטען, װען עס גלוסט זיך פערצעהרט צו װערען אין דעם פייער, װאָס ברענט אין הארצען און לאָזט ניט רוהען? דאַן הויב איך אויף מיינע אויגען אויף דעם הערצל־בילד, װאָס הענגט אין מיין הויז אויף דער װאַנד, דאַן ברענג איך אויף אין מיין מחשבה זיין לעבען, און דער צװייפעל צושמעלצט װי שנעע אויף דער זון.

* * *

גרויס איז די ציוניסטישע אידעע, גרויס װי די װעלט, און האָט קוים איהר גלייכען אין דער װעלט־געשיכטע.

דען שטעלט זיך אָב אַ מינוט, און פערטראַכט זיך װאָס ציוניזם מיינט, דען דאָס װאָרט האָט צוליעב פיעל געברויך פערלוירען פיעל פון זיין גראַנדיעזער בעדייטונג און רופט ניט ארויס היינט אין דער מחשבה די איבערקעהרענים װאָס עס מיינט. — שטעלט זיך פאַר און בעטראַכט.

ציוניזם מיינט, אַז דאָס צואװאָרפענע, דאָס פיר צװיי טויזענד יאָהר אונטערדריקטע אידישע פאָלק זאָל צוריק זיך בעזעצען אויף זיין אייגען לאַנד, װאָס איז פערװיסטעט שוין פונקט אזוי פיעל יאָהר, אַלס אַ פריי פאָלק, אַ גליקליך פאָלק, אַ גרויס פאָלק.

דערמאָנט זיך אויף װעלכע װיכטיגע פאַראויסזעצונגען דער ציוניזם איז בעגרינדעט.

דער ציוניזם איז דער „סך־הכל“ און דער שלום פאָלגערונג פון דער אַלגעמיין־מענשליכער ענטוויקלונג, אין וועלכער מיר האָבען אַ גרויסען חלק.

ער איז שטארק פערבונדען מיט דער ערלעזונג־אידעע, מיט דעם „והיה באחרית הימים“, אויף וועלכער די גאַנצע מענשהייט וואַרט, און שטיצט זיך אויף דעם גלויבען אין דער אידישער פעהיגקייט און אין דער וועלטס־גערעכטיגקייט.

דער ציוניזם, דורך וועמען ער וואָלט ניט פאַרגעשטעלט געוואָרען פאַר דער וועלט, וואָלט געמאַכט אַ גרויסען איינדרוק, דען די גרויסקייט ליעגט אין זיין מהות.

עס איז אָבער געווען אונזער גליק, וואָס הערצל איז געווען זיין אַנזאָגער.

זיין גרויס הייליג לעבען איז היינט אַ גאַראַנטיע, אַז די אידעע וועט פערווירקליכט ווערען.

דען זיין לעבען צינדט די בעגייסטערונג אין טויזענדער הערצער, וואָס אָהן אַ ביישפּיעל וואָלט אהין קיין פונק ניט פערפלויגען.

און אין די שווערסטע מאָמענטען דענקט מען וועגען איהם.

* * *

איינינגע יאָהר בלויז זיינען אוועק, זייט דער ציוניזם האָט זיך מיט זיינע ליכט־קראַנצען בעוויזען, און וואָס פיר אַ רעוואָלוציע, וואָס פיר אַ געוואַלדיג־פון־וואָרצעל־אויס איבערקעהרעניש עס איז אונטער זיין איינפלוס אין אידישען לעבען פאָרגעקומען.

נייע אידען זיינען אויפגעשטאַנען, מיט נייע הערצער, מיט אַ נייעם גייסט און הונדערטערוועיז האָבען זיי זייער'ע לעבענס אַלס קרבן אויף דעם מזבח פון דער בעפרייאונגס אידעע אויפגעבראַכט און מיט שמחה, מיט גליק האָבען זיי זייער לעבען געלעגט. און גאַנץ מעגליך אַז אין דער לעצטער שווערער מינוט, ווען זיי האָבען דעם אָטהעם אויסגעהויכט, האָט זיך אין זייערע אויגען געשפּיגעלט זיין בילד, און אין מח איז דורכגעלאָפען, ווי אַ בליץ, די מחשבה: „אויך ער האָט זיין לעבען געגעבען פיר זיין פאָלק, מיט אייז אויף דעם הארץ, וואָס האָט געברענט פון פייער, האָט ער ענערגיש געאַרבייט פיר דעם פאָלקס־גליק“, און גאַנץ מעגליך, אַז אַ ליעבער שמייכעל האָט זייערע ליפּען געקרייזעלט.

אין זיין „נייער גהעטאָ“ זאָגט דער העלד: „גאָט זיי דאַנק, דאָס עס נאָך אַנדרע יודען גיבט“.

דאַן זיינען אָבער די אַנדערע געווען אַזוי וועניג אין צאָהל, „איינער אין אַ שטאָדט און צוויי אין אַ פאַמיליע“.

דאָס איז געווען פאַר איהם.

און נאָך איהם.

פון דעם געדיכטען פינסטערניס, פון דעם אָבגרונד, זיינען זיי אויפ־געשטאַנען אין מחנות, די בענייעטע, אין זייערע אויגען דאָס פייער פון ענטציקונג, פון גלויבען, פון שטאָלץ, פון האָפנונג, בלייך די ליפּען, נור אויף זיי דער הייליגער רוף: „פרייהייט און ווירדע״. און דורכגעשאָלט האָט דער צויבער־רוף דורך דער לופט און אַלע מאָל מעהר האָט געוואַקסען די צאָהל פון די גלויביגע און האָפנונגספולע, און אַ קוואַל ליכט האָט דורכגעשטראָמט די גהעטאָ, די פינסטערע נעכט, און פול איז געוואָרען די לופט פון די נייע קלאַנגען פון דעם הייליגען ליעד, פון דער נייער שבועה, וואָס די בענייעטע האָבען געשוואָרען:

„מיר הויבען די הענד און מיר שווערען,
צו קעמפּפען, צו קעמפּפען ווי דו.
מיר צינדען נאָך ליכטיגער אָן
דיין נאָמען, דו איינציגער גרויסער,
פיר אונז אין דעם שטרייט ווי אַ פאָהן,
וואָס וועט אונז בעגייסטערען, הויבען.״

און איבער דער ברייטער וועלט האָבען זיך צוגאָסען די שירה־כוואַ־ליעס, און אויסגעלאָשענע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען, און רוקענס האָ־בען זיך אויסגעגלייכט, און אידען האָבען זיך אַליין דערקענט, אין דער אייגענער גרויסער רעטעניש אריינגעדרונגען און אַ ציטער געטהאָן, און אָבגעשאָקעלט האָבען זיי דעם עבדות־שטויב פון זייערע הערצער, און זיי זיינען פריי געוואָרען, די גייסטיגע קייטען האָבען זיי צושמעטערט.

און די וועלט האָט דערהערט דעם ענטשלוס: „מיר ווילען לעבען, און ניט נור לעבען, נור אויך הערשען, ניט נור וועזשעטירען, נור אויך שאַפען און וועבען נייע ווערטהען, רעאַליזירען די נבואה, און די מענשהייט וועט פון אונזער האנד די ברכה געניסען.״

* * *

בעלויכטען מיט לעגענדאַריש ליכט, בעקראַנצט מיט אַ העלד־ און מאַרטירער־ קרוין קוקט זיין געשטאַלט אריבער צו אונז דורך דעם צייט־וואָלקען וואָס רוקט זיך אָן אויף דער פערגאַנגענהייט און שלינגט זי איין.

ער האָט פיר זיין לעבען ניט זוכה געווען צו זעהן ווי אזוי זיין חלום הויבט אָן ווערען איבערגעזעצט אין ווירקליכקייט, ער האָט אָבער אין זיין דמיון געזעהן אַלץ, ער האָט געזעהן דעם אָנהויב און האָט אויך שוין געזעהן דעם גרויסען טריאומף־צוג.

ער איז געווען איבערצייגט אַז דאָס וואָס איז געווען זיין חלום וועט זיין ווירקליכקייט. די צייט האָט ער אין רעכנונג ניט גענומען, דען ער

איז געווען העכער פון צייט. פּונקט ווי ער האָט ניט מורא געהאַט פאַר די צוויי טויזענד יעהריגער פערגאַנגענהייט פון גלות, און ווי איינער וואָס טרייסעלט אָב דעם שטויב פון זיינע קליידער, אַזוי לייכט האָט ער אָבגע־טרייסעלט פון זיך די גלות־צייט, אַזוי האָט ער אויך לייכט אריבערגע־שפּרונגען די צייט פון צוקונפט, דאָס סדום בעטעל אין וועלכען דאָס מענש־ליכע ווערק איז איינגעצווימט און איינגעשלאָסען.

דאָס אויפבליהען פון דעם „אַלט־נייַלאַנד" האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אין אַ משך פון צוואַנציג יאָהר. דאָס האָט אַרויסגערופען פערוואונדערונג: צוואַנציג יאָהר, ווי איז דאָס מעגליך אין אַזאַ קורצען משך? דאָס איז אַן אַרבייט פיר דורות, דען אין לעבען הערשט דאָס עוואָלוציאָנס־געזעץ און אז. וו. — מיט די קשיות האָט מען זיין חלום־ווערק בעגעגענט.

די פרעגער האָבען פערגעסען, אַז ער האָט אין אָנהויב פון זיין ווערק אָוועקגעשטעלט אַ תנאי: אויב איהר ווילט... זיין „אַלט־נייַלאַנד" איז, בכן, אויך געווען אַן „על־תנאי־לאַנד", אויב איהר ווילט, דער רצון איז דער עיקר.

אין רצון איז אָבער אויך דאָ מדרגות. הערצל האָט גערעדט וועגען אַ ווילען עהנליך צו זיינעם, וואָס בויגט זיך ניט אויך אונטער די קלעפּ פון די אייזערנע אומשטענדען, און צושמעלצט זיך ניט אין דעם פייער פון אונגליקען. הערצל האָט געמאָסטען זיין פאָלק לויט זיין מאָס, — איז ער דען ניט געווען אַ קינד פון פאָלק? די געזעצען פון עוואָלוציע זיינען איהם געווען גוט בעקאַנט. דאָס ווערק פון פאָלקס־בעפרייאונג איז דאָך אָבער געווען אַ רעוואָלוציאָנערער אויסברוך, און ער האָט זיך מיט געזעצען ניט גערעכענט.

דאָס האָט ער איבערגעלאָזט פיר אַנדערע, פיר די ניכטערע קעפּ. ער איז געווען טרוימער און רעוואָלוציאָנער.

און וואָס ער האָט אין זיין קורצער צייט עררייכט קאָן זיך מיט דעם עוואָלוציאָנס־געזעץ ניט ערקלעהרען, ער האָט וואונדער געשאַפען, ער האָט פון שטויב אַ פאָלק געמאַכט. ער האָט זיך דאַן גענומען שמיעדען דעם פאָלקס־רצון, די האַנד איז אָבער פערשטאַרט געוואָרען פאַר דער צייט, זיין האָפנונגס־ליעד איז איבערגעריסען געוואָרען אין מיטען.

הערצל איז געשטאָרבען, אָבער זיין ביישפּיעל לעבט אין זיין פאָלק. הונדערטער טויזענדע יונגע אידען, ווען נור זיי דערמאָנען זיין נאָמען אויף זייערע ליפּען, ווערען זיי אָנגעצונדען פון אַ הייליגען פייער, ווערען זייערע נערווען ווי סטרונעס אָנגעצויגען און זיי זיינען גרייט זיך שטעלען אין דער רייהע צו דערפיהרען צו נצחון זיין ווערק וואָס ער האָט אָנגע־הויבען.

זיעבען יאָהר זיינען שוין אוועק, מיר שטעהען נאָך אַלע אונטער זיין היילינגען איינפלוס.

מיר פיהלען: גרויס און אייביג איז דאָס פאָלק וואָס קען אין אַן עת־צרה ארויסשטעלען אַזעלכע פיהרער.

מיר גלויבען: ער האָט ניט אומזיסט געלעבט. זיין ביישפּיעל וועט אין פאָלק זיינע דרימלענדע קרעפטען וועקען, זיין בטחון אין זיך שטאַרקען, זיין ווילען שטאָהלען, זיין אויסדויער קראַפט פעסטיגען ביז דער גרויסער טאָג פון נצחון וועט קומען, ביז די שעהנע האָפנונג וועט שעהנע ווירקליכקייט זיין.

* * *

עס זיינען זיעבען יאָהר פערשוואונדען, זיין לעבען קלינגט צו אונז אָב ווי א ווידער־קול פון ווייטע דורות, ווי א לעגענדע פון אַלטע צייטען.

„און עס איז געווען אין יענע טעג, און עס האָט זיך בעוויעזען א מענש און גרעסער איז ער געווען פון זיין אַקסעל און ארויף פון דעם גאַנצען פאָלק. און אַלע וואָס האָבען איהם געזעהן האָבען זיך געוואונדערט און נאָכגעקוקט, ווייל עס האָט געשיינט העל זיין געזיכט און הייליגע נצוצות האָבען געפינקעלט אין זיינע אויגען.

„און ארומגעקליבען האָבען זיך ארום איהם די מענשען, וועלכע האָבען מעהר גייסט, פון אַלע עקען וועלט האָבען זיי צו איהם געצויגען, און אין זיין ליכט גערוהט, אָרעם און רייך, יונג און אַלט.

„און געלאָזט האָבען זיי זיך בתפוצות־ישראל, און אין יעדען ווינקעל איינגעפלאַנצט א פאָהן, וואָס האָט הויך אין דער לופט געפלאַטערט, אָנצוזאָגען אז עס קומט אָן א נייע צייט."

און דער גרויסער מענש האָט געלעבט מיט אונז, ערשט צוריק מיט זיעבען יאָהר.

ער איז אונזער סימבאָל, אונזער שטערן און לייכט־טהורעם אויף דעם צובייזערטען ים, אונזער גייסט און לעבענס־ענטציקונג.

און אין די שווערע מאָמענטען פון יאוש דאַן בעווייזט ער זיך פאַר אונז, ער, דער גרעסטער איד פון דעם דור, מיט זיינע טיעפע פער'חלום'טע אויגען, מיט זיין באָרד, מיט דער העלדען־קרוין אויף זיין קאָפּ, און מיט א געטליכען שמייכעל אויף די ליפּען.

און עס פילען זיך אָן די אויגען מיט טרעהרען, און אויף דעם הארצען ווערט גרינגער, ווי א שטורעם־רעגען וואָס פרישט אָפּ נאָך דער שטיקענדער היץ.

און מען נעהמט זיך ווייטער מיט חשק פיר דער ארבייט און מען הויבט אָן ווייטער האָפען.

(צו זיין ניינטען יאָהרצייט)

אונזער דור איז געווען אַ גליקליכער, אין אונזער דור האָט הערצל געלעבט. אונזער דור איז געווען אַזוי אונגליקליך — דען פאַר דער צייט איז ער געשטאָרבען, און גראָד אין דער צייט ווען דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען הארציג אָפּענטפערען אויף זיין פרייהייטס־רוף.

און טראָץ דעם, וואָס עס זיינען שוין אוועק ניין יאָהר, דוכט זיך אונז, אַז ער איז ערשט נעכטען געשטאָרבען. אַזוי פריש איז אונזער צער, אַזוי טיעף פיהלען מיר דעם פערלוסט.

און טראָץ דעם, וואָס ערשט ניין יאָהר זיינען אוועק, דוכט זיך אונז, אַז לאַנג־לאַנג, מיט הונדערטע יאָהרען צוריק, האָט געלעבט דער העלד. עפּעס ווילט זיך ניט גלויבען, אַז אַזאַ לעגענדאַרע פיגור, מיט גאָט'ס קרוין אויפ'ן קאָפּ, מיט צוויי נביא'שע אויגען, מיט אַ משיח־הארץ אין ברוסט, זאָל האָבען געלעבט ערשט מיט ניין יאָהר צוריק, אין דער היינטיגער וואָכעדיגער מאַטעריעלער וועלט.

ווען מען ברענגט אויפ'ן געדאַנק די עראיינערונגען פון זיין לעבען, ווערט מען איבערגעטראָגען אין אַ גאַנץ אַנדער וועלט, אין אַ וועלט פון חלומות און זעהונגען, אין דער תקופה, ווען דער מענש איז נאָך געווען נאָהענט צו גאָט.

ניין יאָהר זיינען בלויז אוועק. צוריק מיט ניין יאָהר ערשט האָבען מיר געהערט זיין אייגענע שטימע, האָבען מיר איהם געזעהן ארומגעהן צווישען אונז ווי איינער פון אונז און שוין איז ער אַ לעגענדאַרע פיגור, שוין האָט דאָס פאָלק ארום זיין קאָפּ לעגענדען־קראַנצען געפלאָכטען און האָט איהם אויף אַ הימעל־הויכקייט אוועקגעשטעלט.

נאָרדוי האָט אין זיין הספד אויף הערצל געזאָגט: דאָס פאָלק האָט געהאַט אַ הערצל, הערצל האָט אָבער ניט געהאַט קיין פאָלק. מיר פון אונזער זייט ווילען צוזעצען, אַז דאָס פאָלק אין זיין שטרעבען אַ פאָלק צו ווערען האָט זיך אָנגעשטרענגט און אַ הערצל געשאַפען, וועלכער זאָל איהם אַלס נאָכאַהמונגס־ביישפּיעל דיענען.

עס איז דאָך פאַר פיעלע אַ וואונדער: אין ציוניזם בעטהייליגען זיך אַלערליי פּאַרטייען, אידען פון אַלע לענדער פון ערד־קוגעל, אידען מיט פערשיעדענע געזינונגען, און דערצו זיינען אידען בעקאַנט אַלס די גרעסטע אינדיווידואַליסטען, און דאָך האַלט זיך פעסט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. נעווים איז אין דער ערשטער ליניע די אידעע, וואָס האַלט ווי אַ פייער־רייף די פערשיעדענסטע עלעמענטען צוזאַמען, אָבער ניט ווייניג האָט געהאָלפען זיין גרויסע פּערזענליכקייט, זיין אָפּפערווילינקייט.

אונז שטעלט זיך פֿאָר, אַז ווען איינעם פֿון די איצטיגע פֿיהרער פֿון ציוניזם קומט, אין אַ ניט גוטער שעה, דער אינדיווידואַליסטישער יצר־הרע און רעדט איהם אָן, אַז ער זאָל גענען דער איינינקייט פֿון דער אָרגאַניזאַציאָן זינדיגען, דאַן שווימט פֿאַר איהם געוויס אַרויס דאָס בילד פֿון הערצל, — וועלכער האַלט איהם אָפּ פֿון דער שווערער זינד.

הערצל איז אַ גרויסע פֿעראייניגונגס־קראַפֿט, דען קיינער האָט ניט דאָס הארץ צו צוברעכען דאָס, וואָס ער האָט מיט דעם בלוט פֿון זיין הארץ געבויט.

דען ער ווערט פֿון אַלעמען געליעבט.

אונזער זאַך וועט ניט געבויט ווערען אָהן ליעבע. עס מוז צווישען די מיטגליעדער־בויער גרויס ליעבע הערשען, די ליעבע צום אַבסטראַקטען כלל איז ניט גענוג. נור מען דאַרף ליעבען אויך דעם פּרט. אין דער שווערער קאָנקורענץ פֿאַר פּרנסה איז די ליעבע פֿון איד צו איד אומגעבראַכט געוואָרען. עס איז געבליבען רחמנות. עס איז נאָך געבליבען ליעבע צו דער אַבסטראַקטער אידישער אומה. עס איז אָבער פֿערוועלקט געוואָרען די ליעבע צום אידען פֿון בלוט און פֿלייט, פֿון רמ"ח אברים און שס"ה גידים.

דער חסידיזם האָט דעם ליעבעס־געפֿיהל אָפּגעפֿרישט. איז דאָך חסידיזם געווען אַ פּתיחה צו דער גרויסער אידישער פֿרייהייטס־בעוועגונג. אין ציוניזם האָט נאָך דער ליעבעס־געפֿיהל ניט געקראָגען זיין תקון, דער געפֿיהל ליעגט אָבער גליקליכערווייזע אין זיין יסוד, — אין דער ליעבע צו הערצל'ען.

און ליעב האָבענדיג א י ה ם, וועט זיך די ליעבע אויסשפּרייטען אויף צווישען די מיטגליעדער, און פֿון די מיטגליעדער צו יעדען איינעם פֿון דער אידישער אומה, און ענדליך אויף יעדען איינעם וואָס איז בעשאַפֿען מיט דעם צלם אלקים.

דען דער ציוניזם איז די אידעע פֿון ליעבע, איז אין דער לעצטער אינסטאַנץ דער שטרעבען צו פֿערווירקליכען די גרויסע אידעאַלען פֿון אונזער נבואה, וואָס זייער אָטעם איז ליעבע.



# דר. מאַקס נאָרדאַו

(צו זיין 60־יעהריגען יובילעאום)

דאָס 60־יעהריגע יובילעאום פון דר. מאַקס נאָרדאַו ווערט געפייערט ניט נאָר פון די ציוניסטען, מיט וועלכע ער האָט די לעצטע 12 יאָהר געאַרבייט, געשטרעבט, געהאָפט און זייער חלום גע'חלומ'ט, נאָר אויך פון דער גרויסער ציוויליזירטער וועלט אומעטום, וואו זיינע שריפטען ווערען געלעזען.

לאַנג צוריק, נאָך איידער מאַקס נאָרדאַו איז בעקעהרט געוואָרען צום ציוניזם, איז ער שוין געווען בעריהמט אין דער ליטעראַרישער וועלט; אויף דעם ליטעראַרישען געביעט איז ער שוין געווען טהעטיג אַן ערך פון 30 יאָהר און זיינע צוויי ווערק: „ענטאַרטונג" און „קאָנווענציאָנעלע ליגען" זיינען שוין דאַן געווען איבערזעצט אין פיעלע שפּראַכען און זיין פּאָפּולאַריטעט איז שוין געווען אונגעהויער גרויס.

אין אונטערשיעד צו הערצל'ען, איז ער ניט גרויס געוואָרען צוליעב דעם ציוניזם, נאָר, מען קען זאָגען, אַז ער האָט די ערשטע צייט מיט זיין גרויסקייט בעשיצט די יונגע ציוניסטישע בעוועגונג, וועלכע האָט זיך אַזוי גענויטיגט, ווי יעדע נייע זאַך, אין הסכמות און הכשרים פון אויטאָריטעטען.

אויפ'ן ערשטען בליק איז אפילו שווער צו זעהן דעם צוזאַמענהאַנג פון דעם „בעל־הפּאַראַדאָקסים", ראַציאָנאַלען דענקער, וועלכער רעדט אין נאָמען פון ריינער לאָגיק, און דעם טרוימער, וואָס וויל מיט די צוויי־טויזענד־יעהריגע נעונד'ניקעס מיט זייער גלות־פּסיכאָלאָגיע בויען אַ אידישען שטאַאַט אין דעם אידישען לאַנד.

ווען מען בעטראַכט אָבער די זאַך אַ ביסעל טיעפער, זעהט מען יאָ אַ גרויסען אינערליכען שייכות צווישען מאַקס נאָרדאַו פ א ר דעם ציוניזם און מאַקס נאָרדאַו נ אָ ך דעם ציוניזם.

טראָץ דעם, וואָס ער האָט אין זיינע שריפטען פערטהיידיגט דאָס ראַציאָנעלע, דאָס קלאָרע, און איז אויפגעטראָטען געגען טרוימערייען און מיסטישע שטרעבונגען, איז ער אָבער, אין אמת'ען, אויך דאַן געווען אַ גרויסער טרוימער, האָט גע'חלומ'ט איבער דעם ענטשטעהן פון אַ גליקליכער, פרייער, בעגייטער געזעלשאַפט, געגלויבט אין דעם „תקון

העולם במלכות שדי", און בעווייזען פאַר זיינע אמת'ען האָט ער נאָך אַלעמען געשעפּט פון דעם ריינעם מקור פון זיין שפּרודעלנדער נשמה, כאָטש איהם האָט זיך געדוכט, אַז ער איז פאַר די אמת'ען, ווייל דער שכל און די ריינע פערנונפט גיבען דאַרויף די הסכמה.

אַלענפאַלס איז ער אין זיינע שריפטען קיין מאָל ניט געווען אָביעקטיוו, קאַלט, ווי די וויסענשאַפטס־לייט בעהויפּטען צו זיין, נאָר שטענדיג סוביעקטיוו, מיט אַ בעשטימטער מיינונג אין אַ געוויסער זייט, אַ הייסער אַנהענגער פון אַ שטרענגען פאָרמולירטען פּרינציפּ, פון אַן אויסגעאַרבייטער וועלט־אַנשויאונג, וועלכע איז געשפּונען געוואָרען אין אַ רייהע פון דורות און אין וועלכער די בעסטע גייסטער פון דער וועלט האָבען יעדער זיין טהייל נשמה אַריינגעוועבט, און די גרויס־גייסטער פון זיין פאָלק אפשר נאָך מעהר ווי אַנדערע.

מאַקס נאָרדאַו איז תמיד געווען פאַר גערעכטיגקייט און געגען אונטערדריקונג, האָט געהאַסט דעם שקר, נאָכמעהר, ווען ער הילט זיך איין אין אַ טלית פון אמת, און איז דאָס אַ וואונדער, אַז ווען ער איז אפילו פאַר אַ צייט פערבלענדעט געוואָרען פון דעם גלויבען פון אסימילאַציע, וואָס זיין שאַרפע קריטישע אויג האָט דאָך ענדליך בעמערקט דעם שווינדעל, די ערנידריגונג, וואָס שטעקט אונטער איהרע הויכע געקרייזעלטע ווערטער? איז דאָס אַ וואונדער, וואָס דער מחבר פון די „קאָנווענציאָנעלע ליגענס" האָט ענדליך איינגעזעהן, וואָס פאַר אַ קאָנווענציאָנעלער ליגען עס איז די ערקלעהרונג, אַז אידען זיינען מעהר ניט קיין נאַציע, — אַ ליגען, וואָס אייניגע, וועלכע האָבען פערלאָזען דאָס פאָלק, האָבען אויסגעטראַכט, אום זיך אַליין פון יאָך צו בעפרייען, ניט אַכטענדיג אויף דעם וואָס זיי מאַכען דעם יאָך נאָך שווערער אויף דעם האַלז פון פאָלק, וואָס ליידעט פאַר זיינע פּרינציפּען און גלויבען און וויל אַלס פאָלק לעבען בלייבען?!

דער אויפשוואונג פון אַנטיסעמיטיזם האָט מאַקס נאָרדאַו'ן באַלד די אויגען געעפנעט צו זעהן ווי ניעדריג עס איז די אסימילאַציע. ער האָט אויך באַלד איינגעזעהן די אוננאַטירליכע לאַגע פון זיין פאָלק, — אַ מינדערהייט צווישען אַנדערע פעלקער, אַ פרעמדער אָרגאַניזם צווישען אַנדערע פעלקער־אָרגאַניזמען. ער האָט אויך באַלד איינגעזעהן די אַלע שרעקליכע טראַגישע פאָלגען, וואָס זיינען מיט דעם ערט לעבען פערוויקעלט און ווען די אסימילאַציע איז אונמעגליך און ניט ווינשענסווערטה, — וואָס פאַר אַן אַנדער אויסוועג בלייבט, ווי דער, אַז די מינדערהייט זאָל אַליין ווערען אַ מאַיאָריטעט און אַן אייגען לעבען אין אַן אייגען לאַנד פאַר זיך בויען? ער איז דעריבער געוואָרען אַ ציוניסט.

מאַקס נאָרדאו איז, הייסט עס, אַן אַנטיסעמיטיזם־ציוניסט, און געוואוינט איז מען צו דענקען, אַז אַן אַנטיסעמיטיזם־ציוניסט איז אַ ציוניסט פון אַ קלענערער מדרגה, ווי דער, וועלכער איז געוואָרען אַ ציוניסט צוליעב אינערע מאָטיוען. דאָס איז אָבער ניט ריכטיג. דאָס איז אויך אַ קאָנוועַנציאָנעלער ליגען, וואָס האָט זיך אריינגעגנב'עט אין דער ציוניסטישער ליטעראַטור, ווייל, טראַכט מען זיך טיעף אריין, שטאַמט דער אַנטיסעמיטיזם־ציוניזם סוף־כל־סוף פון אינערליכע מאָטיווען. דער אַנטיסעמיטיזם עקזיסטירט הויפּטזעכליך דערפאַר, — ווי נאָרדאו ער־קלעהרט עס אין איין פּלאַץ גאַנץ ריכטיג — ווייל די גרופּע אידען וואָס לעבט צווישען פרעמדע, וויל זיך ניט און קען זיך אויך ניט אָפּזאָגען פון איהר איינענער גייסטיגער, זיטליכער פיזיאָגנאָמיע. דאָס הערשענדע פאָלק וויל אין נאָמען פון זיינע ענגע פאָלקס־אינסטינקטען דאָס פרעמדע פאָלק ניט דולדען און הויבט אָן אויף איהם קוקען מיט קנאה־ און שנאה־אויגען און ווערט אַנטיסעמיטיש. אַלס ענטפער אויף דעם אַנטיסעמיטישען איינוואַנד געגען דער אידישער פיזיאָגנאָמיע, קומט דער ציוניזם. איז ניט דער ציוניזם, אין לעצטען חשבון, אַ פועל יוצא פון דעם ווילען פון פאָלק צו לעבען נאָך זיין אייגענעם גייסט, פריי און ניט געשטערט?

איז מאַקס נאָרדאו געוואָרען אַ ציוניסט, — האָט ער זיך אין דעם אריינגעוואָרפען מיט דער גאַנצער היץ פון זיין טעמפּעראַמענט, מיט דער גאַנצער ליידענשאַפט פון זיין נשמה.

מאַקס נאָרדאו דער שריפטשטעלער איז אויף דער עלטער געוואָרען אַ פּאָליטישער טהוער, אַ פּאָליטיקער, אַ מיט־די־ציוניסטישע־קאָנגרעסען־צונויפגעוואַקסענע פיגור.

די דאָזיגע ענדערונג אין נאָרדאו'ס כאַראַקטער בעווייזט, וואָס פאַר אַ געוואַלטיגען רעזערוואואַר פון נאַציאָנאַל־פּאָליטישע ענערגיע דאָס אי־דישע פאָלק פערמאָגט, וועלכע ווערט אין דער ברוסט פון זיינע פאַר־שטעהער דערשטיקט, ווייל עס פעהלט דעם אידישען פאָלק אַ פּאָליטיש לעבען.

מאַקס נאָרדאו איז אין פיעלעס עהנליך צום בעריהמטען מאַק־סימיליאַן האַרדען, מיט דעם אונטערשיעד, וואָס בשעת דער לעצטער, רוקענדיג זיך אין אַ פּאָליטיק וואָס איז איהם פרעמד, צו וועלכער ער איז נאָר מעכאַניש צוגעבונדען, אָבער ניט אָרגאַניש אריינגעוואַקסען, מוז ער ציהען יניקה פאַר זיין שטורמישען גייסט אין דער סענזאַציע, מוז ער זיך אויפשפּיעלען אַלס פאַרס, האָט מאַקס נאָרדאו, זיך פערבינדענדיג מיט דער אידישער פּאָליטיק, מיט דעם גורל פון זיין אייגען פאָלק, אין זיך אויפגעוועקט די עדעלסטע אינסטינקטען. דעריבער קלינגען זיינע רייד

אַזוי עהרליך, אַזוי ערנסט, אויך דעמאָלט אַפילו ווען ער איז אונגערעכט; דעריבער קלינגען די רייד פון אַ האַרדען אַזוי פאַלש, אַפילו דעמאָלט ווען ער האָט רעכט.

מאַקס נאָרדאָו, די צווייטע גרעסטע פּערזענליכקייט נאָך הערצל'ען אין ציוניזם, שטאַמט, ווי הערצל, פון אונגאַרן; דאָס לאַנד, וואָס האָט זיך לעצטענס אַזוי ווענינ בעטהייליגט אין דער אויסאַרבייטונג פון די אידישע גייסטיגע אוצרות, האָט אונזער פּרייהייטס-בעוועגונג מזכה געוועזן מיט די גרעסטע צוויי פּערזענליכקייטען.

אונגאַרן איז, כידוע, אַ לאַנד פון הייסעסטען נאַציאָנאַליזם. כאָטש פּאָליטיש אונטער דער אויבערהערשאַפט פון קייזער פון עסטרייך, לעבט דאָך דאָס מאַדיאַרען-פאָלק אַן אייגען אָפּגעשלאָסען נאַציאָנאַל לעבען און פערהאַלט זיך מיט שנאה צו די דייטשע איינפלוסען, וועלכע רייסען זיך אַריין און ווילען אונטערגראָבען די יסודות פון זייער אייגענעם נאַ־ציאָנאַלען לעבען.

די מאַדיאַרען האָבען ניט איין מאָל געקעמפּפט מיט געוועהר אין האַנד פאַר דער אויפהאַלטונג פון זייער נאַציאָנאַליטעט. זייערע ליעדלעך זיינען פול מיט לויב-געזאַנגען איבער זייערע העלדען, וואָס האָבען זייער לעבען געאָפּפערט פאַר דעם פאָלקס גליק. די ליעדלעך, וועלכע אי הערצל אי נאָרדאָו האָבען מסתמא אין דער יוגענד געמוזט הערען, האָט אין זייערע רייכע פאַנטאַזיען געמוזט מאָלען די בילדער פון יענע פאָלקס-העלדען; זיי האָבען אָלענפאַלס נאָך פון דער יוגענד געוואוסט, וואָס הייסט נאַ־ציאָנאַלער קאַמפּף, וואָס הייסט נאַציאָנאַלעס העלדענטהום, האָפנונג און זיעג.

דאָס זיינען אַפּילו געוועזן העלדען-מעשיות מכח אַן אַנדער פאָלק, ניט זייער אייגענס. דאָס האָבען זיי אָבער נאָכהער אַם בעסטען אָנגע־ווענדעט אויף זייער פאָלק.

אונגאַרן האָט נאָך אַ מעלה. אין אונגאַרן, מעהר ווי אין אַן אַנדער לאַנד, לעבען די אידען נעהנטער צו דער נאַטור און שטעלען מיט זיך פאַר אַ געזונדערען טיפּ. עס איז בעשערט געווען, אַז די גרויסע פאַר־שטעהער פון ציוניזם זאָלען זיין ניט נאָר גייסטרייך, נאָר אויך פיזיש שעהן-ענטוויקעלט און פול מיט לעבענס-זאַפט.

אין מאַקס נאָרדאָו לעבט דער געזונדער אָפּטימיסטישער לעבענס־אינסטינקט. ער איז ווי פערפאַנצערט געגען אַלע פּעסימיסטישע פיילען. אידען אַלס אַ כלל נעהמען דאָס לעבען צו ערנסט, גלויבען, אַז דער מענש איז אויף דער וועלט אַראָפּגעשיקט גרויסע אויפגאַבען דורכצופיהרען, און קיינער איז אַ בן-חורין פון דעם פּטור צו ווערען.

מאַקס נאָרדאו האָט נאָך פריהער אין זיינע פּאַראַדאָקסען אויף דער פראַגע: איז דאָס לעבען ווערטה צו לעבען? געענטפערט בחיוב פאר דעם אינדיווידיום, דאָס לעבען איז ווערטה צו לעבען! און דעם זעלבען ענטפער האָט נאכהער מאַקס נאָרדאו געגעבען אויף דער זעלבער פראַגע דעם אידישען פאָלק.

ניט צוליעב דעם האָט דאָס אידישע פאָלק געבראַכט אזוי פיעל אָפּפער פאר דער ערהאַלטונג פון זיין קיום אַלס בעזונדערע אומה, אז עס זאָל יעצט פערשווינדען פון דער וועלט.

מאַקס נאָרדאו אין אַלע זיינע רעדען טרעט אַרויס אין הייסער פער־טהיידיגונג פון דעם פּרינציפּ פון אידישען נאַציאָנאַליזם געגען די אַלע רעפאָרם־ראבינער און פערקאָכטע פּאַטריאָטען, וועלכע אין נאָמען פון דער בלוטלאָזער מיסיאָן האָבען זיך פערמאָסטען איהם צו בעקעמפּפען.

בכלל האָט מאַקס נאָרדאו זיין גאַנצע שטורמישע נאַטור געווידמעט דעם ציוניזם, א זאַך, אין וועלכער די ציוניסטישע בעוועגונג האָט זיך אַזוי געגויטיגט, ספּעציעל אין דער ערשטער צייט, ווען אַטאַקען זיינען געמאַכט געוואָרען אויף דעם ציוניזם פון אַלע זייטען.

הערצל, אַלס פיהרער, האָט זיך געהאַלטען ווייט פון מחלוקת. דאָס איז פון שטאַנדפּונקט פון פיהרער געווען זעהר ריכטיג און ווייטזיכטיג. א געגנער פון דער בעוועגונג היינט קען ווערען מאָרגען איהר פריינד, נאָר זאָל צוליעב דער פּערזאָן פון פיהרער, מיט וועלכען ער איז אין מחלוקת, ניט קענען זיך אָנשליסען אָן דער בעוועגונג.

דאָך מוז מען דעם געגנער ענטפערען, אָפטמאָל מיט וואוטה, שטורעם און גאַל, אָפטמאָל מוז מען אָפּלאַכען, א ביסעל שפּאָס מאַכען פון געג־נער׳ס אונבעהאָלפענער אונוויסענהייט, וואָס רעדט מיט אזא פּאַטהאָס, מיט אזא כלומרשט וויסענשאַפטליכען טאָן. דער פיהרער פלעגט דאַן געבען א ודי־לחכימא־וואונק צו מאַקס נאָרדאו אָדער צו זאַנגוויל, און זיי פלעגען זיך שוין מיט דעם געגנער אָפּרעכענען ווי ער פערדיענט.

עניוות איז איינע פון די שעהנסטע מדות. די גרעסטע מעלה וואָס דאָס פאָלק וויים אונז צו דערצעהלען וועגען איהר גייסטעס־העלד משה׳ן איז: ומשה היה עניו... די גרעסטע מדה פון עניוות האָט מאַקס נאָרדאו תמיד ארויסגעוויעזען אין א גרויסען גראַד.

מען האָט זיך געוואונדערט, ווי אזוי מאַקס נאָרדאו פלעגט זיצען בדחילו ורחימו פאר דעם פיהרער הערצל, ווי אזוי ער פלעגט געהאָרכזאַם פּינקטליך אויספיהרען זיינע בעפעהלען. דוכט זיך לודוויפאָל האָט שוין א מאָל די פּאָאָר צוגעגליכען צו ר׳ עקיבא און בר־כוכבא. דער פערגלייך איז זעהר א ריכטיגער. אַלס ליטעראַטאָר און דענקער איז מאַקס נאָרדאו

געווען אָנגעזעהענער, און וואָלט מאַקס נאָרדאַו געווען צום ערשטען קאָנ־גרעס פערלאַנגט די פיהרערשאַפט, וואָלט ער זי אָהן שום געגנערשאַפט געקריגען. ער איז געווען די בעריהמטעסטע פערזענליכקייט אויף יענעם קאָנגרעס. מאַקס נאָרדאַו האָט אָבער געבויגען זיין גרויסען קאָפּ אין יראת הכבוד פאַר דעם נייעם אויפגעהענדען שטערן.

און ווען מען דערמאָנט זיך, וויפיעל קלענערע, גאָר קלענערע מענשען האָבען זיך אויף דעם הערצל־שטוהל געוואָלט אוועקזעצען, מיט דעם אויסרייד, אַז זיי זיינען פעהיגער אַלס ער, דאַן טרעט פאַר אונז ארויס אין זיין גאַנצער הערליכקייט די גייסטיגע פיגור פון דעם יובילאַר.

איינער פון די אונטערשיעדען צווישען די אידען און די העלענען איז אויך געווען זייער פערשיעדענע בעציהונג צום ארויסגערעדטען וואָרט. די העלענען האָבען געקענט פון זיך אויפשטעלען סאָפיסטען, שעהנע רעדנער, וואָס האָבען געקענט מטהר זיין א שרץ בק"ן טעמים, ביי וועלכע רעדען איז געווען א מין שפּיעל, א קונץ. ביי די אידען אָבער זיינען געווען נביאים, וואָס האָבען זיך פערטראָגען זעהר ערנסט צום גערעדטען וואָרט. דער פּראָפעט, וואָס איז געווען אי א מוכיח, אי א פּאָליטיקער, און א חוזה עתידות, אַן ערקלעהרער פון דער וויטער צוקונפט, האָט דאָך שפּעטער געקראָגען ניט דעם טיטול מוכיח, ניט חוזה, נאָר נביא, רעדנער. אַזוי הויך האָט דאָס פאָלק געשעצט דעם רעדנער־כח, אַזוי פיעל כבוד האָט עס געפיהלט פאַר דעם וואָרט. „דאָס לעבען און טויט איז אין רשות פון צונג“. „אין אָנהויב איז געווען דאָס וואָרט“. „מיט צעהן ווערטער איז די וועלט בעשאַפען געוואָרען“, א. ז. וו. — איז דאָך דאָס רעדען א גאָט'ס מתנה, וואָס שטעלט אונז, מענשען, העכער פון דער אונז־פער־וואַנדטער טיער־וועלט.

און עד היום בעציהט זיך דער איד מיט גרויס ערנסט צו זיינע רעדנער און פאָדערט דברים היוצאים מן הלב.

און אָן די נביאים פלעגט מאַקס נאָרדאַו דערמאָנען די קאָנגרעס־פערזאַמעלטע, ווען נאָר ער פלעגט אַרויסטרעטען צו האַלטען זיינע רעדען. דער ווידער־קול פון אַן אַמאָליגען נביא האָט זיך געהערט פון זיין שטימע. אָט האָט ער גע'מוסר'ט, געשלאָגען מיט פייערדיגע בייטשען, אָט האָט ער גערונגערט געגען דעם אונרעכט, וואָס ווערט גע־טהאָן זיין פאָלק, און אָט האָט ער געטרייסט, געצערטעלט, געוועקט די האָפנונג און אויף פּאַראויסגעזאָגט, וואָס עס בעהאַלט פאַר אונז אונטער איהר שלייער די וויטע צוקונפט... און איבער אַלץ האָט געשוועבט די שכינה, דער גוטער גייסט, וואָס קוקט אַרויס פון זיינע בלויע, רוהיג־פערקלעהרטע אויגען.

און נאָך יעדער זיינער אַ רעדע — און די אידישע וועלט ווערט בע־רייכערט מיט אַ נייעם שלאַג־וואָרט, וואָס פערבאָרגט אַ הויכע אידעע, אַ ריכטונג, אָדער מיט אַ געשליפענעם עפּיגראַם, וואָס כאַראַקטעריזירט אַ שטרעמונג, אַ קלאַס אין יודענטהום.

ווער געדענקט ניט דעם געלונגענעם אויסדרוק: „יודענגויט", וואָס האָט אַזוי פיעל בעדייטונג פאַר די ציוניסטען ווי דער אויסדרוק „וועלט־שמערץ" פאַר די אַלע מינים לעבענס־רעפאָרמער און פאַרשטעהער פון „צוקונפט"־מוזיק"?... ווער געדענקט ניט דעם וויציגען אויסדרוק „אויך־יודען" און „בויך־יודען" און „בעטעל־שטודענטען", דאָס לעצטע איז געוועזן אַ סאַרקאַסטישע בעמערקונג אויף דער גרויסער צאָהל שטודי־רענדע, וואָס אידען, ניט לויט פּראָצענט, פערמאָגען, — אַ בעמערקונג, וואָס האָט דאַן אַרויסגערופען געגען איהם אַ שטורם פון פּראָטעסטען, כאָטש אין גרונד־איז געווען מאַקס נאָרדאַו גערעכט?!

ווער געדענקט ניט זיין ביטערע, דאָך אמת'ע בעמערקונג אין זיין הספד אויף הערצל'ען: דאָס פאָלק האָט געהאַט אַ הערצל, אָבער הערצל האָט ניט געהאַט קיין פאָלק?!... ווער קען דען אויפצעהלען די אַלע קלוגע און שאַרפע בעמערקונגען, וואָס זיינען צוואָרפען אין זיינע פיעלע רעדען?

אַלס גייסטרייך, קלוג, שאַרף און שפּיציג, — אַן אמת אידישער חריף, — איז ער שוין דער וועלט בעקאַנט פון לאַנג.

איינס פון זיינע צוטרעפענדע עפּיגראַמען, וואָס האָט געגעבען די גרויסע וואָרנונג איבער דער גאַנצער טראַגישער אויסזיכטסלאָזער לאַגע פון דעם יודענטהום, ווען עס וועט ניט אויפנעהמען דעם ציוניזם, איז דער פינאַל פון איינער פון זיינע רעדען: „דאָס יודענטום וועט אָדער ציוניסטיש זיין אָדער גאָר ניט זיין!"

עס פרעהט אונז, וואָס דער יובילאַר האָט דערלעבט צו זעהן, ווי ביסלעכווייז, דאָך אַלע מאָל מעהר קומט דאָס פאָלק צו דער ערקענונג פון יענער גרויסער וואָרנונג, וועלכע דערמאָנט אָן אַן אַנדער גרויסע וואָר־נונג, וואָס איז שוין איין מאָל געמאַכט געוואָרען: „ראה הנה נתתי לכם את דרך החיים ודרך המות, ובחרת בחיים".

צוויי וועגען שטעהען פאַר דעם פאָלק: דער וועג פון דעם לעבען און דער וועג פון טויט, און דאָס פאָלק וואָס האָט נאָך אַזוי פיעל לעבענס־לוסט, נעהמט אויף דעם ציוניזם, וואָס זיכערט איהם ניט נאָר די פאָרט־זעצונג פון זיין קיום, נאָר אַ פולען לעבען, ווערטה דעם נאָמען...

# א. ל. לעווינסקי

פון די צעהן טעפ פון פורעניות און יסורים, וואס גאט האט אין א בייזער שעה אויף דער זינדיגער וועלט אנגעשיקט, זיינען ניין אויסגע־פאלען אויף דעם גורל פון גלות־פאלק. און די שווערע מאס פרעניות האט דעם אמאליגען לוסטיגען, פרעהליכען אידען מיט דעם שטענדיגען ברייטען בויערן־שמייכעל, וואס האט זיך איבער זיין גאנצען געזיכט צו־גאסען, אין א נבנע׳דיגע, א פער׳חושכ׳טע בריאה, מיט טיעפע צער־קנייטשען אין שטערען און אן אנגעשראקענעם פיעבער־קוק אין אויג פער־וואנדעלט. דאך האט דער ווילדער יסורים האגעל, וואס האט זיך אויף זיין קאפ מיט צורייצטער בייזוויליגקייט צושאטען, און וואס האט זיין יוגענד פערשנעעט, ניט געקענט אין גאנצען פערגליווערען יענעם פרייד־קוואל, וואס האט טיעף אין זיין נשמה, געשיצט פון עין־הרע, זיינע קליינע כוואליעלעך, געבלעזעלט. אונטער אלע שטעקענס, וואס האבען זיין גוף צוקאראדאשעט, איז ניט פערשוואונדען דער אפטימיסטישער גייסט, וואס האט זיין נשמה געשטארקט און גלויבען אין זיינע צובייזלטע גליעדער געגאסען.

עס זעהט אויס אזוי ווי גאט וואלט מיט די בייזע משחיתים, וועלכע ער האט אויף צו מאטערען זיין אויסערוועהלטען פאלק בעשטימט, א תנאי אויסגענומען: זיין קערפער איז ביי אייך אין די הענד, אבער זיין זעעלע היט אפ — „אך את נפשו שמור“, דעם אלטען תנאי, וואס ער האט אמאל אויסגענומען מיט׳ן שטן, ווען ער האט איהם געשיקט שטעלען אויף נסיון איוב הצדיק.

געוויס האט דאס להכעיס׳דיגע מזל געפאדערט זיינס, די אנגעזאַ־מעלטע גאל און ביטערקייט אין דער אידישער נשמה געגען דעם אונרעכט פון דער וועלט האט געזוכט אן אויסגאנג, און דאן האט דאס פאלק גע־שאפען די סאטירע, דאס וויסטע קינד פון פינסטערען פעסימיזם, מיט כמורנע בייזע אויגען, מיט א טעשעל פערגיפטעטע פיילען מוכן ומזומן יעדע שמחה צו פערגאלען, צו צושטערען, יעדען ליכט־שטראהל אויסצו־לעשען.

דאס פאלק האט אבער דעם אטהעם אין דער סאטירע אפגעבאפט, זיין נקמה אין זיינע וועלט־פיינד דורך איהר גענומען, כאטש אייניגע

ביטערע טראָפּען פון זיין ביטערען לעבען אין זייער פינקעלדען, ביז דעם זוים מיט פרייד און גליק־פולען בעכער, אריינגעטריפט, און האָט שליסליך פון דעם ווי א פינסטערע כמארע איבער זיין קאָפּ הענגענדען פּאַטום, וואָס האָט איהם געאָפּפערט אלס ווילדער שפּיעל צו בייזע טייפעל־כחות, נקמה גענומען, דורך אויפווייזען זיין אייגענע לעבערליכקייט און אונזיניגקייט, און דורך דעם וואגען צו קוקען אונערשראָקען אויף זיין גרעסטען בייזען גייסט, דעם טויט אליין אין די אויגען, דעם טויט, וואָס איז די יענע זייט פון פּאַטום, זיין אייגענער אונטערגאַנג.

מיט דער סאַטירע האָט זיך אָבער ניט אַלץ געענדיגט, זיין גייסט האָט זיך מיט דעם בייזען קוואַל ניט אויסגעשעפּט. ער האָט אויך קוועלען פון געזונדען הומאָר און אָפּטימיזם אַנגעשלאָגען און אָפּט פון זיין איינגעשרומפּטער ברוסט א ליעבליך קינדישען געלעכטער אויסגעהויבט, ער האָט אויך זוניגע חלומות געשפּונען, לופט־שלעסער געבויט און אָפּטימיסטיש זיך ד ו ר כ ג ע ל ע ב ט.

א פערטרעטער פון דעם אָפּטימיסטישען גייסט און הומאָר איז געווען דער ערשט פערשטאָרבענער א. ל. לעווינסקי, וואָס האָט געשאַפען דעם הומאָריסטישען פעליעטאָן אין העברעאיש.

דער הומאָריסט לעווינסקי אין אונטערשיעד פון פעליעטאָניסטען סאַטיריקער, האָט געגלויבט, אז אונזער וועלט איז שעהן און ריטמיש און אז עס איז דאָ גענוג ליכט און גדלות אין דעם לעבען, אז עס זיינען דאָ גענוג פרייד־קוואלען, דער מענש דאַרף נאָר אויף זייער שפּור קומען און די ריכטיגע שעפּ־כלים אַנגרייטען.

דער הומאָריסט האָט אויך געזעהן דעם שאָטען אין דאָס ליכט. זיין אויג ציהט זיך צום ליכט און לאָזט זיך פון שאָטען ניט פערדונקלען; דאָס ליכטיגע איז פאַר איהם דער אויסגאַנגס־פונקט.

לעווינסקי דער פעליעטאָניסט און הומאָריסט איז געווען אַן אָפּטימיסט, און געגלויבט האָט ער מיט אַלע בעסטע מענשהייטס קינדער, מיט אַלע טרוימער, אז א גרויסער שעהנער טאָג איז פאַר דער וועלט אַנגעברייט, אז זיעבען זונען וועלען אין דער צוקונפט לייכטען, די וועלט מיט ליכט בעגיסען, דער בעקאַנטער אור הגנוז! דער הומאָריסט האָט אויך אָפּגעלאַכט אמאָל פון דעם מענשען׳ס נאַרישקייט, אָבער דער געלעכטער איז געקומען פון א פרעהליכער ברוסט, פון גוטמוטהיגקייט. ער האָט געוואוסט, אז דער מענש מאַכט פעהלשריט. ער האָט אָבער געגלויבט, אז לפני ולפנים, אין דער טיעפעניש פון זיין נשמה איז דער מענש גוט און אויפריכטיג, און מאַכט ער א מאָל א טעות, דאַרף מען איהם בלויז אָנווייזען דעם ריכטיגען וועג און ער וועט איהם בעטרעטען.

לעווינסקי האָט ניט נאָר געהאַט אַ גרויסע שלילה, נאָר אויך אַ גרויסען חיוב. ער איז ניט געשטאַנען פון ווייטענס פון לעבען און צו־געזעהן יענעמס חסרונות און ציניש אָבגעלאַכט פון זיי, ווי עס איז די טבע פון דעם סאַטיריקער, נאָר ער האָט אַליין אַנטהייל גענומען אין דער לעבענס־בעוועגונג און ער האָט דעריבער גאַנץ גוט בעגריפען, אַז צו מאַכען אַ טעות איז מענשליך, און אַז דורך דעם ציק־צאַק פון טעות'ען און אָפּ־וויכונגען דערגרייכט דער מענש ענדליך דעם ריינעם, אונבעפלעקטען אמת.

לעווינסקי איז געווען גוט בעקאַנט מיט אונזערע חסרונות, מיט אונזערע זעעלען־פגימות, מיט דער וועלקונג און צוקראַכענהייט פון אונ־זער לעבען, און ער האָט אָנגעוויזען אויף דעם, ער האָט עס אָבער געטהאָן בעל כרחו, מיט דעם עהרליכען ציעל פאַר דעם אויג אונז אויפמערקזאַם צו מאַכען אויף דער אייטערענדער וואונד כדי מיט רפואה דעם שמאַרץ צו שטילען.

לעווינסקי האָט זיך קיינמאָל ניט געגראָבען אין אונזערע וואונדען מיט אַ צינישען שמייכעל אויף די ליפּען, אפילו ניט מיט אַ בייז שטעכיג געלעכטעריל. ער האָט אויך קיינמאָל ניט געזוכט אין גאַנצען אויף אונז די שולד צו ווארפען, און זיך קיינמאָל ניט אויסגעשיידט פון כלל. אונ־זערע וואונדען זיינען אויך געווען זיינע אייגענע וואונדען. ער האָט דעריבער תמיד גערעדט בלשון: „מיר". מיר האָבען שווער געזינדיגט, מיר זיינען לעבערליך, מיר טרייבען אָן מעשי־נערות, וואָס פּאַסען נאָר ניט פאַר מענשען מיט שטאַאַט, מענשען מן־הישוב, פאַר אַן אַלט קולטור־פאָלק, פאַר אַ פאָלק מיט אַזעלכע פלינקע קעפּלעך, שאַרפע בעלי־מוחות, גוט־הערציגע און נקי־כפּים'ניקעס.

זיין שטראָף פלעגט דאריבער, פאַר איהם אַליין אונבעמערקט, נאָר אין איינקלאַנג מיט זיין אינערליכען וועזען, אָפּטימיסטישע נאַטור און טיעפע פאָלקס־ליעבע, איבערגעהן אין אַ לויב־געזאַנג פאַר דעם פאָלק, וואָס איז אויסגעשטאַנען אַזוי פיעל בזיונות, וואָס איז געוואָרפען געוואָרען אין כף־הקלע ווי אַ שטויבעל אין אַ ווירבעל־ווינד, און האָט דאָך זיין האַרצענס גאָט ניט אויפגעגעבען.

אין דער גרעסטער היץ פון פּראָטעסט געגען אידישע עולות האָט ער דאָך ניט פערגעסען, אַז נאָך אַלעמען זיינען מיר דאָך ניט אין גאַנצען שולדיג, און דעריבער איז ער ניט אין גאַנצען גערעכט מיט זיינע טענות, אַז די אמת'ע טענות דארפען געשיקט ווערען אויף אַ גאַנץ אַנדערען אַדרעס. פּריטענזיעס דאַרף מען האָבען צו די, וואָס האָבען פון דעם געזונדען

אידישען פאָלק געזוכט צו מאַכען א מאַרבע טרוקענע ביינער, וואָס עס איז זיי גליקליכערוויזע ניט געלונגען.

לעווינסקי אליין איז געווען א גרויסער מאמין. זיין טיעפער גלוי־בען האָט ער געשעפט פון די קוועלען פון דער אידישער מסורה. פון די דרייצעהן „אני מאמין׳ס" האָט ער אין דעם „אעפ״י שיתמהמה אחכה לו", „כאָטש ער זאמט זיך, האָף איך דאָך אויף איהם", זיין גאַנצען גלויבען איינגעקלאַמערט. ער האָט געגלויבט אין דעם הייליג, מיט זיין גאַנצער ריינער זעעלע און נאָך יעדער אנקלאַגע, וואָס ער האָט געמאַכט געגען אידען, האָט ער דאָך תמיד אויסגעענדיגט ווי דער אַלטער מגיד, מיט א „ובא לציון גואל", ווייל די האָפנונג האָט ער קיינמאָל ניט אָנגעוואָרען.

לעווינסקי איז דעריבער געווען אין א געוויסען זין א מורה דרך, וואָרים אין זיינע פעליעטאָנען האָט ער ניט נאָר אָנגעוויזען וואָסער וועג אויסצומיידען, נאָר אויך וואָסער וועג איינצושלאָגען. און מיט א גרייטען אויער האָט דער אידישער לעזער זיך צוגעהערט צו דער עצה טובה, וואָס איז איהם געגעבען געוואָרען, מיט א שמייכעל אין די קלוגע, גוטמוטהיגע אויגען, בעגלייטעט מיט אַן עכט אידישען וויצעל אָדער מעשה׳לע.

ווען מען לעזט זיינע פעליעטאָנען, טראָגט מען אונגעפעהר ארויס דעם איינדרוק: אין אָנהויב ווערט דער איד לעווינסקי ברוגז אויף די גרויסע עולות, וואָס ער זעהט ארום זיך. וואָס אין אמת׳ען איז דאָס פאר א גאַנג צו זיין אזוי גלייכגילטיג צו דער אייגענער אויפלעבונגס־בעוועגונג? ווי זיינען דאָס אין אמת׳ען מענשען אזוי קאַלטבלוטיג, ווען זיי זעהען, אז די „קדשי אומה" זיינען אין געפאהר? אי, אידען, אידען, וואָס איז דאָס פאר א בענעהמונג? אי, פע, א חרפה! אָבער באלד פערכאַפּט ער זיך אליין מיט א „הס־קטיגור!" ניין, צוריק געשמועסט, כאָטש ס׳איז אַן עולה, זיינען זיי דאָך ניט אין גאַנצען שולדיג. די צייטען זיינען אזוי שלעכט. אידען זיינען דערשלאָגען, דארפען חיונה, האָבען מורא פאר דעם איינענעם שאָטען, ווי, וואָס, ווען קענען זיי טהאָן? אמת, עס איז אַן עולה. א פאָלק דארף זיך אָנטהאָן א כח, דארף בייקומען זיין שלעכטען מזל, דארף דורכברעכען דעם פער׳כשופ׳טען עגול, אין וועלכען שדים האָבען איהם פערזעצט, דער פער׳כשופ׳טער פרינץ דארף מיט כעס צו־רייסען די פרעמדע הינטישע פעל. ער דארף... ער דארף... מאַלע וואָס ער דארף? ער קען דאָך אָבער ניט; געדולד, ער וועט עס נאָך טהאָן, ניט נע׳ראגה׳ט. לאָמיר נאָר שמועסען פון פרעהליכערעס. אונזער שפּראַך לעבט דאָך אויף, פרייד־פייערלעך ווינקען פון אונזער לאַנד צו אונז אין דעם פערגליווערטען חושך, און זיי טרייסטען, און ווער האָט

עס אליין געטהאָן? דאָס בלומר'שטע אַלטע דערשלאָגענע פאָלק. אויב אזוי איז דאָך משערניכאָווסקי גערעכט: „אף אם ירחק זה היום אך בא יבא", און ווי זאָגט דער מהרש"א: ויש לישב, מען דאַרף פערענטפערען, איז ניט אזוי גלאַט, איז בדוחק. אָבער איינגאַנצען אונגערעכט זיינען מיר ניט.

לעווינסקי איז אפשר ניט געוועזן אזוי שארף, אזוי שלאָגענד, אזוי שפּיציג ווי אַן אַנדער פּעליעטאָניסט, ער איז אָבער דערפאַר ביי די לעזער געוועזן חשוב'ער, נעהנטער צו זייער הארץ. זיי האָבען זיך מיט איהם געפיהלט ווי מיט אַן איינגענעם מענשען, אַ „נאַש-בראַט". וואָס כאָטש ער האָט בערייזט אַ וועלט, פיעל געזעהן און פיעל געלערענט, ווייס ווי ביי לייטען פיהרט זיך, איז ער אָבער אַ האָר ניט שטאָלץ דאַרויף, ניט מעהר, ער וויל, אַז מען זאָל דאָס מיסט פון אייגען הויז אויסקעהרען.

לעווינסקי האָט פאַר זיך אויסגעקליבען אַ פּאַסיגען פּסעוודאָנים: „רבי-קרוב". ער איז ווירקליך דער ר' קרוב פון זיינע לעזער, אַ היימישער מחותן, ניט קיין „יאַ-טע-בע-דאַם", ניט אַ גרויסהאַלטער, נאָר איינער פון חברותא, אַ איד פון אַ גאַנץ יאָהר, ר' קרוב!

צו זיינע לעזער האָט זיך לעווינסקי געווענדעט מיט דעם וואָרט „חביבי", מיין ליעבער, אָדער פּשוט אויף אידיש, גוטער ברודער, לאָמיר זיך דורכרעדען און אָברעדען פון הארץ, וועט ווערען אַ ביסעל לייכטער.

און ווען אַ לעזער האָט זיך אין הארצען געפיהלט שולדיג אין אַ גרויסען חטא, ווען דאָס מיצעל האָט איהם געפּאַסט, איז ער דאָך כלל ניט רויט געוואָרען. האָט איהם דען לעווינסקי ניט 'חביבי" גערופען? איז ער דען ניט אין אַ גוטער חברותא? אויב אזוי קען ער נאָך זיין פעהלער גוט-מאַכען.

דורך אַ מעשה'לע, דורך אַ פאַסירונג פלעגט לעווינסקי ארויסברענגען פאַר דעם פון איהם בעהאַנדעלטען פאַל אַ מוסר-השכל, און פיעל פלעגט ער זיך אין דער ארבייט אויסהעלפען מיט זיין געשיכטע-קענטנים. יעדע פּאַסירונג אין דעם איצטיגען לעבען האָט אין זיין זכרון ארויסגערופען אַן ענליכע פּאַסירונג אין דער פערגאַנגענהייט, און אין סאַמע מיטען, ווען די פּאַסירונג האָט זיך נאָך געהאַלטען אין וועבען, האָט ער שוין גע-קענט נביאות זאָגען וואָס עס וועט דער סוף ווערען, לויט דעם אַלטען כלל: „אַלעס איז שוין דאָ געוועזן, און געשיכטע ווידערהאָלט זיך".

נאָר וועהרענד ער איז געוועזן זעהר שטאַרק אויף דעם געביעט פון געשיכטע, האָט ער אויף אַנדערע געביעטען ניט געפיהלט זיך אזוי זיכער, און גראַד פאַר זיין אַרט פעליעטאָנען-שרייבערייי, וואו די אידעען-פערביני-דונג שפּיעלט די הויפּט-ראָלע, איז וואָס דער אוצר פון ידיעות איז גרעסער,

אַלץ מעהר ערפאָלגרייך קען אויסגעארבייט ווערען דער איבערגאנג פון מעשה'לע צו מעשה'לע. נון, האָט ער זיך דאפיר ארויסגעהאָלפען מיט זיין גרויסער לעבענס־ערפאהרונג.

לעווינסקי'ן האָט אויך געפעהלט דער הויכער פלוג, דער שוואונג, די רייכע פאנטאזיע, האָט איהם אָבער זיין הייסער געפיהל ארויסגע־האָלפען. ער האָט תמיד געהאט בעגייסטערונג, ווארעמקייט, וואָס האָט געדרונגען דעם לעזער אין בלוט.

אין איהם גראָטען איז אויך זיין שפּראך. זי איז איינפאך, אָהן פערדרעהעניש, ווי זיין נשמה. דאָס איז די פּשוט'ע שפּראך פון אונ־זער המון, מיט איהר גוטמוטהיגקייט. און טראָץ דעם, וואָס איהר פעהלט טיעפקייט און פיעלפארביגקייט, איז זי דאָך אַ לעבעדיגע, אַ פרישע און אַ זאפטיגע, ווייל זי האָט געשטראָמט פון די טיעפענישען פון אַ ריינער, אונשולדיגער, פרישער נשמה.



# די גלות טראגעדיע אין דער אידישער ליטעראטור

(מענדעלי מוכר ספרים.)

מיאוס איז די ערד, מיין פריינד,
און פערדעקט מיט ראָסט;
וואקסט אַמאָל אַ בלימעל אויס,
טוידט עס אָב דער פראָסט.

טרויעריג איז די ערד, מיין פריינד,
ווי אין הערבסט דער וואַלד;
פליהט אַ מאַנכער פויגעל דורך,
שיעסט דער יעגער באַלד...

א. רייזען.

... גרויס און אונענדליך איז די גלות־טראגעדיע, און ווען אפילו אונבעוואוסט פילט זי אָן די זעעלע פון יעדען אידישען קינסטלער. און וואָס גרעסער עס איז דער קינסטלער, דעסטאָ טיעפער מאכט אויף איהם דער גלות זיין שווערען איינדרוק, און פרעסט ארויס פון זיין הארץ אַ

קרעכץ, שיסט אוים פון זיין אויג א טרעהר, און עס לאזט זיך באלד הערען א קלאג־ליעד, אן „איכה"...

די גאנצע אידישע גלות־געשיכטע טיילט זיך אויף פעריאדען, ווען דאס פאלק איז זיך בעוואוסט פון זיין לאגע, פערשטעהט זיין מצב אלס פאלק, וואס הענגט אין דער לופטען, „על בלימה", און וויל זיך פון דעם גלות בעפרייען, חלומט פון פרייער ערד, נייע הימלען... און אויף פעריא־דען ווען דאס פאלק פערגעסט זיך אויף זיין אמת'ער לאגע, און פערזעהט די רעאלע ווירקליכקייט, און חלום'ט פון בלומען, ליכט און לופט אין גלות גופא...

נים אפט האט דאס פאלק זיך געקענט פערגעסען אין דער גלות־עקזיסטענץ. צו שווער איז געווען דער יאך אויף דעם אידישען אקסעל, צו טרויעריג איז געווען די ווירקליכקייט דאס ער זאל קענען חלום'ען וועגען אן ענדערונג אין דער זעלבער ווירקליכקייט... וואס קען דער געבוירענער בלינדער וויסען וועגען דער בלענדענדער זון, ווען דער אפטישער נערוו איז טויט? ווי זאל דאס ליכט אריינקומען? בלומען, ווען אלעס פריהרט, ווען דער שנעע פערקיהלט דאס בלוט אין די אדערען; בלומען, אהן ערד, אהן א שפאן ערד, ווי זאלען זיי בליהען? ווי זאלען זיי דופטען, ווען די לופט איז אנגעזאפט מיט שאטענס, טרעהרען און פער'סם'טען אטהעם? ווי זאל זיך נעהמען דער אדלער־פליג, ווען דער שטח און דער רוים איז אזוי קליין און ארעם?

„מיאוס איז די ערד, מיין פריינד,
און פערדעקט מיט ראסט."

דער דיכטער רעדט פון דער ערד בכלל, די ערד בכלל איז אבער אין אמת'ן ניט אזוי מיאוס, דער משורר אבער קוקט אויף דער גלות־ערד, און ניט אומזיסט ווערט ער אזוי מרה־שחורה'דיג, דען דארטען וועלקט ווירק־ליך אלעס, פערבליהט און פערוויאנעט, און „וואקסט אמאל א בליהמעל אוים, דאן טוידט עס אב דער פראסט", און ווייזט זיך א שטראהל פון ליכט, ווערט ער פערשלונגען אין א תהום פון געדיכטער פינסטערניש און שווערע, בליי־שווערע וואלקענס...

דאך אמאל און דאס אידישע פאלק איז עהנליך צום וואנדערער, וועמען, בלאנדזשענדיג אין דער מדבר מיט פערטריקענטע ליפען, עס בעווייזט זיך פלוצלונג א מיראזש, און איהם דוכט זיך, דאס ער זעהט בוימער מיט געדיכטע שאטענס, און צווישען זיי שלאגט א קוואל מיט וואסער. ער פערגעסט אויף א מינוט אן דעם מדבר, ווען ער טראגט זיך אריבער אין דעם מיראזש־גן־עדן... ווי ביטער איז נאכהער זיין ענטוישונג, ווען אויף יענעם פלאץ טרעפט ער ניט קיין גן־עדן, נור דעם

זעלבען מדבר. און שווערער ווערט נאָך דאָס לײַדען, און די נשמה ווערט ווי דערשטיקט, געהט אוים נאָך א ביסעל לופט... — דאָס אידישע פאָלק אין דעם גלות־מדבר ווערט אויך אמאָל, ווי דער וואנדערער, פערבלענדעט פון א מיראזש, שמערצליך איז נאכהער די ענטוישונג. דערווייל אָבער אין דער צייט פון פערבלענדענים פערגעסט דאָס פאָלק אין זיין אמת'ן גלות־לעבען און דענקט, אז עס איז מעגליך דעם ים אויף א שטרוי דורכ־צושפרייזען. די גלות־געשיכטע האָט צו פערצייכענען אייניגע אזעלכע פעריאָדען. אזא צייט איז געווען די השכלה־תקופה, דער דור פון מענדעלי מוכר ספרים...

געדוכט האָט זיך די שרייבער פון יענער צייט, דאָס די אידישע לײַדען קענען געהיילט ווערען דורך השכלה און קלייניגקע רעפאָרמען. אין דער ליטעראַטור פון יענער צייט הערט איהר ווינציג דעם ווידער־קול פון דעם הר־חורב, דעם גלות־מאָטיוו וועלכען דער דיכטער הערט הײַנט:

„אז וועה צו די קינדער, וואָס זיינען פערטריבען,
אז וועה צו די לעבענס, וואָס ווערען צוריבען,
און ווערען אין תהום פון שיקזאַל פערטראָגען,
און האָבען צומאָל ניט ווער ס'זאָל זיי בעקלאָגען...“

איהר הערט אָבער פיעל וועגען תקונים אין אמונה און רעפאָרמען פון קינדישע מנהגים, וועגען חמץ אין פסח, כפרות, תשליך א. ז. וו. ברוידעס'עס „הדת והחיים“, דעם פאָעט גאָרדאָן'ס „קוצו של יוד“. דאָס זיינען די גרויסע מאָנומענטען פאַר די קליינע קעמפפען פון יענער עפּאָכע. און פערגעסען האָט יענע צייט אָבער אין דעם עיקר, מכח די ענדערונג פון גלות גופא.

מענדעלי האָט געלעבט אין יענער צייט. אויך ער האָט אין דער אלגע־מיינער בלאָנדזשענים פון זיין דור פערזעהן די הויפּט־סבה פון אידישען אונגליק, און געדוכט האָט זיך איהם דאָס שולדיג זיינען די אידען אליין אין זייער מצב, ווייל זיי זיינען ניט געבילדעט, און האלטען זיך אין נארישע מנהגים.

אין דער ערשטער צייט, ווען ער טרעט ארוים אויף דער אידישער ליטעראַטור־ארענא, אונטערשיידעט ער זיך מיט גאָרניט פון די איבעריגע זיינע צייט־גענאָסען ליטעראַטען. דער אויסגאַנגס־פּונקט פון זיין שרייבען איז דער השכלה־אויסגאַנגס־פּונקט, דיזעלבע בעגריפען, שטרעבונגען און פערלאַנגען.

**אויך ביי איהם אין זיין „האבות והבנים“ (די פאָטערס און קינדער)** ווערען די פאָטערס, די פאַנאַטיקער, געמאָלען מיט די שוואַרצעסטע פאַרבען, אָהן א ברעקעל הארץ, אָהן א פונק נשמה; דאַגעגען די קינדער, די

פֿאַרקעמפּפער פֿון דעם השכּלה־אידעאַל, די צוקינפֿטיגע פּראַקטישע דאָק־טוירים, יוריסטען און פּראַקטיקער בכלל, ווערען פֿאַרגעשטעלט אַלס העלדען, כמעט גאָר מלאכים.

מענדעלי וויל לערנען דאָס פֿאָלק, בילדען און לערנען, דאָס פֿאָלק איז אונגעבילדעט, דערפֿאַר ליידעט עס; וועט עס לערנען, וועט עס געהאָלפֿען ווערען.

צופֿיעל זיינען די שרייבער פֿון יענער צייט בעגייסטערט פֿון דער „ועסנע צייט“, וואָס האָט דאַן געהערשט. גע׳חלומ׳ט האָט זיך זיי די השכּלה בת השמים, וועלכע זאָל עפֿענען די טהיר צום גרויסען רוסישען פֿאָטערלאַנד. געטרוימט האָבען זיי פֿון אריינוואַרפֿען זיך אין דעם אַלגע־מיינעם שטראָם, נור צופֿיעל צוגעבונדען זיינען זיי נאָך געווען צו דער פֿערגאַנגענהייט, צו זייער מיטע, דאָס זיי זאָלען זיך קענען אליין, לאָזענ־דיג דאָס פֿאָלק ווי עס איז, אריינשפּאַציערען אין דעם גן־עדן־התחתון. דאָס האָבען שפּעטער געטהאָן זייערע אייניקלעך, אָהן מניעות און שוועריג־קייטען. זיי, די זיידעס, האָבען אָבער דאָס ניט געקענט, און זיי האָבען זיך גענומען מכין זיין דעם אידישען עולם פֿאַר דעם „טרקלין“...

די הכנה האָט אויך אייגענטליך געמוזט זיין אַ צוויי־זייטיגע, פֿאַר־בערייטען „שני הצדדים“. אויף דעם אופֿן איז ענטשטאַנען די „צוויליזנ־פּובליציסטיקע“. פֿון איין זייט האָט מען גע׳מוסר׳ט די אידישע מאַסען פֿאַר זייער פֿאַנאַטיזם, נאַרישע מנהגים, פֿאַר זייערע שלעכטע פּרנסות, ווי פֿראַצענט און מסחר, פֿון דער אַנדערער זייט האָט מען געשריעבען פֿער־טיידיגונגס־אַרטיקלען אין גוי׳איש פֿאַר די גויים. אין יענע אַרטיקלען האָט מען בעוויעזען, אַז אידען זיינען גאָר ניט אימער געווען אַזוי שלעכט, דאָס צווישען די תנאים איז „יצחק נפּחא“ — געווען אַ שמיעד, און „יוחנן הסנדלר“ — געווען אַ שוסטער, און אַז אין פּרק שטעהט: „אהב את המלאכה“ — האָב ליעב די מלאכה, מען דאַרף נור איצט עפֿענען „שקאָ־לעס“ און בילדען דאָס פֿאָלק.

מענדעלי איז אַ משכּיל, גרויס איז אויף איהם דער איינפֿלוס פֿון יענער צייט, ווי ער רופֿט זי אין זיין אָפֿענעם בריעף צו מנשה מרגליות אין „פּישקע דעם קרומען“ — די „וועסנע צייט“, ווען ער האָט אָנגעהויבען זיין אַרבייט אין דער אידישער ליטעראַטור. מענדעלי איז אָבער געווען אַ גרויסער קינסטלער, און וואָס מעהר ער האָט גענומען מאָלען דאָס אונ־גליקליכע לעבען פֿון דעם אָרימען גלות־פֿאָלק, דעסטאָ מעהר האָט זיך געלאָזט הערען דער גלות־מאָטיוו, דעסטאָ מעהר האָט די טראַגעדיע פֿער־נומען דעם אויבענאָן, דעם „מזרח“, און די רייד מכּח רעפֿאָרמען, און דאָס פֿאַרבערייטען זיך הנאה צו האָבען אין גלות, זיינען שטיל געוואָרען.

אין דעם „קליין מענשעלע“ ווי אין האבות והבנים“ איז נאָך מענדעלי אליין א משכיל, דאָרט פיהרט זיך א קאַמפף געגען אן אברהם תקיף אויף אן השכלה׳שען שטייגער.

אין דער „טאַקסע“, אין דער צייט ווען דער העלד, וועלכער פיהרט דעם קאַמפף מיט די „בעלי־טאַקסעס“ איז געצוואונגען צו פערלאָזען גלופּסק, האָט ער נאָך ניט קיין אנדער ברכה פאַר גלופּסק ווי די, דאָס: „גאָט זאָל געבען אין הארצען פון דער גוטער און פרומער רעגיערונג, אַז זי זאָל אויף דיר (גלופּסק) א בליק טהאָן מיט חסד און רחמנות... זאָל דיר געבען מוטה און נעהמען אונטער איהר שוטץ...“ מענדעלי וואַרט אויף חסד לאומים, דאָס א פרעמדער כח זאָל זיך דאָ אריינמישען, דאָס די גוטע, פרומע רעגיערונג זאָל — „רעפאָרמירען“ אידען.

דערווייל שרייבט אָבער מענדעלי דאָס „ווינש־פינגערל“, דאָס ווערק, וואָס ער האָט שפּעטער אין העברעאיש גערופען מיט דעם מעהר פּאַסיגען נאָמען: „עמק הבכא“, דאָס „יאָמער־טהאָל“. דאָרטען זעהט איהר ווירקליך דעם גאַנצען אידישען יאָמער־טהאָל, דאָס רוב פאָלק טראָגט דאָס קין׳ס־צייכען אויף זיין שטערן, גלות־אידען, אלע זיינען אונגליקליך, און ביי מענדעלי דערוועקט זיך רחמנות, זיין הארץ דערלאַנגט זיך א צאַפּעל.

אין דער „טאַקסע“ זעהט מענדעלי דערווייל בלויז „גלופּסק“, אין „ווינש־פינגערל“ קומט שוין צו די „קהילה קדושה“ קאַבצאַנסק. דערנאָך, ווען מענדעלי לאָזט זיך אריין טיעפער אין „תפוצות ישראל“ בעגעגענט ער אויך די עיר ואם בישראל „טונאַיאַדאָווקע“... אידען ליידען ניט נור פון וועניג קולטור, נור אויך פון קבצנות און ארבייטסלאָזיגקייט, פון בטלה...

אין „ווינש־פינגערל“ האָט מענדעלי שוין צוויי מזל־טוב׳ן אָפּצוגעבען הערשעלע׳ן: „מזל־טוב מיט דער עבודה, מיט דעם יאָך פון עבודת הבורא און אויך מזל־טוב מיט דעם עול דרך ארץ, מיט דעם יאָך פון פינסטערע פּרנסה און פינסטערען לעבען“. הערשעלי איז א געבוירענער קרבן, און וועט ער דורכמאַכען דעם גאַנצען „גלגול־מחילות“, ווי אלע איבעריגע אידען, וועט עס זיין פריהער פאַר אלץ, ווייל ער איז ניט געבוירען געוואָרען אויף גאָט׳ס פרייער ערד אונטער הימלען און זון, נור ערגעץ פערשטופּט אין א העק, אין דעם „יאָמער־טהאָל“.

און ווען ישראליק דער העלד פון דער קליאַטשע „בעקלעהרט די וועלט“, ישראל דער משכיל, דאַן זעהט ער שוין ניט נור די פערשיעדענע „וויסע־חברה׳ניקעס“, ווי „כלי־קודש“, גאָט׳ס שטראַפּטשעס און בעלי־טאַקסעס, וועלכע מאַכען אָפּט שוואַרצע קונצען, מיאוס׳ע שטיק מיט דער אָרימער כנסת־ישראל־קליאַטשע און וועלכע דאָס משכיל׳שע אויג קען

ניט פערזעהן, נאר דאן עפענט זיך פאר זיין אויג דער גאנצער גלות־תהום, אין וועלכען עס צאפלען זיך פיעלע נשמות, און וועלכער איז אָנגעפילט מיט א גסיסה־כארכלעריי פון אידען, וואס ניט זיי לעבען, ניט זיי קענען רוהיג שטארבען.

און דאס מורא׳דיגע בילד פון דעם אידישען לעבען דערזעהט ער, ישראליק, גראד — אין א פריהמארגען אין וואלד, ווען דער גרינער וואלד איז אויסגעפוצט יום־טוב׳דיג, און עס שפּיעלט דער בעריהמטער כלי־זמר, דער סאלאוויי, און די גאנצע קאפעליע פון פויגעלעך האלטען אונטער, דאן פערשווינדעט דער פאלשער משכיל׳שער ראציאנאליזם, און עס וועקט זיך אין איהם אויף דער קינסטלער מיט דער גרויסער נשמה.

שעהן, ערהאבען שעהן איז די נאטור ווען זי כאפּט זיך אויף פון שלאף, אין דעם פריהמארגען, שעהן איז דער וואלד, יעדעס פויגעלע זאנגט שירה, און דער גאנצער וואלד אָטהעמט מיט ברכה און גליקזעליגקייט, אין דער זעלבער צייט פּראוועט א פריהמארגען אויך די אידישע גאס.

און עס שטעלט זיך פאר פאר ישראליק׳ען דער פריהמארגען אין זיין גאנצער גרויזאמקייט: „אידען שטעהען אויף און קרעכצען, ווייסען ניט וואס מען טהוט, וואס מען הויבט אָן, פון וואנען מען זאל זיך דערנעהרען? זייערע פנים׳ער זיינען בלייך, דער שטערען פול מיט קנייטשען, די אויגען ווארפען זיך אין אלע זייטען, גלייך ווי זיי זוכען אָן עפּעס זיך אָנצוכאפּען, אָן וואס זיך אָנצושפּארען, די כוואליעס פון טאג זאלען זיי ניט פערטרינקען... זיי זיפצען און קרעכצען און קנייטשען דעם שטערען...“ און ביי ישראליק׳ען פּלאצט א סטרונע אין הארצען, און זיין אויג ווערט פערטרערט.

דעם משכיל־קינסטלער איז אָבער נאך געווען בעשערט דורכצולעבען די „ימי־הרעש“, ווען אידישע בלוט האט פערשווענקט יענע זיסע האפנונגען פון דער „וועסנע־צייט“. דאס איז געווען א טוידט־קלאפּ פאר זיין השכלה־אידעאל, און ער האט פאר א צייט גאר אויפגעהערט שרייבען.

יענע שעהנע „וועסנע־צייט“ — בעקלאָגט זיך מענדעלי אין יענעם דערמאָנטען בריעף צו מנשה מרגליות — איז אוועק, אז אך און וועה איז דעם אידענ׳ס לעבען, און מיר איז פאר צרות פערגאנגען דער חשק צו שרייבען, עס האט מיר א צייט לאנג אָבגענומען דאס לשון.

און ווען ער האט זיך ווייטער גענומען שרייבען, איז ער שוין געווען דורכגעדרונגען פון דער טיעפקייט פון די אידישע ליידען, וועלכע האבען צו זיך ניט קיין משל.

מענדעלי זארגט זיך ווינציג, וואס די שכינה איז אין גלות, איהם אינטערעסירט מעהר די „אידען־נויט“, ווי די צרת־יהדות, ווייל ער ווייס

אינסטינקטיוו, אַלס קינסטלער־רעאַליסט, דאָס די „צרת־היחדות“ איז אַ פּועל־יוצא פון דער „אידענ־נוים“.

און ווען מענדעלי, נאָך זיין לאַנגען שווייגען ברענגט דער אידישער וועלט אַ מתנה, ברענגט ער איהר זיין „פישקע דער קרומער“, דעם אידי־שען דלות קאָנצענטרירט — ען־מאַסע — און דאָס האַרץ דריקט זיך צוזאַמען פון גרויס צער.

דאָס אידישע פאָלק איז אַ בעטלער־פאָלק, און ווי מענדעלי איז זיך אַליין מתודה, חלום'ען זיך איהם נור בעטלער.

„פאַר מיינע אויגען — דערצעהלט ער — שוועבט תמיד אַ טאָרבע. די אַלטע גרויסע אידישע טאָרבע העננט מיר תמיד ווי יענעם מרה־שחורה'ניק, אַ לונג־און־לעבער אויף דער נאָז. וואוהין איך זאָל מיך ניט קעהרען און ווענדען, זעה איך פאַר מיר די טאָרבע, וואָס איך זאָל ניט וועלען דערצעהלען אָדער זאָגען — קומט מיר אַפיר די טאָרבע.“

מענדעלי פערנעהמט זיך מעהר מיט דעם שילדערען פון דער אידי־שער מאַסע, מיט דעם דורכשניטס־מענש, און ער שלאָגט זיך אָן דאָריבער צו אַלער ערשט אין דעם משונה'דיגען אידישען דלות, וועלכער שטאַמט פון דער לאַנגער סאָציאַלער אונטערדריקונג. און די טאָרבע פערכאַפּט זיין אויפמערקזאַמקייט, מענדעלי מאַלט וויינציג דעם נייעם דור און נאָך וועניגער די היינטיגע אידישע אינטעליגענץ, וועלכע ווערט דערשטיקט צווישען דעם זאַמד און שטיינער פון די גלות־ווענד, און ביי וועלכער דאָס האַרץ געהט אויס פון בענקענים נאָך דעם פרייען לעבען פון יענער זייט גאַס, און וועלכע בלייבט אַ מיעדע, אַ דערשלאָגענע אין דעם אידישען תחום, — דאָס צו שילדערען האָט ער איבערגעלאָזען פאַר אַנדערע.

אין „בימים־ההם“ — דערצעהלט אונז דער מאַלער פון דעם עבר, — אז אין איהם געהט אייגענטליך פאַר אַ קאַמפף צו וואָס ער זאָל געבען די בכורה, פאַר וואָס ער זאָל ווידמען זיין פעדער, דער פערגאַנ־גענהייט אָדער דער געגענוואַרט. „שוין פון לאַנג — בעקלאָגט ער זיך — דאָס מיין פּען געפינט זיך צווישען צוויי געגענגעזעצטע געדאַנקען, ווי יענער ארון פון מחמד, וועלכער העננט לויט דער אגדה צווישען צוויי מאַגנעטען“, די יוגענד זעהט איהם אָבער אויס צו פאַלירט, מיינט ניט וואָס זי זאָגט, און זאָגט ניט וואָס זי מיינט, און ער בלייבט מיט דער פערגאַנגענהייט.

אין דעם מאָלען פון דער פערגאַנגענהייט איז ער דאָפיר דער גרעס־טער קינסטלער, און ווען ער שילדערט אונז ניט קיין טיפּען, מאָלט ער דאָפיר אונז דעם גאַנצען גלות פון דער פערגאַנגענהייט און גנזאַמטהייט, אָט די טאָרבע, וועלכע שוועבט פאַר זיינע אויגען.

מיט דער אידישער טאַרבע געהט נאַטירליכער ווייזע אויך מיט דער אידישער וואַנדער־שטאָק. מענדעלי איז אָבער נור דער מייסטער פון דער טאַרבע. דער אידישער וואַנדער־שטאָק האָט אפילו שוין געבוירען זיין קינסטלער פון לייוועגט און פּארבען. הירשענבערג'ס: „גלות“ איז דאָס שרעקליכע בילד פון דער אידישער וואַנדערונג אין פארבען, עס איז אָבער נאָך ניט געבוירען געוואָרען דער קינסטלער־ערצעהלער פון דער אידישער וואַנדערונג.

עס זיינען דאָ און דאָרט שוין געמאַכט געוואָרען אין דער ליטעראַטור פערזוכען צו בעמאָלען די אידישע נדודים, מענדעלי האָט דאָס אויך פער־זוכט, דערוויילע זיינען דאָס נור פערזוכען.

די אידישע וואַנדערונג וואַרט אויף איהר קינסטלער.

---

(לכבוד מענדעלי מוכר ספרים'ס 70־יעהריגען יובילעאום.)

עס איז איצט א יום־טוב פיר דער העברעאישער ליטעראַטור ווי פיר דער אידישער. אין דעם מאָנאַט, מיט 70 יאָהר צוריק, איז געבאָרען געוואָ־רען דער רעפאָרמאַטאָר פון דער ערשטער און דער שאַפער פון דער לעצ־טער, שלום יעקב אבראַמאָוויטש, בעקאַנט מיט זיין פסעוודאָנים: „מענ־דעלי מוכר ספרים“.

ניט קיין אָבשעצונג פון זיין ליטעראַרישען ווערטה וועלען מיר דאָ געבען. אויף דעם איז צייט יעדער טאָג אין יאָהר. איצט יום־טוב'ט די אידישע וועלט זיין יובילעאום, און אין דעם אַרטיקעל ווילען מיר אַרויס־העבען בלויז איין פונקט: זיין ווירקונג אויף דער גרויסער אויפלעבונגס תקופה, וואָס נור צוליעב איהר בעקומען די ליטעראַטורען אונזערע זייער גרויסען ווערטה פיר אונז.

* * *

מענדעלע האָט דורכגעלעבט צוויי תקופות, דעם בין־השמשות פון איינער און דעם זונען־אויפגאַנג פון דער אַנדערער.

אָנגעהויבען האָט ער זיין שריפטשטעלערישער קאַריערע אין דער צייט פון דער השכלה. די השכלה וואָס האָט אין איהר תמצית געמיינט פיעל בעוואונדערונג פיר דער גוי־אישער וועלט און ניט מעהר ווי פער־אכטונג פיר דער אַלט־אידישער וועלט.

דער משכיל פון פערגאַנגענעם דור האָט בעמערקט די אָבגעשטאַ־נענקייט פון דעם אידישען המון אין זין פון ציוויליזאַציע, און ער האָט, ניט רעכענענדיג זיך מיט די אומשטענדען, וואָס זיינען געוועזן פעראַנט־

וואָרטליך פיר דעם, ארויסגעטראָגנען זיין בייזען אורטייל אויף אַ גאַנץ פאָלק.

דער משכיל האָט מיט גרויסער לייכטזיניגקייט זיך אָבגעריסען פון דער טראַדיציע, פון איבערלעבונגען, און האָט דערביי ניט געפיהלט קיין עגמת נפש, קיין בענקעניש. דאָס יודענטום איז פיר איהם געווען ניט מעהר ווי אַ הויקער, אַ שווערע לאַסט, ווי היינע האָט געזאָגט, אַן אונ־גליק, — און דערצו גאָר ניט קיין שעהנער אונגליק, — פון וועלכען מען דאַרף זיך בעמיהען איינגאַנצען און וואָס גיכער פטור צו ווערען. ווען דער משכיל האָט בעטראַכט די אידישע גאַס, האָט ער מעהר ניט געזעהן ווי בלאָטע, קויט, נאַרישע מנהגים, תקיפים־ממשלה, אונאָרדנונג, פינסטער־ניש און עמי־הארצות. להיפך דערצו האָט איהם די אויסענוועלט אויס־געזעהן שעהן און גראַנדיעז, פול מיט טאַקט, מאַניערען, פאָלקאָמענהייט און ליכט. די „מורדי־אור" האָט ער געפונען נור צווישען אידען.

עס איז היינט איבעריג זיך צו פערשפּרייטען ,וואָס פיר אַ בעגרע־נעצטען בליק יענע משכילים האָבען פערמאָגט. עס האָט נאָך דאַן אין גאַנצען געפעהלט דער בעגריף מכח קולטור. מען האָט נאָך ניט געוואוסט דעם טיעפען אונטערשיעד פון קולטור ביז ציוויליזאַציע. יענע משכילים האָבען ניט געוואוסט, אַז אין דער גהעטאָ, צווישען די גהעטאָ אידען לעבט און געדייהעט אַן אַלטע קולטור, אַז דער איד וואָס האָט געלערענט כל־ימיו די אַלטע אידישע ספרים און האָט געשטאַמט פון דער גאָלדענער קייט, איז באמת געווען אַ גרויסער קולטור־מענש. דעם אידען האָט אפשר געפעהלט דער מאָדערנער גלאַנץ, דער אויסערליכער פּוץ, אָבער ניט קיין קולטורעלע טיעפקייט, קולטורעלע גרויסקייט, קולטורעלע ווערטען. וואָרום איינענטליך האָט דאָס אַלעס געשטעקט אין אידישען בלוט, און אפילו אויף דעם פּנים פון דעם רוב אידען זיינען געווען צו בעמערקען שפּורען פון אצילות, פון נאָבעלקייט, דעם שטעמפּעל פון קולטור און אריסטאָקראַטיע.

פון דער אנדערער זייט, ווען זיי האָבען גערעדט פון דער אויסענ־וועלט, האָבען זיי ניט געזעהן די אויסענוועלט ווי זי איז אין דער ווירק־ליכקייט, מיט איהר ליכט, אָבער מיט איהר ניט ווייניג שאָטען, נור האָבען פיר זיך אויפגעצויבערט אַן אידעאַליסטישע וועלט, איבער וועלכע עס האָט געשוועבט אַן אָריאָל, אַלץ לויט ווי זיי האָבען וועגען איהר געלייענט אין ביכער.

דזשאָרדזש עליאָט, וואָס האָט זיך ערצויגען אין דאָרף, האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אויך דער דאָרפס־מענש, דער בויער האָט פעהלערען אין זיין כאַראַקטער, וועלכע זיינען עהנליך צו די פעהלערען פון שטאָדט־

מענש. אויך דער בויער האָט ליעב צו גנב'ענען, נור ער גנב'עט אַ בינטעל שטרוי, אַ נאָדעל און אַנדערע קליינינקייטען. אָבער ער גנב'עט.

דער אידישער משכיל האָט אָבער געקוקט אויף דעם בויער ווי אויף אַ הייליגען מענשען, אַ כהן אין גאָט'ס קדשי־קדשים, מחמת אַזוי איז ער דעמאָלט אין דער ליטעראַטור געשילדערט געוואָרען. אין אמת'ן איז אין דער אויסענוועלט פון משכיל, אין דער ערשטער צייט, גאָר ניט דער בויער געווען די הויפּט־פיגור, נור דער אינטעליגענט, דער מחבר פון ספרים, פיר וועמען דער משכיל האָט געהאַט אונגעהייערען רעספּעקט און האָט אין זיין מחשבה פיר איהם ממש געקניעט. דער אידישער משכיל איז געבליבען דער זעלבער באַנק־קוועטשער, ניט מעהר דאָס ספר האָט זיך געביטען.

דער משכיל האָט זיך, אַלזאָ, דאָ בעוואויגען אין צוויי וועלטען, איינע אַ רעאַלע, וועלכע ער האָט אונטערשעצט צוליעב וועניג פערשטעהן, צו־ליעב קטנות־דמוחין און אַן אַנדערע, אַ פאַנטאַסטישע, מיט וועלכער ער איז אין דער ווירקליכקייט ניט געווען בעקאַנט. אין זיין אייגענער וועלט האָט ער זיך ניט געפּרובירט פערטיעפען, נאָר ער האָט בלויז מיט דעם נאָגעל אויף דער אויבערפלעכע אַ קראַץ געטהאָן, און אין דער פרעמדער וועלט איז ער, אין אמת'ן ווייט ניט אַוועקגעגאַנגען, ער איז געבליבען ביים ביכעל.

עס האָט, אַלזאָ, אויך דער אידישער משכיל ניט געקענט זיך בע־פרייען פון דעם שיקזאַל פון אַלע אידען. ווי דער איד פון דער אַלטער וועלט האָט אויך ער אין צוויי וועלטען געלעבט. ניט מעהר, דער אַלט־מאָדישער איד, ווען ער האָט פעראַכטעט דאָס גלות־לעבען און האָט במחשבה געלעבט אין דער שעהנער צוקונפט, וועלכע ער האָט געמאָלען לויט דעם שניט פון דער גראַנדיאָזער פערגאַנגענהייט, האָט ער צו זיין פאָלק גרויס רעספּעקט געהאַט. ער האָט געהאַט דאָס בעוואוסטזיין, אָדער סתם אַ דונקעלע עמפּפינדונג, אַז זיין פאָלק איז בבחינת אַ פער'כשופ'־טער פּרינץ, און מיט כל ישראל האָט ער בלויז געוואַרט אויף דעם גרויסען מאָמענט, ווען דער כשוף וועט צורינען, בשעת דער משכיל, פעראַכ־טענדיג דאָס גלות־לעבען, האָט ער אויך פעראַכטעט זיין פאָלק. דאָס טרויעריגע אידישע לעבען איז פאַר איהם ניט געווען קיין טראַגעדיע, אַ גאָט'ס קללה, אַ בייזער שפּיעל פון אַן אונ'ברחמנות'דיגען שיקזאַל, נאָר אַ פועל־יוצא פון פוילקייט און אונוויסענהייט.

דער משכיל איז געווען אַ קינד פון זיין דור, דער דור פון גראָבען רעאַליזם, ביי וועלכען דער הויפּט־מאַסשטאַב איז געווען די ניצליכקייט, דער דור, וואָס האָט רעוואָלטירט נעגען דעם ראָמאַנטיזם, נעגען דעם שעהנהייט לשם שעהנהייט־קולט. דער משכיל מיט דעם חוש פון פּראַק־

טישקייט, וואָס איז איינגען דעם אידישען פאָלק בכלל, איז געוואָרען אַ גרויסער אָנהענגער פון דעם מגושם'דיגען רעאַליזם. נאָר מיט דעם אונ־טערשיעד, וואָס בשעת ביי דעם אידישען פאָלק איז די פּראַקטישקייט בלויז אַ מעטהאָדע, דער ציעל איז אָבער אַ אידעע, איז ביים משכיל די פּראַקטישקייט אויך געוואָרען דער ציעל.

אויף אַזוי ווייט איז דער משכיל געווען אַ נעגאַטיווער טיפּ אין דעם אידישען פאָלק. עס איז געווען די פיר דער נאָז שטעהענדע פּראַקטישקייט, וואָס האָט זיך פיר זיינע אויגען ווי אַ וואַנד אויפגעהויבען און פער־שטעלט די שעהנקייט, די גרויסקייט פון אַ פיער־טויזענד־יעהריגער קול־טור, וואָס ווען אפילו אמת, אַז זי האָט געהאַט אין זיך שפּורען פון דעגע־נעראַציע, האָט זי דאָך נאָך מעהר אַנשפּרוך געהאַט אויף דרך ארץ און בעוואונדערונג. דער פּראַקטישער משכיל איז אָבער פון דער סאָרט שטי־מונג געווען ווייט.

דאָך האָט דער משכיל אריינגעטראָגען זיין הגהה אין דעם אידישען לעבען. די הגהה איז בעשטאַנען ניט אין דער פעראַכטונג צום גלות, וואָס ער האָט בעטאָנט. די האָט עקזיסטירט פאַר איהם, און די פעראַכטונג איז געווען אַ פיעל טיעפערע, ווייל ניט נור אין די ניט שעהנע אויסערע פאַר־מען האָט זי איהרע פער'סמ'טע פיילען געציעלט, נור אין דעם סאַמע תוך פון גלות. דער איד האָט געוואוסט, אַז ניט נור איז ער אין גלות, נור אויך זיין „שכינה", זיינע שעפּפערישע קרעפטען, זיין נשמה. דער קאָרעקטיוו, וואָס דער משכיל האָט אין דעם אידישען לעבען אריינגעטראָגען, איז בע־שטאַנען אין זיין גלויבען אין דעם כח פון יחיד צו ענדערען די וועלט. אין דעם כח האָט דער משכיל געגלויבט אונבעגרענעצט. עס איז מחמת דעם גלויבען, וואָס ער האָט אויף דעם באַנק פון די שולדיגע אַוועקגעזעצט זיין פאָלק און ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט דער סביבה און אומ־שטענדען; דעם גלויבען וואָס האָט געשטאַמט פון דער בעגרענעצטקייט פון וויסען מכח דער אמת'ער ראָלע פון יחיד אין דעם לעבען פון דער געזעלשאַפט, אַ טעות אין וועלכען דער גאַנצער דור איז געווען געכאַפּט.

ווי די מעשה איז, דער דאָזיגער טעות איז אָבער געווען אַ פּרוכט־באַרער טעות. דער אונבעגרענצטער גלויבען אין די אייגענע כחות פון יחיד, וואָס דער משכיל האָט געפּרעדיגט איז געווען אַ נויטיגע רעאַקציע אין דעם לעבען פון פאָלק, וואָס האָט געוואַרט אויף אַן ענדערונג, נור וועלכע האָט געדאַרפט געשעהן ניט ד ו ר ך איהם, אָדער, לכל הפחות, מיט זיין הילף, נור א ר ו ם איהם.

און נאָך עפּעס. ווי מיר האָבען שוין אויבען בעמערקט, האָט דער משכיל אליין בעשאַפען זיין אויסענוועלט, וואָס איז ניט געווען עהנליך

צו דערווירקליכער אויסענוועלט. די אויסענוועלט פון משכיל איז באמת געווען זעהר עהנליך צום צוקונפטס־בילד, וועגען וועלכען עס האט געשווע־רעמט דער אלטמאדישער איד, צו אלער ערשט שוין דאמיט, וואס זיי זיינען ביידע געווען קינדער פון דער פאנטאזיע. ווען דער משכיל האט דעם אידען גערופען נאכקומען דער אויסענוועלט, האט ער איהם, אין אמת'ן, ניט גערופען צו אסימילאציע. ווען ער האט עס אפילו געמיינט, נור צו אן אויסענוועלט, א פאנטאסטישע, וואס ער האט אליין פון זיך געשאפען, אן אויסענוועלט מיט זיעבען זונען און נים קיין שפּרענקעלע שאטען. דער משכיל וואס האט, אלזא, גערופען דעם אידען איבערבויען זיין אלטע וועלט אויף א נייער, האט ער פון איהם אלענפאלס פערלאנגט צו שאפען אן אייגענע וועלט נאך אייגענע מוסטערן.

עס איז אין יענער עפּאכע, ווען שלום יעקב אבראמאוויטש האט ארויסגעטראטען אויף דער ליטעראַרישער ביהנע. אין דער ערשטער צייט האט ער דער השכלה תקופה געצאהלט מס. דער דור איז גורם. ער האט אבער צו־ליעב געהאט דאס אידישע פאלק, אז ער זאל קענען אין דער שנאה צום אייגען בלוט און פלייש, וואס די השכלה האט אין איהר שלעפּ מיטגעבראכט, זיך בעטיילינגען. ער איז געווען צו־פיעל קינסטלער, ניט איינצוזעהן די שעהנקייט, וואס האט דורכגעבליקט דורך דער מיאוס'קייט, ער האט, אמת, געזעהן דעם תהו־ובהו פון אידישען לעבען, ער האט אבער אויך געזעהן גאט'ס גייסט, וואס ליעגט אויף דעם תהום, ווען ער שוועבט ניט פון אויבען־אויף. ער האט דערזעהן די טראגעדיע פון אידישען פאלק:

א טראגעדיע ווערט צווישען דעם האמער און קאוואדלע געבוירען, אין א לייטערונגס טיגעל געגליהט. א טראגעדיע איז דער פועל יוצא פון דעם מענשענ'ס אדער פאלק'ס קאמפף מיט די געטער, מיט דעם שיקזאל אדער מיט דער אייגענער נאטור. און מענדעלי וואס האט איינגעזעהן די אידישע טראגעדיע, האט אויך ניט פערזעהן דעם קאמפף וואס דאס פאלק פיהרט מיט די אשמדאי'ס פיר זיין אייגענ־גייסט, כאטש דער קאמפף האט זיך אויסגעדריקט אין דער פארמע פון עקשנות'דיגען ווידערשטאנד, און דארט וואו קאמפף דארט איז אויך אינדיווידואליטעט, גייסטיגע ענערגיע; דארט איז לעבען און האפנונג; און מענדעלי האט א קרעכץ פיר דער טראגעדיע און גרויס דרך־ארץ פאר דער אומה'ס הארטנעקיגקייט.

שלום יעקב אבראמאוויטש, אזוי שנעל ווי ער ווערט מענדעלי מוכר ספרים, וואס לאזט זיך ארויין מיט זיין וואגען טיעף אין דער אידישער גאס, בעמערקט, דערפיהלט, אהנט, אז אונטער דעם אייז־דעק אויף דעם אידישען לעבען מורמעלט א טייכעל, אז אין דעם ניט־בעפּוצטען אידישען גוף צאפּעלט זיך א גרויסע מענשליכע נשמה.

און דאָן קלינגט אויס אין דער אידישער גאַס אַ נייער מאָטיוו.

מענדעלי מוכר ספרים נעהמט ניט קיין פּאָזיטיווע שטעלונג צום גלות, ווי פיעלע מיינען. ער קען דאָס ניט טהאָן, ווייל דאָס טהוט קיין אמת'ער איד ניט, און מענדעלי איז אַ איד מיט אלע אָבשניצלעך.

מענדעלי איז נור פּאָזיטיוו בנוגע צו אידען, צום אידישען פאָלק, אויך צום פאָלק וואָס האָט געלעבט און לעבט אין גלות, און האָט דאָס פאָלק געלעבט אין גלות, אָפּט געלימען און אמאָל אויך געפרעהט זיך, ווי די צייט האָט מיטגעבראַכט, האָט עס דאָך זיינע ליידען און פריידען געגעבען אויסדרוק אין געוויסע שעפּפונגען. מיט דער גאַנצער פּראַכטונג צום גלות ווערט עס דאָך אונזער חוב צוצולעגען נאָהענט דעם אויער צו יענע קאָמפּאָזיציעס און אויפקלויבען, איינזויגען זייערע מענשליכע, אייביגע, נאַטירליכע און שעפּפערישע טענער.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז ביז מענדעלע'ן האָבען די משכילים זיך ניט בענוצט מיט די גרויסע אוצרות פון תלמוד און אגדות וועןְ מען האָט געשריעבען העברעאיש. מענדעלע מאַכט אויך אין דעם פונקט אַ שנוי. ניט דערפאַר, ווייל מענדעלע נעהמט אַ מעהר פּאָזיטיווע שטעלונג צום טרוקענעם פּלפּול און סכאָלאַסטישע דריידלעך; אין דעם פונקט שטימט ער איין מיט די משכילים. פון דעם פּלפּול קלינגט איהם אָבער ארויס אַ שעפּפערישער טאָן. אין זיין פּלפּול'ען זיך האָט דאָס פאָלק אויך, אגב, זיין שפּראַך איבערגעשאַפען, אויסגעברייטערט, בעררייכערט, אונבעוואוסט פאַר זיך אליין. און דעם רייכטהום דאַרף מען ניט מבזבז זיין.

מענדעלע ווערט אויף אַזאַ אופן דער רעפאָרמאַטאָר פון דער העב־רעאישער שפּראַך. עס זיינען געקומען אַנדערע נאָך איהם און האָבען די ארבייט פערברייטערט, בעפעסטיגט; ער איז אָבער געווען דער ער־שטער, וואָס האָט די פּראָזאַ געשאַפען. ער האָט געוויזען די מעגליכ־קייט ווי אַזוי אויסצודריקען די אַלע שאַטירונגען, די אַלע „ניואַנסען" פון אַ שלאָגענדען לעבען אין דער דעמאָלדיגער האלב־טויטער שפּראַך. ווי בעקאַנט, האָט אויך מענדעלע נייע אויסדריקען געשאַפען. ער איז אייך געווען אַ מחדש. אין זיין שפּראַך האָט צום ערשטען מאָל די עכאָ פון אלע דורות אָפּגעקלונגען, האָט זיך די קייט געצויגען ביז צו דעם לעצטען טאָג, איינגעשלאָסען דעם נייעסטען אויסדרוק, וואָס איז געשאַפען גע־וואָרען אין די געגענדען פון וואָהלין און פּאָדאָליע אויף דעם פעלד פון חסידות, בשעת דער אַנהויב פון דער קייט האָט זיך פערלאָרען אין דער גרויער צייט פון דער פאָלקס־יצירה.

די שפּראַך איז אָבער בלויז אַן אויסערליכער סימן. זיין נייער בליק

אויף דעם לעבען האָט זיך אָבער נאָך מעהר אַרויסגעוויזען אין דעם אינ־האַלט. אין מענדעלע׳ס שריפטען הערט זיך די בקשה: „אַך את נפשו שמור“. די אומגעבונג קענט איהר איבערמאַכען, זאָלט איהר, מוזט איהר איבערמאַכען, לאָזט אָבער צו־רוה די אידישע נשמה, זי זאָל איהר בע־וואהרען; דער אידישער נשמה פעהלט גאָר ניט.

פון דער השכלה ברענגט מענדעלע מיט זיך מיט זיין גלויבען אין דעם כח פון יחיד און עפּעס פון דעם געפיהל פון פּראַקטישקייט.

דער גלויבען אין אייגענע קרעפטען איז געווען אַ נויטיגער פאַר־בעדינג פאַר דעם ענטשטעהן פון דעם ציוניזם. דערצו איז אָבער נאָך געווען נויטיג די איבערצייגונג, אז צו די קרעפטען דאַרף נאָך זיין אַ באָדען, וואו די קרעפטען צו פערוועגדען, אז בויען אויף זאמד, אויף דעם ברעג פון ים, איז אין בעסטען פאַל ניט קיין דאנקבאַרע און ניט זעהר פרוכטבאַרע אַרבייט, ווי נויטיג זי זאָל אונטער געוויסע אומשטענדען ניט זיין. די משכילים האָבען עס דאַן ניט פערשטאַנען; די נויטיגקייט צו ענדערען דעם צענטער האָבען זיי ניט איינגעזעהן. זיי האָבען אויך ניט געזעהן דאָס שלעכטע אויג פון די שכנים. מענדעלע האָט דאָס באַלד איינגעזעהן. ער האָט געזעהן די פרעמדע האַנד, וואָס דריקט אויף דעם אידישען לעבען, כאָטש, וואָס אמת איז, עס הערט זיך אויך ניט אין זיינע שריפטען די שטרעבונג נאָך ענדערען דעם צענטער.

מחמת דעם, וואָס מענדעלע איז אין אַ געוויסען זין אויך דיכטער, האָט ער דעם געפיהל פון פּראַקטישקייט, די שוואַכקייט, וואָס ער האָט גע׳ירשנ׳ט פון דער השכלה, פערוואַנדעלט אין אַ זין פאַר ווירקליכקייט, וואָס דאָס איז אַ מעלה. דאָך געלינגט עס איהם ניט תמיד און דער נאָכטאָן פון יענעם פּראַקטישען געפיהל לאָזט זיך הערען.

מענדעלע הויבט אויך אָן שרייבען אידיש און הויבט אויף אידיש צו דער מדרגה פון אַ שפּראַך. און דאָס געשעהט אויך צוליעב דער ליעבע פאַר זיין פאָלק. ניט מענדעלע גלויבט, אז אידיש איז אייביג, ניט איז איהם די פראַגע אינטערעסאַנט. ער האָט ליעב דאָס פאָלק, און דאָס פאָלק רעדט דערוויל אידיש. אידיש איז אַ גלות־שפּראַך, דאָס איז בלי ספק, און פרץ האָט רעכט מיט זיין שווערען משפּט. דאָך, ווען דאָס פאָלק האָט יאָהרהונדערטע גערעדט אידיש, איז לא יפלט, ער זאָל ניט האָבען אין דעם אריינגעטראָגען אַ אידישען טהייל פון זיין נשמה, פון זיין אינדיווידואַליטעט. און ווען דאָס פאָלק האָט מיט זיינע טרעהרען דאָס א י ד י ש דורכגעווייקט, האָבען אויף דעם בלומען געשפּראָצט, קאָליר־בלאַסע בלומען, אָבער בלומען; ניט פיעל, אָבער דאָך אידישע

בלומען. מענדעלע קלייבט בלום צו בלום און פלעכט דעם אידישען לעזער א בוקעט.

מענדעלע האָט אָבער א זין פאר דער ווירקליכקייט, און ער זעצט איבער זיינע שריפטען אין העברעאיש. ער איז שוין מקים דעם „והעליתם את עצמותי מזה“.

* * *

גרויס איז געווען דער איינפלוס פון מענדעלע אויף זיין תקופה. צו אַלער ערשט האָט ער געשאַפען א שולע בנוגע דער שפּראַך, בנוגעביידע שפּראַכען.

נאָר נאָך מעהר איז זיין איינפלוס מערקבאַר אין אינהאַלט. מיט איהם הויבט זיך אָן אַן אַנדער בעציהונג צו דער אָבשטאַרבענדער אַלטער אידישער וועלט. עס הויבט זיך אָן א בענקעניש נאָך יענעם סדר, וואָס האָט געשיצט דאָס פאָלק פאַר אַזוי פיעל דורות, נאָך יענע קאַסטענס ספרים, נאָך דעם בית המדרש מיט זיין גרויסען צויבער־כח.

פייערבערג און ביאַליק זיינען אין דעם זין זיינע נאָכפאָלגער, ווען זיי זיינען איהם אויף פיעל איבערגעגאַנגען.

און נאָך מעהר, ער האָט אין אונז די ליעבע צום פאָלק אויפגעוועקט.

מענדעלע האָט נאָכדעם מיט זיינע אויגען געזעהן דאָס אויפפלאַקערען פון דער נייער תקופה, די תקופה פון די גרויסע האָפנונגען, שעהנע רייד און גאָלדענע חלומות.

די תקופה איז אָבער אין גרונד גענומען דער פּועל־יוצא פון ליעבע און אכטונג צום אייגענעם פאָלק.

און אין דעם אַרויסרופען ליעבע צום פאָלק האָט ער זעהר א גרויסען חלק.



# שלום עליכם

פינף־און־צוואנציג יאָהר זיינען פאַראיבער זייט דער תמיד פרעה־ליכער און תמיד שטיפערישער און דאָך אין הארצען פערוואונדעטער הומאָריסט, שלום עליכם, איז אַרויסגעטרעטען אויף דער אידיש ליטעראַ־רישער ארענא.

פינף־און־צוואנציג יאָהר האָט ער געלאַכט, און דער עולם האָט זיך געהאלטען ביי די זייטען. ווען ער האָט געלאַכט האָט זיך קיינער ניט געקענט בעהערשען, זיין געלעכטער איז געווען אנשטעקענד, און ער האָט קיינמאָל ניט געלאַכט ביחידות, מיט איהם האָט מיטגעלאַכט כל ישראל „הכל בכל מכל פלעקעל“, ווי זיין טוביה דער מילכיגער וואָלט זיך אויס־געדרוקט.

צוליעב איהם האָט דעם אידען'ס תמיד פערזאָרגטע אנגעוועהטאָנטע געראונצעלטע געזיכט אָנגענומען א פרעהליכען אויסדרוק, די אידישע טיעפע, מיט עצבות פולע אויגען, האָבען געגעבען פרעהליך א פונק, א בליץ, און דערמאָהנט אָן דעם פייערליכען שיין פון ליכט אָנגעצונדען לכבוד יום־טוב....

טרויעריג איז דאָס אידישע גלות־לעבען, ניט איין שטראהל ליכט בעלייכט די גהעטא. די אטמאָספערע איז ענג־שטיקענד, דער הימעל הענגט געוועהנליך א בלייענער איבער דעם קאָפּ און נאָר אין א צייט פון אידישע הריגות, ווען אידישע נפשות סמאָלען זיך אויף דעם שייטער־הויפען, נעהמט ער אָן א רויטען אָפּגלאַנץ, א בלוטיגע פארב, א דם־ואש־ותמרת־עשן־שיין.

און די אידישע גייסטער האָבען תמיד נאָר בעוויינט דעם חורבן, דעם פאָלקס־שמערץ, האָבען געקלאָגט און געקרעכצט, האָבען געבעטען נאָט אין הימעל ער זאָל רעטען פון גרויס געפאהר און האָבען מחבר געווען קינות און סליחות, מיט טרעהרען דורכגעווייקטע פיוטים און פינסטערע פערצווייפעלטע איכות.

פון דור צו דור האָט געוואקסען דער נאַציאָנאַלער יללה־אוצר, אין דעם לעגענדאַרען טרעהרען־בעכער, וועלכער האָט ניט קיין דעק, האָבען טרעהרען פון דור צו דור זיך געזאַמעלט, די כוואַליעס זענען הויך געשטיגען און האָבען געברויזט...

וואָס גרעסער דער פּאָעט איז געווען, אַלץ שטאַרקער האָט ער גע־וויינט, אַלץ טיפער איז געווען זיין צער, מיט וועלכע זיינע שפּפּונגען האָבען געאָטהעמט, און ווי גיפטיגע שלאַנגען האָבען זייערע ווערטער זיך אריינגעזויגען אין זייער אייגענעם בלוט און עס פער׳סמ׳ט.

און אמאָל, ווען דער שמערץ איז צוגעטראָטען צום הארצען, ווען די שונאים פון ארום האָבען ניט נאָר הארצלאָז געטראָטען דעם אידישען כבוד, נאָר האָבען אויך ציניש געלאכט פון דער אידישער הילפלאָזיגקייט, דאן פלעגט דער אידישער פּאָעט מיט פערקריצטע ציין שעלטען, און אין דעם פלוך אויסהויכען זיין גאנצען אונטערדריקטען צאָרן. און אידען זיי־נען געוואָרען בעריהמטע שעלטער.....

אידען האָבען געוויינט און געשאָלטען; אידען האָבען פיעל געהאָל־פען שאפען די בייזע סאַטירע, די ביטערע איראָניע.

אמאָל האָט דער איד ליעב געהאט צו זאָגען דעם אמת, אָפען און אונערשראָקען. די נביאים האָבען מיט ווערטער ווי שפּיזען, ווי שארפע שווערדען, מיט דעם בלויזען קלינג פון אמת, געשניטען רעכטס און לינקס און זיך ניט געקימערט.

וואָס אויפ׳ן לונג איז געווען אויפ׳ן צונג. כה אמר ה׳ — אזוי זאָגט גאָט, קיינע פערדרעהעניסען.

יעצט איז דער איד דער זעלבער אמת־זאָגער, נאָר ער געפינט זיך אין אזא לאגע, דאָס ווער ער וואלט גיט זיך בענוצען מיט סאַטירע, וואָל־טען זיינע רייד ניט מאכען קיין ווירקונג.

מען וואלט איהם דורך א בלבול געמאכט לייכט אונשעדליך. אידען האָבען זיך אן עצה געטהאָן און געשאפען די סאַטירע, וועלכע גיט דעם זעלבען נאָדעל־שטאָך, נאָר איז די נאָדעל געהילט אין סאמעט, דער זעלבער בריה, נאָר ער קומט צוזאמען מיט אן אָפּשפּרעכונג. די זעלבע ביטערע פּיל, נאָר זי איז איינגעוויקעלט אין א זים הייטעל.

די גרעסטע סאַטיריקער זיינען אידען. דורך זייער סאַטירע האָבען זיי אָפט גענומען נקמה פון זייערע שונאים. די וועלט האָט מורא פאַר דער סאַטירע.

עס איז לחלוטין ניט קיין געשמאַקע זאך זיך צו בראָטען אויף דער אידישער סאַטירע־„סקאָוואָראָדע“. און מען זעהט דאָס אויסצומיידען.

מיט א וויץ האָט זיך דער איד בענוצט אויף בשעת ער איז געווען אין קלעם און האָט בעדאַרפט געבען אן ענטפער און מען האָט קיין „ויש לישב בדוחק“ ניט געוואָלט אָננעהמען. ער האָט דאן געענטפערט מיט א וויץ, געזוכט אָפּצופּריצעווען דעם שונא, פערשפּיעלען זיינע נער־ווען. דער סאָרט וויץ איז ניט געווען קיין גוטמוטהיגער, ווייל דער וויצלער

האָט צו דער זעלבער צייט געמוזט אכטונג געבען, וואָס פאַר א ווירקונג זיין שפּאַס מאַכט אויף דעם שונא. פון הינטער דעם היטעל אפיר האָט ער געמוזט נאָכשפּירען דעם פיינד, און אין דעם ווייז האָט זיך אימער געפיהלט א ציטער פון אן אונזיכערער נשמה, א געוויסע נערוועזיטעט און אונרוהיגקייט.

און דער מין וויצלען זיך רופט ארויס טרויעריגע געפיהלען.

א גרויסע פונקציאָן האָט די סאַטירע אויסגעפילט אין דער השכלה־פּעריאָדע, ווען צווישען אידען איז אויפגעשטאַנען א נייער דור, וואָס האָט ביטער געקעמפּפט געגען דעם אלטען סדר. דער נייער דור אין זיין קאַמפּף געגען די אלט־פרענקישע איינפיהרונגען האָט זיך זעהר אָפט בענוצט מיט די סאַטירע־וואָפען.

יצחק ערטער איז געווען א שטאַרקער סאַטיריקער, א בעגאַבטער טאַלאַנט אין יענעם דור. סאַטירישע זאכען האָבען דאן געשריעבען די מייסטע שרייבער פון יענער תקופה.

די ווירקונג איז געווען אונגעהויער גרויס. דאָס איז אָבער געווען א בייזער מין אָפּלאַכען פון די אלטע איינפיהרונגען. דאָס האָט רוהיג און מיט צופריעדענהייט געקענט לעזען נאָר דער, וועלכער איז געווען געגען דעם פערשפּאָטעטען איינפיהר, סדר אָדער מנהג, פּערזענליכקייט אָדער פּערזאָנען. דער אָבער, וועלכער איז געשטאַנען פאַר דעם אלטען סדר האָט דאָס שוין רוהיג ניט געקאָנט לעזען. אויף איהם האָט עס קיין ווירקונג ניט געקענט האָבען, דען דאָס האָט נאָר איהם א שנאה ארויסגערופען צו דעם שרייבער און זיינע ווערק.

שלום עליכם איז נאָך לינעצקי׳ן דער ערשטער, וועלכער כאַטש ער לאַכט אָפּ, איז ער אָבער ניט גיפטיג, ניט בייז צורייצט, נאָר גוטמוטהיג, ווייך און שטיפעריש און אויף דער פון ווען ער לאַכט, לאַכט מיט פערגעניגען מיט, מיט׳ן גאַנצען עולם שרייט ער: „כאַפּט א גנב!“ כאָטש טיעף ביי זיך אין הארצען פיהלט ער, אז ביי איהם איז די גנבה. שלום־עליכם׳ס חוזק־ווערטער זאָפּען זיך איין, ווי א גוטער באַלזאַם, טיעף אין די ביינער, און לאָזען זייער ווירקונג.

שלום עליכם יאָגט זיך נאָך א וויץ. דאָס איז אפט זיין חסרון. דאָך אויך א גרויסע מעלה: ער ברענגט ערלייכטערונג פאַר די צו־אָנגעשטרענגטע נערוועז, אָפּרוה און גליקזעליגקייט.

פאַר דעם דאַרף דאָס גאַנצע פאָלק איהם זאָגען א „יישר כח“. גענוג פּלפּול האָבען מיר, פּלפּול אין אלערליי פאָרמען: תלמודישען און מאַרקסיסטישען, גענוג מאַי־קאַ־משמע־לן־ליטעראַטור, גענוג בויך־סברות און קרומע הסברות און שלום עליכם דערצעהלט א פּשוט׳ע מעשה, אָהן

איבער׳פשט׳לעך און אָהן הינטער פיסלעך, גלאַט א מעשה, נאָר נוצט ער אוים דעם פּלפּול צו מאַכען א אידישען שפּאַסעל, א חוזק׳על, און איהר דערקענט דאָרט דעם גאַנצען אידישען „גם זו לטובה“, דעם „וואָס קען מען זיך העלפען?“ דעם האָפנונגסלאָזען בטול היש און דעם „אונטער די אויגען מעג מען רעדען אפילו אויף דעם פּוילישען קיסר“.

* * *

דער זיידע מענדעלע האָט אַמאָל אין א בריעף צו זיין אייניקעל שלום עליכם איהם גערעאַטהען צו פּיילען און פּיילען זיינע ווערטער, אריינצור־לעגען אין זיי א כונה, א תוך, א מיין, צו שרייבען „וואַטאָווע“, דאָס הייסט, אַז עס זאָל זיין אי אַן אויבערשלאַק אי אַן אונטערשלאַק, א שאָ־לעכטס און א קערענדעל. — דאָס אייניקעל פאָלגט אָבער ניט דעם זיידען און שרייבט ווי עס שרייבט זיך, ווי זיין איינפאַכע נאַטור דיקטירט איהם און צוליעב דעם האָבען מיר אין אונזער אָרימער ליטעראַטור נאָך אַן אָריגינעלען שעפער און אָריגינעלע שלום עליכם׳שע שעפּפונגען — א זיידע און אַן אייניקעל. וואָלט שלום עליכם יא געווען געפאָלגט, ווער ווייס אויב מיר וואָלטען ניט געהאַט א נאַטירליכען זיידע, אַן אַלטינקען קלוגען אידען, וועלכער האַלט שוין ביי דעם „הבל הבלים“, פערשטעהט די וועלט מיט איהרע נאַרישקייטען, און וועלכער מיט א שמייכעלע אויף די ליפּען מאַכט א פּיעל בעדייטענדען: „עט!“ און א יונגען מאַן, וועלכער לויט זיין נאַטור איז א לעבעדיגער, א קונדס, א שטיפער, וועלכער רוהט ניט איין ווי דער „אומרוה“, וועלכער וויל אַלעס וויסען, איז נייגעריג, שטופּט זיך, רוקט די נאָז וואו מען דאַרף און וואו מען דאַרף ניט, נור שלעפּט דאָך אויף זיך די עלטער, ברומט מיט כונה אונטער דער נאָז, און רעדט ווי אַן עובר־בטל, כדי צו מאַכען אַן איינדרוק. דאָס וואָלט געווען א שלעכטע נאָכאַהמונג פון א זיידען אָבער ניט קיין זיידע.

דער זיידע מענדעלע האָט הפּנים פערזעהן דעם גרויסען אָבגרונד, וואָס טהיילט איהם אָפּ, דעם ליטווישען ישיבה׳ניק און משכיל, פון דעם גוטמוטהיגען פּאָלטאַווער יונגענמאַן, וועלכער איז גליקליכערווייזע ניט געווען א נכנס לפּרדס, און האָט זיך דעריבער געקענט בעגעהן מיט פּשטות בתכלית הפּשטות.

שלום עליכם איז דער ליעבלינג פון גאַנצען פאָלק. ווען מען לייענט שלום עליכם קען זיצען דערביי דער זיידע, א איד פון גאָר אַן אַלטען שניט, דער פאָטער משכיל, מיט זיין יונגען זוהן, דעם ציוניסט אָדער בונדיסט, די גוטע אַלטינקע באָבע, די האַלב געבילדעטע מוטער מיט איהר יונגער טאָכ־טער וועלכע טרוימט פון „תקון העולם“ אויף טאָלסטאָי׳ס אופן — אַלע

האָבען הנאה אויף זייער אייגענעם שטייגער, פאַר אַלעמען איז שלום עליכם אינטערעסאַנט.

ווער געדענקט ניט דאָס בילד שבת אויף דער נאַכט אין אַ אידישער פאַמיליע, וועלכע איז צושפּאַלטען און צוטהיילט אין יונג און אַלט, ראַדיקאַל און קאָנסערוואַטיוו, ווען איינער נעהמט פאַרלייענען שלום עליכם? עס בלייבט רוהיג שטעהן דער פאָטער מיט זיין ציגאַר אין מויל און לאַכט אין זיך, די מאַמע צולאָזט די עקען פון דער פאַטשיילע און זעצט זיך אוועק ברייטליך, שעפּט נחת און לאַכט מיט אַ רוהיגען געלעכטער, די יונגע טאָכטער העלפט צו מיט אַ קוויטשיקעל, עס בלייבט שטעהן אין דער טהיר די שכנה, די געסט וואָס קומען אָן בשעת'ן לייענען זעצען זיך אוועק אין דער שטיל, און מען לאַכט, מען קאַטשעט זיך, און פון איינעם קומט אַרויס די בעמערקונג: „אוי אַ ליע!“, אויף וועלכען אַלע זיינען מסכים.

שלום עליכם פעראייניגט די דורות, דעם יונגען מיט דעם אַלטען, דעם געבילדעטען און פאַרטגעשריטענעם מיט דעם פּשוט'ען און איינפאַכען; זיין שעפּפונג איז פאַר אַלעמען צוגענגליך.

* * *

שלום עליכם האָט זיך ניט אַרונטערגעלאָזט צו די מאַסען, כאָטש די מאַסען ליעבען איהם.

לויט טאָלסטאָי דענקט, איז דער יעניגער אַ גרויסער קינסטלער, וועמען אויך די מאַסען שעצען. אויב אַזוי איז שלום עליכם אַ גרויסער קינסטלער, דען קיין אידישער שריפטשטעלער איז אַזוי בעליעבט ביי די ברייטע פאָלקס־שיכטען ווי שלום עליכם. איהם שעצט אָבער אויך די אינטעליגענץ. אין זיינע שריפטען זיינען ניט סקיצירט קיינע פּראָבלעמען, ניט אויפגעוואָרפען קיינע וועלט פראַגען, ער מאָלט אָבער דאָס לעבען פון אַ פאָלק וואָס איז אַ וועלט פראַגע, און יעדעס שטיק לעבען וואָס ווערט פון איהם געמאָלט, איינפאַך ווי דאָס איז, וויצעלדיג און ניט ערנסט אויף דעם ערשטען בליק ווי דאָס מעג אויסזעהן, גיט שפּייז אויף נאָכצודענקען, צו דער שרייבער האָט דאָס מכון געווען אָדער ניט.

די גרויסע טראַגעדיע פון דעם לעבען וואָס ער בעמאָלט איז דאָס וואָס די מענשען פיהלען ניט די טראַגעדיע, וועלכע זיי שפּיעלען. די גרויסע פראַגע פון יענעם לעבען איז, ווי קומט עס וואָס די סקיצירטע מענשען לעבען אַזוי „פראַגלאָז“, און ביז וואַנען וועט דאָס געדויערען?

מיט אַנדערע ווערטער, די איראָניע פון יענעם לעבען איז דאָס וואָס מען וויל אָבקומען דאָס לעבען, אַזאַ ערנסטע זאַך ווי דאָס לעבען, מיט אַן איראָניע, מיט אַ וויץ.

פייערבערג אין איינעם פון זיינע שריפטען שרייבט, אַז אין דער

אידישער גאַס, ווייל מען וואָס גיכער איבערלעבען דאָס שרעקליכע וואָרט וואָס הייסט: „לעבען". געגען איהם רעדט די איינגעוואָרצעלטע שטרעבונג ביי אידען צו וועלען לעבען לאַנג, פערקעהרט, וואָלט געווען אמת, וואָס פייערבערג בעהויפּטעט, וואָלט עס אַזוי פיעל געהייסען, אַז די אידען פערשטעהען די טראַגעדיע פון זייער לעבען און ווילען זיך פון איהר בעפרייען.

דער אמת איז אָבער, אַז אין דער אידישער גאַס וויל מען לעבען, מאַכט ניט אויס ווי מען לעבט, ווען מען קען זיך רעטען דורך אַ וויץ איז אויך גוט.

מיר געדענקען ניט אַקוראַט פון וועמען מען דערצעהלט עס, דוכט זיך פון הערשעל אָסטראָפּאָליער, אַז ער האָט זיך עטליכע מאָל אויסגעדרעהט פון מלאך המות הענד מיט אַ וויץ.

דאָס איז כאַראַקטעריסטיש. די פראַגע פון לעבען און טויט קאָן, לויט דעם גלויבען פון דער אידישער גאַס, פערענטפערט ווערען דורך לצנות.

די גרעסטע אידישע טראַגעדיע איז אפשר דאָס, וואָס דאָס אידישע פאָלק וויל זיין לעבענס־פּראָבלעם פערענטפערען מיט אַ שפּאַס, וואָס עס וויל איבערצושפּיצען דעם גלות־פּאַטוס. דאָס איז די הויפּט טראַגעדיע.

* * *

שלום עליכם'ס אונגליקליכע העלדען וויצלען זיך, שפּאַסען, און אויגענבליקליך שיינט, אַז אויך שלום עליכם האָט מיטגעשפּאַסט מיט די העלדען, דאָס איז אָבער ניט ריכטיג.

שלום עליכם האָט געלאַכט מיט אַן אַז־אַך־און־וועה־צו־אַזאַ־געלעכטער, ער האָט געלאַכט מיט יאַשטשערקעס, מיט דעם „רויטען געלעכטער", ווי פּרוג רופט איהם.

און נאָהענט צו זיין 25 יעהריגען יובילעאום איז שלום עליכם קראַנק געוואָרען פון אַ בלוט־שטורץ.

עס וועהטאָגט דאָס הארץ אויף דעם מחבר, דאָך איז דאָס אַלץ אַזוי אין אנקלאַנג מיט דעם גלות־לעבען.

אל תשמח ישראל — אַ איד טאָר ניט לאַכען, און קען ניט לאַכען, און ווען איינער לאַכט איז דאָס אַ ביטער געלעכטער. שלום עליכם, דער גהעטאָ איד, האָט געזינדיגט מיט לאַכען, און ער איז געשטראָפט געוואָרען.

זיין יובילעאום איז אַ האַרץ־רייסענדער, אַ טרויעריגער, אַ שמחה, וועלכע ווערט פערטויבט מיט וועה־געשרייען פון אַ קראַנקען.

עס איז אָבער אַן עכט אידישער יובילעאום, אַ יובילעאום פון אַ שרייבער פון אַ גלות־פאָלק.

# נחום סאָקאָלאָוו

## 1.

צוויי פון אונזערע בעקאַנטע קריטיקער האָבען ביי אנ'אַנדער געלעגענהייט פערזוכט צו ערקלערען דעם שעפּפונגס־סוד פון סאָקאָלאָוו, און עס איז זיי ניט געלונגען. מיט א צו־לייכט הארץ זיינען זיי צוגעגאַנגען צו איינעם פון אונזערע גרעסטע שעפּפער — אויב ניט דער גרעסטער — צו־ווענינ בעוואונדערונג, צו־ווענינ בעגייסטערונג און נאָך וועניגער פערטיעפונג. איינער האָט סאָקאָלאָוו'ן ערקלערט פאר א פּקח — דאס איז ער געוויס, דאָס איז איינער פון זיינע שטריכען, אָבער ניט דער הויפּט־שטריך, זיכער ניט דער כאַראַקטעריסטישער שטריך.

דער אנדער קריטיקער האָט געפונען, אז ער, סאָקאָלאָוו, האָט טאַלאַנט, אז ער קאָן זיך צופּאַסען, אז ער קאָן נאָכמאַכען אלץ, אז ער האָט פעהיגקייט, אָבער ניט אינטואיציע, אָבער ניט די קינסטלערישע סטרונע. ביז א געוויסען גראַד איז דאָס ריכטיג. די פּאָזיטיווע זייט פון דער ערקלערונג איז ריכטיג, סאָקאָלאָוו האָט טאַלאַנט, סאָקאָלאָוו, ווען ער וויל, קען ער זיך צופּאַסען, ווען ער וויל, קען ער אויך נאָכמאַכען — בדרך אגב, דער נאָכמאַכעריי דאַרף מען פערדאַנקען זעהר פיעל פון אונזער פּאָרטשריט אין לעבען — ער האָט געוויס פעהיגקייטען, און נאָך וואָסערע פעהיגקייטען, ריעזיגע פעהיגקייטען. ווען מען זאָגט אבער, אז סאָקאָלאָוו'ן פעהלט אינטואיציע, אז איהם פעהלט אונמיטעלבאַרקייט, אז די געדאַנקען שטראָמען ניט פון די טיעפענישען פון הארץ, האָבען ניט דעם רויטען קאָליר, נאָר קומען דוקא פון דעם אייז־שטיבעל — דעם מוח, און מעגען זיי זיין געלייטערט, זיינען זיי אבער געקיהלט — דאס איז שוין א גרויסער טעות, דאָ האָט מען גע'משפּט איין סאָקאָלאָוו, דעם סאָקאָלאָוו, וואָס שרייבט די פרעמדע פּאָליטיק, וועלכע איז פאר אידען באמת נור א ספּאָרט־זאַך. אין דער לעצטער צייט, א דאַנק דעם ציוניזם און ציוניסטען, א דאַנק די נייע שטות מכח נאַציאָנאַל־ און נאַציאָנאַליטעטען־שטאַאַט, און א דאַנק דער געענדערטער עקאָנאָמישער לאַגע פון אידישען פאָלק, איז אויסגעוואַקסען פאר אונז מיט איין מאָל אויך א שטעלונג צו דער אַלגעמיינער פּאָליטיק. ביי יעדער פּאָליטישער פּאַסירונג קאָנען מיר ניט בלייבען גלייכגילטיג, יעדע ווענדונג שפּיגעלט זיך אָב דירעקט און אונדירעקט אויף אונזער לאַגע, אויף אונזער לאַגע נאָך ניכער ווי אויף וועל־

כער אנדערער, דען מיר זיינען זעהר אַן עמפּפינדליכער אָרגאַניזם, דען מיר זיינען דער בוים, וואָס זיינע צווייגען זיינען מעהר פון זיינע וואָרצלען, און יעדער געוועהנליכער ווינטעל קאָן איהם פון באָדען דייסען און איבערקעהרען. צוריק מיט א צייט איז אָבער געווען אנדערש. דער אידישער מצב איז געווען פעסטער, די עקאָנאָמישע ראָלע, וואָס דער איד האָט אויסגעפּילט, האָט איהם פערזיכערט געגען אַלע שנויים. מורא האָט ער נור געדאַרפט האָבען פאַר רעליגיעזע פערפאָלגונגען. פון די האָט מען זיך ניט געקאָנט איינהיטען. און אין דער הינזיכט איז געווען אַלץ איין שווארץ יאָהר.

בקיצור, אין איין צייט איז די פּאָליטיק געווען א גלייכגילטיגער ענין, און מען האָט דעריבער געקאָנט שרייבען פּאָליטיק און מאַכען הסברות און ארויסזאָגען בויך־סברות, און אויסדרעהען פּשט׳לעך און חדודים, און בלייבען קאַלט און גלייכגילטיג. עס האָט זיך אָפּט געלוינט צוליעב א שעהנער מליצה, וועלכע איז געלעגען אויף דער צונג און געבעטען „תקון“, ארויסזאָגען דעם ווילדעסטען געדאַנק, וואָרום נאָך אַלעמען, צי אַז ניט אַלץ איינס אזוי צי אזוי? די גאַנצע פּאָליטיק ווערט געשריעבען צוליעב דער הנאה, ניט צוליעב בעלעהרונג, און אויב הנאה, וואָס איז די מליצה ערגער? דער איד וועט מעגליך פון דער מליצה מעהר הנאה האָבען ווי פון דער ריכטיגער אויסטייטשונג פון די פּאַסירונגען.

משפּט מען, בכן, סאָקאָלאָוו׳ן לויט יענע פּאָליטישע ארטיקלען, קומט ווירקליך אויס, אַז מיר האָבען דאָ צו טהון מיט איינעם, וואָס בלייבט גלייכגילטיג צו דער גאַנצער טעמא, וואָס האָט די גאַנצע אנגעלעגענהייט אין דער לינקער פּאה, וואָס שרייבט מיט דעם געפיהל: „איך וועל זיי מאַכען זיסע שפּייז, ווי זיי האָבען ליעב, דאגה מיר, זאָלען זיי פּערדעהען און קיין קאָפּ נישט דרעהען“. סאָקאָלאָוו שעפּט זיך אָבער מיט די פּאָליטישע ארטיקלען ניט אויס, הגם ער האָט זיי געשריבען זעהר פיעל. ער איז געווען גלייכגילטיג צו דעם ענין, און די גלייכגילטיגקייט בעמערקט זיך. אָבער סאָקאָלאָוו האָט אויך געשריבען אנדערע זאַכען. וואָס האָט ער נישט געשריבען? איז ער דען אויך אין יענע זאַכען געבליבען גלייכגילטיג? איז עס ריכטיג, אַז אויך דאָרט פעהלט איהם די אונמיטעלבארקייט? איז ער אויך דאָרט ניט מעהר ווי א פּקח? אָדער ער איז אויך א מענש מיט הארץ, וואָס קנייטשט זיך פון צער, א מענש, מיט גרויסע עמפּפינדונגען און איבערלעבונגען, מיט ליעבע און טיעפען מיטגעפיהל, מיט דער פעהיגקייט אריינצודרינגען אין תוך־תוך פון דער זאַך און זיך צו פערזעצען אין יענעמס לאַגע ביז פערשמעלצונג, ביז טאָטאַלער צונויפגיסונג?

האָט איהר געלעזען סאָקאָלאָוו׳ס נאָטיצען, זאָגען מיר, איבער א גע־
שטאָרבענעם פריינד, איבער א גרויסען ניט־פערשטאַנענעם משכיל, וואָס
האָט געלעבט און ניט געקראָגען קיין אנערקענונג, אדער גלאָט אזוי א
שטימונגס־זאַך, וועלכע ווערט ביי איהם געשריבען כלאחר־יד, אזוי־זיך,
אָבגערעדט פון דעם האַרץ, וואָס ווערט פערפלייצט פון געפיהלען, וואָס
נעהמט־אויף פערשיעדענע איינדריקע און רופט זיך אָב אויף יעדען אימ־
פולס, ווי יענער דוד־פיעדעל אין דער לעגענדע, צו יעדען ווינטעל וואָס
גיעט א בלאָז — האָט איהר געלעזען די אַלע זאַכען?

סאָקאָלאָוו פערמאָגט זעהר און זעהר פיעל אונמיטעלבארקייט, און
ער ווערט אויך שטאַרק הינגעריסען. נאָר סאָקאָלאָוו האָט אויך א קלאָ־
רען קאָפּ, און פון זיין אויג געהט ניט פערלוירען קיין זאַך. ביי זיין גאַנ־
צער הינגעריסענהייט מיט א געוויסען געגענשטאַנד זעהט ער דעם צוזאַ־
מענהאַנג פון דער פאַסירונג מיט אנדערע, זעהט ער אז דאָס איז נור
איין רינגעלע פון א גרויסער קייט, א טראָפּען פון דעם ים, אז עס איז גע־
ווען א „פאַר דעם“ און עס וועט זיין א „נאָך דעם“, אז מיט דער גאַנצער
אָבגעשלאָסענהייט אין זיך, מיט די אַלע אייגענע אינדיווידועלע שטריכען,
וואָס מאַכט די זאַך פאַר וואָס זי איז — איז זי אבער אין פיעלען עהנליך
צו אנדערע זאַכען, וועלכע ווערען פון איהם דורך אידעען־פערבינדונג,
דורך זיין גרויסען זכרון — בדרך־אגב, זכרון איז פערזענליכקייט — פאַר
זיין גייסטיג אויג אַרויסגערופען. דער זכרון וואַרפט אויף זיין אויג׳ס
פערשפרייטונג ערשיינונג נאָך ערשיינונג, בילד נאָך בילד, און בילד אין
בילד, וועהרענד זיין גרויסע תפיסה קלייבט אויס דאָס כאַראַקטעריסטישע
און וואַרפט אוועק דעם טפל, נעהמט צונויף און קאָמבינירט. צוליעב
דעם פּראָצעס צוזאַמענוואַקסט זיך אמאָהל א פּינטעלע אין א בילד, דאָס בילד
איז אָבער איינגעראַמט אין דעם יוניווערזום, אין דער אונענדליכקייט —
אָדער: דער הינטערגרונד פון דעם בילד איז א גאַנצע וועלט, די אונענד־
ליכקייט פון אָרט און די ביז „סוף כל הדורות׳דיגע“ צייט.

די אייגענשאַפט איז אמאָל א חסרון. יעדע מעלה איז ביי געוויסע
געלעגענהייטען אונטער געוויסע אומשטענדען א חסרון. עס איז אמת,
אמאָל קומט צוליעב דעם ביי איהם דאָס בילד אַרויס מטושטש, צושוואָ־
מען. צוליעב דעם גרויסען הינטערגרונד ערשיינט דאָס בילד אונבעדיי־
טענד און פערלאָזען. דורך דער אבגעגרעניצטקייט און אבגערונדקייט
קומען נאַטירליך די שטריכען אַרויס שאַרפער. אמאָל שוואַכט דער גרוי־
סער פאַרנעהם, דער ווייטער פלוג אָב די ווירקונג. זעהר אָפט אבער איז
פערקעהרט: פון א פּערזענליכען שמערץ וואַקסט עס אונטער זיינע הענד
אויס אין א פאָלקס־שמערץ, אין א וועלט־שמערץ. פון א לאָקאַלער זאַך,

פון אַ נישטינקייט, געהט עס אויף אין אַ וועלט־פּראָבלעם, בעקומט דעם הויך פון אייביגקייט, און ווערט דער מיטעלפונקט פון דער שעפּפונג.

זייט איהר אַמאָל געשוואומען מיט אייער שיפעל אין אַ שטורם אין מיטען ברייטען ים? די כוואַליעס ברויזען, פּאַטשען, שטורמען און הויבען זיך באַרג־הויך און ווילען אייך איינשלינגען, און עס דוכט זיך אויס, אַז איהר וועט גאָר קיינמאָל צו קיין ברעג ניט קומען, אַז עס איז מעהר אויף דער וועלט ניטאָ ווי הימעל און ים־כוואַליעס, ענדליך רייסט איהר זיך אויס פון איין כוואַליע, אייך אָבער טאַנצט אַקעגען מיט אַ פרישקייט און מונטערקייט, ווי ערשט פון קייט זיך אָבגעריסען, אַ נייע כוואַליע, און איהר וואונדערט זיך: ווען וועט עס נעהמען אַן עק? איהר ריכט זיך גאָר ניט, אַז אָט די נייע כוואַליע, וואָס איז אייך געקומען אַקעגען, וועט עס אייך ברענגען צום ברעג, זי וועט עס אייך צופיהרען צו אַ רוה־פּונקט, וואו איהר וועט קאָנען אַנקערן אייער שיפעל און צוריקקוקען, און איינזוי־גען, אויפנעהמען דאס גאַנצע בילד. דאס איז אָבער געווען די גליקליכע כוואַליע.

ווען איהר קומט צום פּונקט, זעהט איהר, אַז אין דעם כאַאָס פון די כוואַליעס איז דאָ אַ געוויסער סדר, אַן „עב און פלוט“, אַז די אַלע כוואַליעס מיט זייער שטורמען, שטרעקען און קנייטשען זיך, מיט זייער איבערקריי־צונגען און אומהאַלזונגען, גיסען זיך צונויף אין איין בילד, און איבער דעם בילד שוועבט דער גייסט פון קאָלאָסאַלקייט, פון אונענדליכקייט.

אַן ענליכען געפיהל האָט איהר ווען איהר לעזט סאָקאָלאָוו׳ן. ניט איינמאָל פרעגט איהר זיך: וועל איך אַמאָל קומען צו אַ ברעג? די כוואַליעס שטורמען, און רייסט איהר זיך ארויס פון איין כוואַליע, און אַקעגען אייך לויפט שוין אַנ׳אַנדערע, און כאַפּט אייך אויף איהר רוקען, און טראָגט אייך און איהר ווערט ווי איבערצייגט, אַז איהר וועט גאָר קיינמאָל צו קיין ברעג ניט קומען, דער סוף לאָזט זיך אויס, איהר האָט געהאַט אַ טעות: יענע פרישע כוואַליע האָט עס אייך גליקליך ארויסגע־פיהרט צו אַ ברעג. און ווען איהר קומט צו זיך פון דעם גרויסען שווימען, און קוקט פון הינטער זיך, זעהט איהר, אַז עס איז געווען אַ סדר אין דעם כוואַליעס־לויף, און עס גיסט זיך דאָס אַלעס צונויף פאַר דעם אויג אין אַן איינהייטליך און האַרמאָניש בילד, און איבער דעם בילד שוועבט דער גייסט פון קאָלאָסאַלקייט, פון אונענדליכקייט.

ביי קיין אַנדערען העברעאישען שרייבער פיהלט איהר ניט אזוי דאס קאָסמאָפּאָליטישע, דעם תמצית פון פערשיעדענע קולטורען, ווי ביי סאָ־קאָלאָוו׳ן. איהר האָט דאָרט די ענגלישע געלאַסענהייט און רוהיגקייט, דעם פראַנצויזישען „עספּרי“ און געלויפיגקייט, און דאס פּויליש חן׳דעלע

און זיסע ריידעלעך און דייטשע ערנסטקייט. און דאס אלעס גיסט זיך צוזאמען און דאָס לעבט צווישען זיך גאנץ צופריעדען — דען איבער דעם אלעמען שוועבט דער אידישער גייסט, איבער דעם אלעמען שוועבט דער גייסט פון סאָקאָלאָוו, וועלכער שעפּט זיין רייכטום פון מסורה פון טויזענדער יאהר, פון א קולטור מיט א גרויסער און ליכטיגער פערגאנגענהייט, און אין וועלכער ער פיהלט זיך היימיש, אזוי ווי אין איינענעם ארבייטס־צימער.

ווען איך לעז סאָקאָלאָוו'ס א „משבת־לשבת" דערמאָן איך זיך אָן דעם תלמוד'ישען ספּור מכח דעם שמיעד, וואס האָט געזעהן פיעל פלאַקס, און דער שמיעד האָט זיך געוואונדערט: „אָנה יכנס כל הפשתן הזה?" וואוהין וועט אהינקומען דער גאנצער פלאַקס? און דער ענטפער איז געווען: א פונק וועט ארויסגעהן פון דיין בלאָז־זאַק און ער וועט פערברענען דעם גאנצען פלאַקס.

ווי יענער שמיעד מוז מען, ווען מען לעזט סאָקאָלאָוו'ן, זיך וואונדערען: וואו בעהאַלט זיך דאָס דער גאנצער אוצר פון ידיעות? וואו האַלט זיך דאָ אויף די גרויסע קענטעניסען, דאָס אלזייטיגע וויסען, ווי אזוי פאַלט ער גאָר ניט אונטער דער לאסט? דער ענטפער איז: סאָקאָלאָוו האָט זוכה געווען צו דעם געניאַלען ניצוץ, און דער, וואס האָט דאס, אויף דעם איז שוין אלץ גאָר קיין קשיא ניט.

דען דער איז אנדערש ווי דער געוועהנליכער מענש.

## 2.

אויך ביי די אומות־העולם מאַכט געוועהנליך דער שריפטשטעלער־עקסטרעמיסט א גרויסען איינדרוק; דער יעניגער, וואס ביי איהם איז יאָ — יאָ, און ניין — ניין, אָהן שום תנאים, אָהן שום שאַקלונגען, אזעלכער ווערט געוועהנליך בעטראַכט פאַר א מאַן מיט אן אייזערנער שטה, און אזעלכען, קוקט מען, געוועהנליך, אין מויל אריין — דען ער איז קיינמאָל ניט אין ספק, איז תמיד פאַרטיג מיט אן ענטפער, און דער ענטפער איז געוועהנליך א גראַדער: „רעכטס אדער לינקס". אזעלכער ווערט געוועהנליך אן „אורים ותומים" זאמעלט ארום זיך ארום חסידים, קריגט אָנהענגער, וואס צוטראָגען זיין לויב איבער דער וועלט.

א פשיטא, אין דער אידישער גאַס, וואס איז פול מיט פשרות פון אלע זייטען, מאַכט דער עקסטרעמיסט נאָך מעהר רושם. אין איהם געפינען די צובראָכענע נשמות א בעפרידיגונג פאַר דעם, וואס פעהלט אזוי שטאַרק אין לעבען — די קאָמפּראָמיסלאָזיגקייט.

עס איז אבער פון דעם לחלוטין נישט געדרונגען, אז דער עקסטרע־מיסט איז ווירקליך א טיעפער מענש, א גרויסער דענקער. פיעל מאָל טרעפט, אז דאס עקסטרעמע אין דענקען שטאמט פון א שמאָלען בליק, פון א פשוט'ער עקשנות, פון אונפעהיגקייט ריכטיג אבצושאצען די לאגע.

עקשנות קאָן זיך אן־און־פאר־זיך זיין, אונטער געוויסע אומשטענדען, א גרויסע מעלה, מאנכעס מאָל, פשוט א גליק — מיט דענקען האט עס אבער ווייניג וואס צו טהון, מיט טיעף־דענקען — אודאי ניט, מען דארף עס לחלוטין ניט צוזאמענמישען, פונקט ווי פשרה־מאכעריי איז קיין בע־ווייז ניט אויף ניט־טיעף דענקען.

ביי אונז ווערען די בעגריפען פון ברייטקייט און אויבערפלעכליכ־קייט צונויפגעמישט. צווישען זיי איז אָבער פאראן א תהום, פונקט ווי עס איז דאָ א תהום צווישען שמאָלקייט און טיעפקייט, וועלכע ווערען אויך ביי אונז צונויפגעמישט. מען דארף אָבער די בעגריפען שארף פאנאנדערטיילען. ווען איינער איז ברייט אין זיין דענקען און האנדלען, שליעסט עס נאָך בשום אופן ניט אויס זיין טיעפקייט. פונקט ווי ביי די קאָנקרעטע געגענשטענדען, פון וואנען די אויסדריקען זיינען איבער־גענומען געוואָרען אין אונזער אבסטראקטען דענקען, קאָן א געגענשטאנד זיין ברייט און דאָך טיעף.

עס איז אמת: ברייטקייט איז ניט מחייב קיין טיעפקייט, די ברייט־קייט קאָן אויך זיין א רעזולטאט פון אויבערפלעכליכקייט. דאָס הייסט, עס איז אין אמת'ן ניט קיין ברייטקייט, נאָר א צולאָזענהייט, א אויף־אלע־זייטען־ווארפעניש. דארף מען טאקע אין יעדען פאל אונטערזוכען, דארף מען טאקע זעהן, וואו דער חמור שטעהט: צי אין טיעפען קעלער, צי אין דער ברייטער שטאל.

סאָקראָטעס פערמאָגט זעהר א ברייטע אויפפאסונג, און האלט זיך קיינמאָל ניט פעסט ביי א סתם „יאָ" אָדער „ניין". ער איז אין פלוג אי „יאָ" אי „ניין", אין אמת'ן אָבער איז ביי איהם „יאָ" אונטער געוויסע אומשטענדען און „ניין" אונטער געוויסע אומשטענדען. זיין מח זעהט איין פערשיעדענע מעגליכקייטען, זעהט אויך יענעמס שטאנדפונקט, ער פערשטעהט בעוועגונגען און די סבות, וואָס האָבען די פאָלגען גערופען, און ער איז ניט קאפריזנע, ברוגז'ט זיך ניט אזוי ווי יענער „חדר"־אינגעל: „איך וויל ווארעמעס, און מעהר וויל איך ניט וויסען"; ער רעדט ניט מיט האלבע ווערטער, מיט רמזים, מיט פערגלאָצטע אויגען, מיט אָנגע־צויגענעם מלומד'יגען טאָן, איז דאָס פאר פיעלע משכילים. וואָס זיינען געוועהנט צו שווערע סוגיות און גראָבען פינגער, געוועזן א בעוויין, אז ער איז אויבערפלעכליך, וואסעריג, א מענש אָהן א שום שטאנדפונקט. ניט

לאַנג ערשט האָט זיך אַ יונגער שרייבער פערגונען צו ערקלערען, אַז סאָ־קאָלאָוו איז וואַסעריג.

אין דער מאָדנער אויפפאַסונג איז זיכער פיעל שולדיג די צונויפ־מישונג פון בעגריפען: ברייטקייט און אויבערפלעכליכקייט.

סאָקאָלאָוו'ס ברייטקייט איז ניט דער פועל־יוצא פון שטאַנדפּונקט־לאָזיגקייט, נאָר אַ רעזולטאַט פון צופיעל וויסען, פון זעהן אַלע זייטען פון דער פראַגע, פון אַ צו־גרויסער לעבענס־ערפאַהרונג, פון אייגזעהן די פּאָזיטיווע זייט אויך פון געגנערישען בליק. דאָס פיעל וויסען האָט אָבער סאָקאָלאָוו'ן ניט געמאַכט שווערפעליג, פריקרע, מסופק'דיג און פּע־דאַנטיש, דערצו האָט ער צו־פיעל טעמפּעראַמענט. און וואָס נאָך מעהר, וואָס איז דער עיקר, זיין וויסען איז ניט דוקא גענומען פון ביכער, ער איז ניט אַ קאַבינעט־מענש, נאָר עס ווערט געשעפּט פון לעבענס־קוועלען. אין לעבען האָט ער זיך געלערנט צו שעצען דעם כח פון דער טהאַט, ווען אפילו זי קומט על־פּי־טעות. הפּה שאסר, הפּה שהתיר — דאָס איז דער גרויסער וויכטיגער פּרינציפּ אין לעבען. דורך די טהאַטען ווערען די טעות'ן אויסגעגליכט און פעררעכט, מען דערזעהט דעם טעות אַ דאַנק דער ערפאַהרונג און די ערפאַהרונג לערנט ווי איהם צו בע־זייטיגען.

און סאָקאָלאָוו איז תמיד אויף דער זייט פון טהון, פון וואַגען, פון פּרובירען; איהם שרעקט ניט די מורא פון פעהל־שריט. אויף סאָ־קאָלאָוו'ן איז די אַלגעמיינע מיינונג, אַז ער איז אַ דיפּלאָמאַט — און דאָס איז ער באמת, אַ דיפּלאָמאַט אין העכערען זין פון וואָרט. ער איז דער דיפּלאָמאַט, וואָס וואַגט.

וואָלט סאָקאָלאָוו געלעבט אין אַ אידענשטאַט, סאָקאָלאָוו מיט זיין פעדער, וואָלט איהם דאָס פאָלק אויף זיינע אַקסלען אוים דער רעדאַקציע אין פּאַרלאַמענט אוועקגעטראָגען. ער וואָלט אַלענפאַלס געווען אַ גרויסע קראַפט אין דעם שטאַט, מיט וועלכע די רעגיערענדע מאַכט וואָלט זיך שטאַרק גערעכענט.

וואָלט סאָקאָלאָוו איבערגעגאַנגען צו די גוים, וואָלט ער נאָר אין אַ קורצער צייט געוואָרען וועלט־בערימהט. פאַר איהם איז, פערשטעהט זיך, נויטיג אַ פרייע מדינה, וואו מען קאָן רעדען פריי און אונגעשטערט. פרייע פּרעסע איז פאַר איהם, ווי לופט פאַר די לונגען, דען ער מוז רעדען פריי און קלאָר, ער קאָן ניט רעדען אויף דעם וואונק און צו־שטאַמלען, און שרייבען פינטעלעך — די אונקלאַרהייט איז דער געגענזאַץ פון סאָ־קאָלאָוו'ן.

אין סאָקאָלאָוו׳ן איז פערא‏יי‏ניגט און צוזאמענגעגאָסען געוואָרען אויף א הארמאָנישען אופן א גרויסע דאָזע אריסטאָקראטיזם און ניט קיין קליינע דאָזע דעמאָקראטיזם. אין זיינע ארטיקלען בעמערקט זיך א געוואלדיגע ענוות; דער טאָן איז תמיד: „כ׳בין דאָך, נאָך אלעמען, ניט מחדש קיין נייעס, איהר ווייסט דאָך דאָס, נאָר איך ברענג עס ארויס שארפער“. אין זיין שרייבען איז ניט צו בעמערקען קיין ביטערקייט, קיין פערדרוס, ער הויבט ניט אָן שרייבען, ווי פיעלע אנדערע גרויסע, מיט א טאָן, אז מען וועט איהם געוויס ניט פערשטעהן, מען וועט געוויס אין זיינע רייד מגלה פנים זיין שלא כהלכה, נאָר וואָס קאָן ער זיך העלפען: ער מוז שרייבען, ער מוז ברענגען א קרבן, ווייל די אידעע פאָדערט עס, אָדער ווייל עס צווינגט איהם דערצו דער אינערליכער טריעב, דער מלאך וואָס שלאָגט אויף יעדען גרעזעל און זאָגט: „וואקס“, שלאָגט איהם און זאָגט: „שרייב“. אין סאָקאָלאָוו׳ן מערקט איהר ניט די תנועה, ער לאָזט ניט פאלען קיין וואָרט, וואָס זאָל לאָזען אייך דענקען, אז ער איז אין דער מיינונג, אז שרייבענדיג האָט ער געבראכט א קרבן, איז ער געצוואונגען געווען זיך ארונטערצולאָזען. נאָר אדרבא, דער טאָן איז זעהר פריינדליך, צוגעלאָזט, כמדבר איש אל רעהו — ווי איינער רעדט צו זיין פריינד.

סאָקאָלאָוו איז א דעמאָקראט. שעצט דעם כח פון דער מאסע, ווייסט די גרויסע ווערטה פון כמות, פערשטעהט די בעדייטונג אויף פון דער פאסיוויטעט פון א צבור, גלייך ווי ער וואָלט ניט אויסגעוואקסען אין א אונטערדריקט לאנד, אונטער א אונבעגרענצטער דעספאָטיע. ווען ער שרייבט, מאכט ער דעם איינדרוק פון א טריבון, וואָס פער־לאָזענדיג זיך אויף זיין רעדנער־טאלאנט אויסשליסליך, רעדט צום גרוי־סען עולם, און צואוויעגט זיך אין זיין רעדען און שטייגט אין זיין התלהבות, אין זיין קראפט, ניט ווערענדיג דעמאגאָגיש, א דאנק די כוואליעס פון מיטגעפיהל, וואָס קומען איהם אקעגען מצד די צוהערער, א דאנק דעם רעש און בייפאל, וואָס זינגט איהם אין זיינע אויערן. ווי דער אמת׳ער דעמאָקראט, בעזאָלצט ער זיינע רעד מיט אויסדריקען און ווערטלעך, גע־נומען פון דער שפראך פון המון, ניט מעהר צוליעב דער בעטאָנונג, צו־ליעב א שאָקעל מיט זיין צוויבער־שטעקעל, בעקומען זיי א גאנץ אנדערען פיין, א העכערען מיין.

די מאסע דערפיהלט דאָן די קולטור־בעדייטונג פון איהרע איינענע וואָרט און אויסדרוק. און זי וואונדערט זיך: ווי אזוי האָט זי דאָס ביז איצט ניט געפיהלט? דער אויסדרוק איז אבער אלענפאלס איהר רעד. דערהערט דעם דופק, וואָס קלאפט אונטער דעם דערשלאָגענעם

היימיש, און שמייכעלט זיך איהר איין און די הנאה איז עהנליך צו דער, וואָס איינער פיהלט, ווען ער טרעפט אין א פרעמדען געגענד א היימי־שען מענש: אהא, ר׳ יעקב, ווי קומט איהר אהער?

הייסט עס, אז סאָקאָלאָוו פערשטעהט ניט די ווערטה פון די יחידי־סגולה? פון די בעשיידענע, פון די צנועים, וואָס לויכטען מיט דעם בלויען ליכט פון דער לבנה, נאָר, אין אונטערשיעד צו דער לבנה, מיט א ליכט, וואָס איז זייער אייגענס, קומט פון זייער אייגענע נשמה? הייסט עס, אז סאָקאָלאָוו פערשטעהט ניט די ווערטה פון אימפּאָנדראַביליען, פון „אור הגנוז“, „תפארת שבסוד“, ווי די חסידים וואָלטען זאָגען? ניין, דאָס הייסט עס ניט.

קיינער איז נאָך ניט אזא מבין אויף די שטילע נאַטורען, אויף די, וואָס טראָגען דאָס ליכט איינגעשלאָסען אין זיך, ווי דאָס איז סאָקאָלאָוו. ער בעמערקט די ליכטיגע פונקטען, וואו קיינער זעהט זיי ניט. סאָקאָלאָוו איז געבליבען דער פריינד פון די אַלטע משכילים פון דעם שניט פון א רייפמאַן, ער האָט א גרויס פערשטענדניש פאַר די חוקרי קדמוניות און פאַר די בעלי־המליצה, דען סאָקאָלאָוו ווייסט, אז די צורות קאָנען זיין פערשיעדען, אָבער דאָ האַנדעלט זיך אום א ערליכע נשמה־אויסשטראַה־לונג, אז אַלע רייסען זיך צו ליכט. ער שעצט זיי און זיי ליעבען איהם, אין זיין געגענוואַרט אַטהעמען זיי אָב פריי.

סאָקאָלאָוו איז אָבער אויך א גרויסער אַריסטאָקראַט. ער איז דער גרויסער תלמיד־חכם, און ער איז שטאָלץ אויף זיך. ער איז אָבער ניט קיין אויפגעקומענער גביר׳ל, וואָס שטעקט־אָן די פינגער מיט רינגעלעך און דימענטען און שפּיעלט זיך מיט דער גראָבער גאָלדענער קייט: זעהט און בעוואונדערט מיין רייכטום. סאָקאָלאָוו איז רייך אין וויסען, איז זעהר פיעל בעלעזען, און האָט דעם גרויסען זכרון, ער ברענגט אָבער זעל־טען ציטאַטעס. ער האָט געזעהן פיעל גרויסע מענשען, בעריהמטע שריפטשטעלער, פּאָליטיקער, מיליאָנערען, קינסטלער, מיט זיי פערבראַכט אינטים, היימיש, און ער דערצעהלט אמאָל וועגען דעם, ווען עס קומט אהם אוים צום ענין. ער דערצעהלט עס אָבער כלאחר־יד. דאָס וואָס ער איז א בן־בית ביי די גרויסע, איז דאָך סוף־סוף א גאַנץ נעבען־זאַך, וואָס ער וויל דערצעהלען איז, דאָס וואָס יענער גרויסער האָט וועגען דער זעלבער אנגעלעגענהייט, וועגען וועלכע ער רעדט איצט, געהאַט צו דער־צעהלען, ניט מעהר.

ער גיעט יאָ אמאָל א קאָקעטיער, דאָס איז אָבער שטענדיג מיט זיינע ידיעות פון דעם פּשוט׳ען לעבען. ער האָט זעהר ליעב צו בעווייזען, אז פאַר איהם איז ניט פרעמד דער מאַרק, די קיך, דער הינטער׳ן הרובע,

דאָס שטיבעל, בקיצור: דאָס פּשוט'ע לעבען, דאָס סאַמע געוועהנליכע.

און אויך דאָס געוועהנליכע, דאָס פּשוט'ע איז איהם ווירקליך ניט פרעמד. ער איז דער גרויסער בעאָבאַכטער, און יעדע בעמערקונג ניט איהם געלעגענהייט זיך צו פערטראַכטען, איהם איז יעדער מענש אינ־טערעסאַנט, און פערליערט עמיצער א וואָרט, הערט ער זיך צו מיט וואָס עס אָטהעמט, און עס עפענט פאַר איהם אויף די זעעלע פון מענשען.

סאָקאָלאָוו'ן איז ניט שווער צו שרייבען קיין איינדריקע. ער מוז ניט צוליעב דעם דוקא פאָהרען קיין איטאַליען. ער קאָן ארויסגעהן אויף א שפּאַציער אין א ליאַאדע שטאָדט, פאַהרען אין טראַמוואַי, דורגכעהן א נאַלעווקי, און כאַפּען א וואָרט מיט דעם, מיט יענעם, און ער וועט אייך שרייבען איינדריקע, וועלכע וועלען אייער אויפמערקזאַמקייט ווענדען אויף א גאַנץ נייער זייט אין דעם אייך אַזוי בעקאַנטען ווינקעל.

סאָקאָלאָוו האָט געשריעבען פיעלע איינדריקע, און זיי זיינען געווען זעהר אינטערעסאַנט. ער האָט אין איינינע דערגרייכט די מדרגה פון א גרויסען מאַלער־קינסטלער.

ער איז אבער צו־פיעל פערטיעפט מיט צאַפּעלדינע לעבענס־פראַגען, אז ער קען זעלטען פאַר זיך נעהמען די נויטינע רוהע צו שרייבען סתם איינדריקע. עס לעבט אבער אין זיין זעעלע דער „קינסטלערישער אָדער" און פאָדערט בעפריעדיגונג, איז אָפט בעפריעדיגט ער עס דורך דעם ארוונפלעכטען א מאַלערישע שטיק, דיינע קונסט אין א הייסען פּאָליטי־שען ארטיקעל. ווי אַזוי? פּשוט, די שטימונג איז אנגעקומען און גע־פאָדערט איהר'ס, און ער האָט זי מעהר ניט געקאָנט אונטערדריקען.

זעלטענער אָבער שרייבט ער טאַקע איינדריקע לשם איינדריקע, און ווען ער שרייבט זיי, דאַן איז ער קינסטלער, וויפיעל בעאָבאַכטונגס־קראַפט, וויפיעל פאַרבען, ניואַנסען, שאַטירונגען, האַלבע און פערטעל טענער. וואָס פאַר א קאָמבינאַציעס און וואָס פאַר א אידעען־רייכטום. ער זעהט די זאַך מיט אַלע פּרטים, און זעהט, וואָס עס איז אין איהר כאַ־ראַקטעריסטיש.

סאָקאָלאָוו, דער אידישער עלוי, האָט אַן אויג פאַר דער נאַטור, און פערשטעהט איהר לשון.

דער פריה־מאָרגען מיט זיינע האָפנונגס־בליקען, דער זונענאונטער־גאַנג מיט זיין פאַרבען־שפּיעל, דער וואַלד מיט זיין כשוף, דער טראַקט, וואָס ציהט זיך דורך צווי בוימער־אַלעען און פערליערט זיך אין דער וויים־קייט, בלומען, טייכען, בערג, פעלדער, דער ציטער פון פריהלינג און זיין צערטליכער הויך, די סודות פון די שטערען אין דער טיעפער שטיל־קייט פון דער נאַכט, ווען די ערד הערט־זיך־צו צו איהר אייגענעם

אטהעם, אלטע שלעסער, חורבות, וואָס טראָגען אויף זייערע ברעמען די קרוין פון פערהאַנגענהייט — דאָס אלץ איז סאָקאָלאָוו'ן נאָהענט, אין זיין נשמה געפינט זיך אַ פערבאָרגענע סטרונע, וואָס רופט זיך אויף דעם אָב. סאָקאָלאָוו איז אַ גרויסער מאָלער, ער האָט זיך אָבער מיט דעם וועניג אָבגעגעבען. עס לאָזט זיך אָבער דערקענען, עס רייסט זיך ארויס פון דער פעדער אויך דאָן, ווען ער שרייבט אַן ארטיקעל, ווי „למרנן ורבנן".

סאָקאָלאָוו'ס בחינה איז ניט וועניג „הלכה" אָבער מעהר „הגדה". סאָקאָלאָוו האָט דעם שאַרפען קאָפּ און קען שרייבען מאמרים, וואָס זאָלען זיין שווער און פערפּלאָנטערט, און פול מיט פּלפּול.

סאָקאָלאָוו איז הגדה אויף אַ מאָדערנעם אופן. — די הגדה, וואָס ציהט דאָס הארץ און עפענט־אויף פּאַלאַצען, און דעקט־אויף נייע האָרי־זאָנטען; און טראָץ דעם, וואָס זיין סטיל פליסט זעלטען רוהיג, נאָר פּאַטשט הויך די כוואַליעס, ווערט ער דאָך קיינמאָל ניט טריעב, עס איז דער סטיל, וואָס גלעט אייך און צוּיבערט אייך, און אויפ'ן הארצען ווערט אייך אזוי גוט, דען ער רעדט צו אייך כמדבר איש אל רעהו, ווי איינער רעדט צו זיין פריינד — צו אַ אינטימען פריינד.

### 3.

אַ זעהר מאָדנער בעגריף הערשט ביי אונז מכח סטיל, ווען עס האָט זיך געקאָנט פערשפּרייטען אַ מיינונג, אז סאָקאלאָוו האָט נאָר אַ רייכע שפּראַך, אָבער ניט קיין סטיל. סאָקאָלאָוו איז זעהר אַ גרויסער סטיליסט: סטיל איז פּערזענליכקייט, און די פיעל־זייטיגע סאָקאלאָוו־פּערזענלכקייט האָט פּאַר זיך געשאַפען אַ סטיל, אַ אייגענאַרטיגען, אין וועלכען זי קומט צו אויסערונג, צו ענטפּלעקונג אין איהר גאַנצען רייכטום.

אַ גרויסער טייל פון סאָקאלאָוו'ס וואונדער־קראַפט ערקלעהרט זיך דורך זיין סטיל. סאָקאָלאָוו האָט מעהר ווי איין פאָרמע פון שרייבען. אויב ער וויל קען ער שרייבען אין דעם לשון פון תנ"ך, אין דעם שטרענגען ביבלישען סטיל, אויב ער וויל, אין דעם משנה אָדער תלמוד'ישען סטיל, אויב ער וויל קען ער שרייבען אין דעם לשון ווי די חקירה־ספרים זיינען געשריעבען געוואָרען, ער קען אויך שרייבען אויף דעם חסיד'ישען, המונ'ישען ארט, אָדער אינ'ם סטיל, אין וועלכען זיינע פעליעטאָנען זיינען געשריעבען געוואָרען, דעם סטיל, וואָס איז אַ האַרמאָנישע צוזאַמענ־שמעלצונג פון די אַלע עלעמענטען, אַ פּאַלקאָמענע צונויפגיסונג פון די אלע פערשיעדענע אין אונזער שפּראַך־אוצר געפונענע מעטאַלען, און וועלכע דורך זיין אַלכעמישען שפּרוך ווערען פערוואַנדעלט אין גין־גאָלד.

עס איז, זעהט אויס, אז די דאזיגע רייכקייט אין שרייבאַרטען האָט גורם געווען, אז פיעלע זאלען קומען צו דער מיינונג, אז סאָקאָלאָוו האָט קיין סטיל ניט. דאָס איז אָבער פאלש. ווען איינער האָט קיין סטיל ניט, דערקענט איהר איהם ניט אין לייענען. קאָן מען דאָס זאגען אויף סאקאָלאָוו'ן? אין וואס פאר אופן ער זאל ניט שרייבען, סאָקאָלאָוו בלייבט סאָקאָלאָוו, זיין גייסט שוועבט איבער דעם. ער קאָן שרייבען מיט שברי־פסוקים אויף דעם אַרט פון די אלטע מליצים, איהר וועט איהם מיט קיינעם פון די אלטע מליצים ניט פערבייטען. ער איז איינער אין זיין אַרט. איהר וועט דורכלעזען אייניגע שורות נור, און איהר וועט באלד דערקענען, וועמעס האַנד עס האָט די פעדער געפיהרט.

סאָקאָלאָוו'ס סטיל צווינגט, אז מען זאל איהם לייענען. איהר קאָנט זיך ניט פון זיין כשוף בעפרייען. אין זיין סגנון איז ניט נאָר רייכטום, אין איהם איז אויך א געלויפיגקייט, וואָס איהר מערקט ניט אין קיין שרייבער. זיין סטיל איז דער עכטער אייראָפעאישער — ספּעציעל אין זיינע פעליעטאָנען — דאָך אַנקערט ער אין דעם עכטען אידיאָם. דאָס איז א גרויסע בריה'שקייט.

די העברעאישע שפּראַך האָט איצט פיעל גרויסע מייסטער, זעהר פיעל איז אויפגעטהאָן געווארען פאר דער בערייכערונג פון דער העברע־אישער שפּראַך. אויב איהר ווילט איז דאָס אפשר דער בעסטער בעוויז אויף אונזער לעבענס־ און שאַפענס־קראַפט. אויב איהר ווילט איז דאָס אפשר דער גרעסטער וואונדער פון אונזער צייט. מען דאַרף נאָר דערמאָ־נען די נעמען פון אזעלכע שפּראַך־שעפּפער, ווי אבראמאָוויטש, ביאליק און אחד־העם און ניט ווייניגער בערדיטשעווסקי. זיי מיט א גאנצע כנופיה גרעסערע און קלענערע ארויסהעלפער. יעדער פון די דערמאָהנטע האָט אָבער געארבייט אויף זיין געביעט. אבראמאָוויטש האָט אונז געגעבען דעם סגנון נויטיג פאר דער רעאַלע סקיצע, ווען מען זאָגט ביי אונז „פאר דער רעאַלע סקיצע", מיינט עס שוין ממילא די שפּראַך נויטיג צו בע־מאָהלען דאָס גאנצע גלות־לעבען, וואס האָט זיך אויסגעדריקט אין א ספּעציעלער רעדעס־אַרט מיט בעזונדערע טרויער־שעהנהייטען, מיט אַן איינענעם קרעכץ, מיט אידיאָמען און אויך מיט וואולגאַריזמען, אונטער וועלכער עס שטעקען געזונדע מאסען־אינסטינקטען. ער האָט געהאָלפען איבערנעהמען די זשארגאָן־שפּראַך מיט איהר האַק־און־פּאַק אין העברע־איש, ער האָט געוויזען דעם וועג, אָנגעצייכענט די ליניען, און נאָך איהם זיינען געקומען אנדערע און האָבען די זאַך פערענדיגט. ביאליק אליין האָט אויף דעם געביעט אויך זעהר פיעל געהאָלפען.

ביאַליק האָט געשאַפן דעם סטיל פאַר דער פּאָעזיע. פון זיין קוועלע שעפּן אַלע, און מען וועט נאָך לאַנג־לאַנג שעפּן. דאָס איז זיין דירעקטער איינפלוס, ער האָט אָבער אויך בערייכערט דעם סגנון אונדי־רעקט מיט דעם, וואָס ער דיענט אַלס אַ מופת פאַר די דיכטער, ווי אַזוי צו עקספּלואַטירן דעם מאַטעריאַל, וואָס געפינט זיך אין דער ביבעל, ווי אַזוי צו מאַכן פון ברוך גאַנצע כלים, און אין די כלים אַנצוגיסן ליכט.

אחד־העם האָט געשאַפן די פּובליציסטיק. די פּובליציסטיק איז אַפילו אין העברעאיש קיינמאָל ניט פערנאַכלעסיגט געוואָרן. סוף־סוף איז דאָך, אין אַ געוויסן זין, די גאַנצע גזועצגעבערישע ליטעראַטור, למשל, פּובליציסטישע אַבהאַנדלונג. דער ש"ך אין „חושן־משפט" האָט געגנוג ליטעראַרישע קראַפט, גענוג שפּראַך־רייכקייט און פּינקטליכקייט צו פיהרען אַרגומענטאַציאָן איבער פערשיעדענע לעבענס־ענינים. און ער איז ניט דער איינציגער, און מיר האָבען איהם דערמאַנט נור בדרך משל. חוץ לזה, די פילאָזאָפישע ליטעראַטור ביז דער פּובליציסטיק פון דער נאָהענטער פערגאַנגענהייט, פון צווייפעל, שי"ר און אַנדערע. אחד־העם האָט דאָך אַריינגעבראַכט אַ געוויסע רעפינירטקייט אין דער העברעאישער פּובליציסטיק. ער האָט אויך אויסגעברייטעט איהרע גרענעצען.

עס זיינען אויסער דעם אויפגעשטאַנען אַנדערע, וואָס האָבען אַריינ־געפיהרט דעם לייכטען ווי אויך שטיפערישען טאָן, ווי פרישמאַן און לעווינסקי.

יעדער האָט אָבער אַלץ געאַרבייט אויף זיין געביעט. די אַלע שעפּפונגען זיינען אָבער צווישען זיך ניט פעראייניגט געוואָרען. יעדער איינער סטיל איז זיך געבליבען אין זיין תחום, אָהן אַ שום קרובה'שאַפט מיט די אַנדערע. עס האָט געפעהלט דער סטיל פון טראַנזיציע, דער סטיל, וואָס וואַרפט אַ בריק צווישען דער פּאָעזיע און דער פּראָזאַ, און דער פּובליציסטיק, און דעם פעליעטאָן. סטיל איז פּערזענליכקייט, דאָס הייסט, עס איז די אַפּשפּיעגלונג פון דאָס פּסיכישע לעבען. אין דער מענשליכער נשמה קומען ניט תמיד די איבערבייטען ראַפּטום, אָהן שום הדרגה. עס מאַכט זיך, אמת, אויך אַ שטימונג וואָס רייזט אָן אויף דעם שפּרינגענדען פערד, קומט־אָן ווי אַ וויכער און פערכאַפּט מיט אַמאָל דעם אָטהעם. אָפט אָבער קומט דער מענש צו זיינע פערשיעדענע שטימונגען דורך דער דע־מערונג, איידער עס ווערט העל־ליכטיג גרויט זיך פריהער, און איידער עס ווערט פינסטער געשעהט אַ האַלב־טאָניגער פאַרבען־שפּיעל.

אין אונזער שפּראַך איז דער מהלך פון דער פּראָזאַ ביז דער פּאָעזיע, פון דער פּאָעזיע ביז דער פּובליציסטיק, פון די אַלע ביז דעם פעליעטאָן,

געווען זעהר א גרויסער. ווי איז אבער, אז איינער וויל די אלע שטימונגען צונויפגיסען אין איין „זאך“? אויפצוציהען אויף איין פאדים? ווי איז דער דין, אז איינער מאכט דורך די גאנצע גאמע, די גאנצע לייטער פון שטימונגען? איז אין דעם פאל אויסגעקומען, אז די אלע טהיילען זיינען ארומגעשוואומען פאר־זיך בעזונדער ווי בוימעל אויף דעם וואסער; איז אויף איין פלאץ געלעגען א בערגעל שנעע און אויף דעם אנדערען — א הויפען פייער.

איידער סאקאלאוו האָט פון זיין זעלע דעם נייעם סטיל אויסגע־שפונען, האָט מיט איהם דאָס אליין ניט איינמאָל געטראָפען. ער פלעגט אָנהויבען אלס פּאָעט מיט דעם פייערליכען סטיל פון נביאים און מניה וביה אריינגעפאלען אין א טרוקענעם דידאקטישען סטיל, עס איז ניט געווען קיין איבערגאנג, און עס האָבען זיך ארויסגעזעהן די שטעך.

סאָקאָלאָוו האָט אָבער די שוועריגקייט איבערוואונדעט, און אויס־געבראכען א וועג פאר די אנדערע. ער האָט געשאפען א מין סטיל, וואָס האָט אין זיך די אלע עלעמענטען און עס איז ניט איינע פון די — ער האָט געשאפען דעם סטיל, דורך וועלכען מען געהט לייכט איבער פון איין אָרט שרייבען צום אנדערען. דורך איהם ווערען די אלע פארמען צונויפ־געוועבט אין איין גאנצעס, ווערען „מעשה־מקשה“.

אין איין און דעם זעלבען פעליעטאָן ארגומענטירט מיט אייך סאָ־קאָלאָוו מעשה־בעל־הבית, ווי א פראקטישער מענש, וואָס האָט געזעהן א וועלט, וואָס היצט זיך קיינמאָל ניט, נאָר רעדט געלאסען און מיט ישוב־הדעת, בשעת פון די ליפען־ווינקלען קוקט ארוים א זיכערהייטס־שמייכעל. דער סטיל איז דאַן בעל־הבית׳יש, אָהן בלומען, אָהן פייער־ווערק, נאָר סאָליד. איין וואָרט רעדט פאר צעהן, מיט א געוויסער שטייפקייט: „שפאר זיך ניט, איך בין אויסען דיין טובה“, און באלד, איהר פיהלט דאָס אפילו ניט, אויף א זאנדערבארען אופן גיט ער זיך א דרעה, און צו אייך רעדט שוין א געלעהרטער. ניט ווי איינער, וואָס האלט פאר אייך א פאָרטראג פון קאפעדרא, ניין, נאָר ווי דער געלעהרטער ביי זיך אין הויז, וואָס בעמיהט זיך זיין געלעהרזאמקייט פערשטעקען, נאָר די ידיעות זיינען שטארקער פאר איהם, און גנב׳ענען זיך ארויס דורך א זייטיגער טהיר און דעקען אויף, ווער עס איז דער בעל־דבר. יאָ, דאָ שטעהט און רעדט א געלעהרטער מענש, וואָס האָט די זאך דורכגעשטודירט און ווייסט זיכער, מיט וואָס דאָס וואָס אייך אינטערעסירט וועט זיך ענדיגען, און ער קאָן שוין זיין פרעהליך אדער טרויעריג אויף אייער חשבון.

און פּלוצלונג, א דרעה מיט דעם שטעקעל: איינס־צוויי־דריי, פאַר אייערע אויגען שטעהט א מאהלער. א ריהר מיט דעם פענזעל, און עס

וואקסען בלומען. אלערליי בלומען: בלוט־פייעריגע רויזען און ריינע נשמה־ליליען, מאַי־גלעקלאך, „פערגעס מיך ניטס“, און גאָט ווייס ווי זיי הייסען, און אַט פליעסט און מורמעלט שטיל א טייך. דער מאלער מאָלט און די בילדער בייטען זיך ווי אויף דעם קינעמאַטאָגראַף.

און עס בייט זיך דאס בילד, און צו אייך רעדט פון א הויכען בארג איינער מיט א פראפעטישער שטימע: זעהט, איך האָב געווארענט...

און ווייטער שטעהט פאר אייך א אפגעפוצט מענשעל, וואָס קען שעהן אונטערהאלטען א געזעלשאפט, פון מויל פליהען גלאטע געפוטערטע ווערטעלעך, און ווערען בעגעגענט פון יעדען איינעם מיט א ליעבען שמייכעל, און פון דעם יונגענמאנ׳ס מויל גיסט און שפריצט ווי א פאָנטאַן, און עס לייכט, און עס שעמערירט, און די פרייד ווערט העלער, אינטענסיווער; די יונגע מיידלעך׳ס אויגען בליצען, די באקען רויטלען זיך און א חא־הא־חא צופלאַטערט זיך אין דער לופט, די יונגע־לייט קוקען דעם רעדנער אין מויל: דער צענטר פון דער געזעלשאפט! און ער ווארפט זיינע נעצען און כאפט אלע הערצער, און ער אליין פערליערט זיך ניט אויף א רגע, ווי א געשיקטער יעגער ציעלט ער זיינע פיילען, און יעדע פייל טרעפט א ברוסט, און די צורופען ווערען העכער: בראווא, בראוואָ!

דער העלד פון דער נאכט, דער צויבערער פון דער געזעלשאפט.

און פלוצלונג דערהערט איהר א שטימע פון א זיידען: קומט, מיינע קינדערלעך, אהער, אַט שטעהען בענקלעך, זעצט זיך נאר, און איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה: געוועזן א באבושקעלע, אנדערע יאָהרען מיט אנדערע פאראַנדקעס, ניט ווי היינט. אנדערש, אנדערש. מען איז ניט געלאפען און ניט געפלויגען, מען איז געפאהרען מיט דער אקס, ניט נעווען קיין באהנען, און דער זיידע האָט געטראגען א לאנגע קאפאָטע, און פון הינטען האָט ארויסגעשטעקט א רויטע פאטשיילע, א רויטע... חא, חא, חא..... לאכט, לאכט, קינדערלעך, אדרבא, פארוואס ניט? האָט הנאה, נאָר צוריק־גערעדט, איז גאר ניטאָ פון וואָס צו לאכען.

און דער זיידע דערצעהלט אינטערעסאנטע מעשה׳לעך פון אמאָל, און פון די מעשה׳לעך וואקסט ארויס א מוסר־השכל, וואָס ריהרט אָן עולמות. נאָר וואס ווערט אריינגעשמוגעלט בנעימות, אויף די שפיץ־פינגער, און די אייניקלעך שלינגען און ווייסען גאר ניט וואָסערע א פילען זיי האָבען איינגעשלונגען; אזוי ווי ווייסען ניט, אזוי וועט זיי ניט שאדען, שאדען ניט, אָבער עס וועט זיי פיעל העלפען, עס וועט זיין צו רפואה.

אין די אלע אויסגערעכענטע געשטאלטען טרעט סאָקאָלאוו ארויס פיעלע מאָל אין איין פעליעטאָן. יעדער פיהלט אָבער, אז אונטער די אלע שטעהט אליין סאָקאָלאוו. אין די אלע פארמען איז ניכר זיין סגנון, מחמת

ער איז געגאָסען אין דער פורם פון שעפּפער. סאָקאָלאָוו גליטשט זיך פון איין שטימונג צו דער אנדערער און עס איז ניט מערקבאר. שטעהענדיג נאָך אין דעם געוועב פון איין שטימונג וואַרפט ער שוים פעדים פאר דער צווייטער, און אין דער צייט, ווען אייער אויפמערקזאַמקייט איז נאָך געווענדעט אויף אוזאָרען פון ערשטען געוועב, איז שוין פאר אייך אויסגעוואקסען א נייע געוועב, וועלכע קאָן אויך זיין דער קאָנטראַסט פון ערשטען, אָבער ער רייסט מעהר נישט אייערע אויגען, דען אייער ראיה איז צוגעוועהנט געוואָרען צו דער ענדערונג דורך דעם דעמערונגס־סטיל, אין א צארטער אומארמונג ווערט איהר געטראָגען פון איין שטימונג אין דער אנדערער, איהר וואקסט אריין אין יעדער שטימונג אָהן שמערצען אָהן אומזיסטער בלוט־אויפקאָכונג, אָהן אונגוּיטיגער נערוועז־צוטרייסלונג — דורך דעם אייגענארטיגען סאָקאָלאָוו־סטיל.

סאָקאָלאָוו איז דער זשעניע פון דער שפּראַך. זי שיינט ביי איהם מיט אלע פארבען פון דעם רעגענבויגען. אין דעם רייכטהום פון אויס־דריקע געהט ער איבער אלע העברעאישע שריפטשטעלער. וועגען וואָס ער זאָל ניט רעדען, דערלאַנגט ער אייך ווערטער מיט דער פולער האנד, און איהר האָט דעם איינדרוק, אַז עס איז פאראן נאָך מעהר: „יש לי רב“, נאָר עס איז גענוג דערוויל.

ווען איהר לעזט אפילו אונזערע בעסטע שרייבער, זעהט איהר, ווי אזוי זיי זיינען צורעכט־געקומען מיט דעם שווערען בעגריף, פאר וועלכען עס האָט געפעהלט דער אויסדרוק, איהר זעהט דאָס שטיק וועג, וואָס יעדער איז אָבגעגאנגען, ביז ער האָט זיך ארויסגעדרעהט, — ניט אזוי ביי סאָקאָלאָוו'ן. מחנות ווערטער פאר יעדען אויסדרוק טאַנצען ארום איהם, ווי די שדים'לעך, מיט א „וואָס קאָן איך דיענען“־שמייכעל אויף די ליפּען, גרייט אויף יעדען וואונק צו לייסטען.

וואָס ער זאָגט און וואָס ער מאָלט קומט איהם אָן לייכט. לעזענדיג איהם, אויב איהר האָט א ביסעל דמיון, מאָלט זיך אייך אויס, ווי איהר זעהט א שלאַנקען מאן מיט אייז־שטוה, שטארק פערשנורעוועט אויף זיינע שיך, גליטשענדיג זיך אויף דעם אייז: פּיף־פּאַף־פּי... אויף דעם ברייטען טייך שנעל־שנעל, קוים וואָס דאָס אויג כאַפּט, און ער דרעהט זיך אוים און מאכט פערשידענע צירקלעך: הין־הער, רעכטס, לינקס און ווייטער פליה... שנעל, שנעל, דער שטח ווערט פערשלונגען, און דער גליטשער צוואַוואַרעמט זיך און אַז צופריעדען.

און אמאָל און דער גליטשער לאָזט זיך גליטשען באַרג־אַראָב, ביים אָנהויב איינגעהאַלטען, נאָכדעם שנעלער־שנעלער און עס דוכט זיך, אַז אָט, אָט וועט ער זיך אויסגליטשען, פאַלען מיט דעם קאָפּ און צושיט

ווערען אויף שטיקלעך. דער גליטשער לאזט זיך ארונטער רוהיג, קומט צו זיין ציעל, פערבויגט זיך גראציעז און שמייכעלט: אומזיסט אייער אונרוה.

אין סאקאלאוו'ן האבען זיך בעגעגענט די אלע אונזערע ליטעראטור־שטרעמונגען: איהר האט דארט תנ"ך, תלמוד, ספרא א. ז. וו. מדרש, זהר, פיוט, ספרי מחקר, חסידות אקסעל ביי אקסעל, אין דער בעסטער דיסציפלין.

ווילט איהר העברעאיש זיך אויסלערנען? לייענט סאקאלאוו'ן. ווילט איהר מאכען זיך א בעגריעף וועגען דאס וואס אונזער שפראך איז ביכולת צו לייסטען אויף פערשיעדענע געביעטען, ניט פערפעהלט לייענען סאָקאָלאוו'ן.

א שאָד נאָר, וואָס אונזערע כרעסטאָמאטיע־מאכער שפרינגען־איבער סאָקאָלאָוו'ן. פון זיינע שריפטען וואָלטען זיי געקאנט אויסקלייבען פיעל, פיעל זאכען, וועלכע זיינען זעהר פאסיג פאר קינדער, יונגערע און עלטערע. פון זיינע זאכען וואָלט אויף דעם קינד א ווייה־געטהאָן מיט דעם סוד פון דער אלטער שפראך, וועלכע האָט איינגעזויגען אין זיך די זאפט און קראפט פון פיעלע דורות, און אין וועלכער עס האָבען זיך צוזאמענגע־גאָסען די קולטורען פון מזרח און פון מערב, פון דעם אלטערטום און פון דער נייער אייראָפּא.

א שאָד, וואָס זיינע שריפטען וואנדערען ארום אין כף־הקלע איבער בלעטער און ביכער — ווען מען וואלט דאָס רייכטום צונויפגענומען, אָבגערעדט שוין פון דעם, וואָס עס וואלט געווען אן אפשפיעגלונג פון דאָס לעבען פון דעם דור, דען ער מיט זיין עמפפינדליכקייט האָט זיך דאָך אבגערופען אויף אלץ און אלעס, נאָר וואס פאָר א מזל און ברכה דאָס וואלט זיין פאר דעם סגנון. וואָס פאר א שפראך־רייכטהום דאָרט געפינט זיך, וויפיעל פגרים זיינען דורך זיין הויך אויפגעשטאנען תחית־המתים און זיך אנגעהויבען לעבעדיג בעוועגען; וואָס פאר א נייע קאָמבינאציעס פון אלטע פארמען, וויפיעל דימענטען עס ליגען דאָרט צעווארפען, וויפיעל יוגענד מען וואלט דארט געקאָנט שעפען.

סאָקאָלאָוו'ס שריפטען זיינען אָבער עד־היום ניט געזאמעלט. מ'יר זיינען טרוד מיט די זעמטליכע שריפטען פון אונזערע ארחי־פרחי־ליטערא־טען. דעם העלפאנד האָט מען ניט בעמערקט. דעם העלפאנד? ניין, דעם ריעז פון אונזער ליטעראטור.

.4

דער, וואָס איז אמת גרויס, עלטערט זיך ניט.

סאָקאָלאָוו איז ניט נאָר ניט עלטער געוואָרען, ניט נאָר איז אין איהם ניט צו בעמערקען קיינע שפּורען פון שוואכקייט, נאָר ער ווערט מיט יעדען יאָהר גאָר פרישער.

סאָקאָלאָוו איז די גליקליכסטע אויסנאהמע צווישען אידישע שריפט־שטעלער. ביי אונז ווערען, געוועהנליך, די יונגע לייט אלט פאר דער צייט, שעפּען זיך אויס נאָך די ערשטע פּאָר יאָהר, פערבליהען איידער זיי האָבען זיך נאָך רעכט צובליהט, געבען א בליץ אויף דעם הימעל — און לעשען זיך, ווי א בליץ, שנעל אויס.

וויפיעל יונגע זקנים מיט בייזע אויגען, נאָר אויסגעלאָשענע, מיט צונויפגעדריקטע פּויסטען, וואָס ציטערען, אבער, נערוועז אויס שוואכ־קייט, פערמאגט אונזער ליטעראטור. ניט אומזיסט איז אונזער ליטעראטור פול מיט קללות און שימפּפעריי, גאַל און גיפט. אן אַלטער מענש, וועלכער איז אַלט געוואָרען אין דער צייט אין איז זאַט געוואָרען מיט יאָהרען, איז, געוועהנליך, ליעבליך און צוגעלאָזט, מיט א הייליגען שמייכעל אויף די ליפּען, און די הענט זיינען תמיד גרייט צו גלעטען, און זיך מיט א ברכה אויף די קעפּ פון די אייניקלעך צו לעגען. מענשען אָבער, וואָס זיינען אַלט געוואָרען פאַר דער צייט — יונגע זקנים — זיינען אויפגערעגט און געערגערט, אין די ליפּען־ווינקלען לויערט א געפעהרליכער שמייכעל און א מינדסטער שאַרך ברענגט זיי ארויס פון די כלים, און זיי זיינען תמיד גרייט דורם צו זיין.

אונזער ליטעראטור האָט שוין צופיעל יונגע זקנים, צופיעל פערבי־טערטע נשמות און בעליידיגטע גייסטער.

סאָקאָלאָוו איז דער פרעהליכסטער קאָנטראַסט. ער איז נאָך איצט יונג אין גייסט, און ווערט מיט יעדען יאָהר יונגער.

ער איז ניט פערביטערט, הגם ער וואָלט געקאָנט געפינען סבות פאַר דעם.

ער איז יונג און די וועלט שמייכעלט זיך איהם איין. ער איז אָפּטי־מיסטיש און עס שרעקט איהם ניט קיין דורכפאַל.

סאָקאָלאָוו האָט, זעהט אויס, אויסגעפונען דעם יוגענד־פאָנטאַן און פון איהם געטרונקען.

ביי די אומות־העולם איז עס ניט קיין נייעס, אז קינסטלער זאָלען אין דער עלטער זיין בלוט־און־מילך, אז זייער זון זאָל נאָך אין פולען

גלאַנץ איבער דעם קאָפּ שיינען און זייער מאַלאַנט זאָל וואַקסען מיט די יאָהרען.

דער הומאָריסט מארק טוויין איז געווען פריש און יונג ביז דעם לעצטען טאָג פון זיין לעבען, און ער איז ניט געווען קיין יונגער־מאַן; גוטמוטהיג, ליעבליך ווי אַ קינד, מיט קינדערשע קאַפּריזען און איינפאַלען אין דעם טאָג־טעגליכען לעבען, און פריש און מיט אַ שמייכעל בעקרוינט איז אויך געווען זיין פעדער. עס האָט פון איהר געשלאָגען הומאָר ווי אַ קוואַל.

האועל, וועמעס זיעבציג־יעהריגען יובילעאום אמעריקא האָט ערשט די טעג געפייערט, איז נאָך אַ הויפּט־פיגור אין אמעריקאַ'ס ליטעראַטור, שפּיעלט נאָך איצט די ערשטע פיעדעל אין ליטעראַרישען אָרקעסטער.

דער פרינץ פון וויימאַר איז ניט אַלט געוואָרען, ליידענשאַפטס־רויזען האָבען ניט אויפגעהערט צו בליהען אין זיין געזיכט, ניט אויסגע־לאָשען איז געוואָרען דער יוגענד־פייער אויף אין איבסענ'ס־ברוסט, און מען וואָלט געקענט אויסרעכענען נאָך און נאָך.

ביי אידען איז אין דער הינזיכט סאָקאָלאָוו דער בן־יחיד. פון זיין שרייבען שפּריצט מיט פריש רויט בלוט. ער איז תמיד ניי און פריש.

דער הויפּט־חסרון פון עלטערע שרייבער איז דאָס, וואָס זיי הויבען־אָן זיך אליין בע'גנב'ענען, וואָס זיי פערגרעסערען מעהר ניט דאָס קרן, נאָר לעבען פון פּראָצענט, וואָס זיי הויבען אָן בלינד דיענען צו די אייגענע שעפּפונגען און זיי נאָכאַהמען. סאָקאָלאָוו בענייט זיך אָבער אַלע מאָל. ער ברענגט תמיד מיט זיך נייעם קאַפּיטאַל, און זוכט נייע פאָרמען.

ער איז אַ דינאַמישע קראַפט, אַ ראָד, וואָס דרעהט זיך, ניט אַ דאַנק אינערציע, נאָר אַ דאַנק דעם שטענדיגען וואַסער־צופלוס.

עס איז נאָר צו בעוואונדערען זיין בעלעזענקייט, זיין קענטניס, זיין פיעלזייטיגקייט. זיין נייגירדע ווערט מיט יאָהרען ניט געלאָשען. ער איז תמיד אויף געיעג, און זוכט נייע איינדריקע.

סאָקאָלאָוו איז איינער פון די ווינציגע העברעאישע שריפטשטעלער, וואָס האָט ארומגערייזט די וועלט, זיך בעקאַנט ניט נאָר מיט אידען פון די פערשיעדענע לענדער, נאָר אויך מיט דעם לעבען און מנהגים פון פער־שיעדענע פעלקער, מיט דעם אינהאַלט פון זייער לעבען, מיט זייער תמצית, ניט בלויז מיט די צופאַלען, ער איז, אין דער הינזיכט, דער אמת'ער קאָסמאָפּאָליט. ער האָט ניט קיינע פאַראורטיילען, זיין זין איז אָפען און גרייט אויפצונעהמען נייע רשמים. ער קומט ניט קוקען אויף דעם בייז־וואונדער, ער קומט שטודירען דאָס פאָלק, און ער געפינט

אומעטום א געוויסע שעהנקייט, א אייגענטימליכקייט, וואָס איז ווערטה צו בעוואונדערען.

ער האָט ניט קיין התבטלות פאר גרויסע קולטורען. ער געפינט דאָרט אייניגעס, וואס פערדיענט אינקארפארירט צו ווערען אין אונזער סיסטעם, און ער וועיזט־אָן אויף דעם ביי יעדער געלעגענהייט. ער בעציהט זיך אָבער צו אנדערע קולטורען ניט ווי א שנאָרער, נאָר ווי א יורד. ער ווייסט דעם ווערט פון דער אייגענער קולטור, פון די אייגענע אוצרות, פערשטעהט די בעדייטונג פון אידיש בלוט, צוליעב וועלכען, ניט־קוקענדיג אויף די שטערונגען, קלעטערען פיעל אידען דאָך ארויף אויף דעם שפּיץ פון בארג, און ער ווייסט נאָך מעהר, וואָס מיר וואלטען געקאנט לייסטען ביי נאָרמאלע אומשטענדען.

נאָך דער השכלה־דיכטער יל״ג האָט געפרעגט: „כמה לומונוסוף ברחוב היהודים!״ יל״ג האָט דאָך צופיעל מבטל געווען די אייגענע קולטור, און ניט איינגעזעהן וויפיעל גאונות עס געפינט זיך אין די אייגענע ווינקעלעך. מען האָט נאָר איבערגעפלאנצט דעם חריף שלמה מימון אין אנדערע בעדינגונגען און ער איז אויפגעשטיגען צו דער מדרגה פון טיעפען פילאזאף. דער שטאָף איז געווען אין איהם. ער האָט נאָר בעדאַרפט זיך ענטוויקלען אין ריכטיגע ליניען.

פּראָפעסאר הערמאן שאַפּירא קריגט דעם ריכטיגען שטוים און ער ווערט דער בעריהמטער מאטעמאטיקער. אזעלכעביישפּיעלען וואָלט מען געקאנט ברענגען פיעל.

סאָקאָלאָוו ווייסט פון דעם זעהר גוט, ער ווייסט וויפיעל אוצרות ליכט עס געפינען זיך אין דער געטאָ, וואס בלייבען בבחינת „אור גנוז״, מחמת עס פעהלען אין אונזער לעבען די נויטיגע בעדינגונגען פאר אמת׳ער שעפּפונג. ער זעהט עס צוערשט פון זיך זעלבסט: דער אידישער עלוי ווערט דער גרויסער וואָרט־פיהרער. ער ווייסט, אז נאָך מעהר ווי ער ווייזט ארויס ליעגט בעהאלטען אין די טיעפענישען פון זיין נשמה.

אין אמת׳ן האָט אויך זיין גרויסען טאלאנט געפעהלט א טרייע האנד, א אויפמערקזאם פּובליקום, אן ערצויגענעם, וואס שעצט זיין מייסטער, אויך איהם האָט געפעלט די נויטיגע אטמאספערע, דאָס פיהרענדע ליכט, דער קאמפּאס.

דער גרויסער מענש שלאָגט טאקע פאַר זיך דורך נייע וועגען, עס איז אָבער פאַר דעם גרויסען מענשען דעם נייעם וועג זעהר שווער צו מאַכען, ווען מען דארף עס טהון אין דער פינסטער, אָדער ווען עס זיינען דאָ פיעל אירע־ליכטער, וואָס פערשלעפּען אין פינסטערע וועלדער, אין פּוסטע פעלדער, אויף שפּיציגע סקאלעס, וואס הענגען איבער אפּענע

תהומות, וואס ביי דעם מינדסטען גליטש קאָן מען צוברעכען ליב און ביין.

ווען סאקאלאָוו האָט זיך גענומען צו דער זשורנאליסטיק, האָט ער געמוזט טאפּען זיין וועג אין דער פינסטער. עס איז ניט געווען קיין „סטאנדארד", און נאָך ערגער, עס איז ניט געווען קיין פּובליקום.

דער גרעסטער שעפּפער, דער גרעסטער קינסטלער מוז האָבען בעוואונדערער. אין דער הייסער אטמאָספּערע פון בעוואונדערונג וואקסט דער קינסטלער און ענטוויקעלט זיינע קרעפטען. עס מעג זיך ווי שעהן קלינגען די פראזע: „קונסט צוליעב קונסט", און מיר וויסען גאנץ גוט די בעדייטונג פון דעם, וואס מען וויל אונז מיט דער פראזע לאָזען הערען. די פראזע האָט אונז געגעבען נאָר א האלבען אמת, ווען מען האָט ניט מוסיף געווען, אז אויך די, וואָס שאפען „קונסט צוליעב קונסט" און זיינען פריי פון אנדערע טענדענצען, קאָנען זיך אָבער ניט בעפרייען פון דעם געפיהל — צו וועלען געפעלען דעם פּובליקום.

פרעגט די קינסטלער און זיי וועלען אייך דערצעהלען, ווי ווייט זיי לעכצען נאָך דער אנערקענונג, נאָך די לארבער־בלעטער. דער לויב, דער רוהם, דער ווירוויך — דאָס איז זייער ברויט און זאלץ, מיט וועלכען זיי נעהרען זייער טאלאנט.

דער ערשטער אימפּולס, דער ערשטער טריעב צום שאפען מעג זיך זיין, איז געווים די אייגענע בעפריעדיגונג. עס האָבען אָבער זעהר ווייניג דיכטער געלעבט, וועלכע האָבען די שריפטען פאר זיך אליין געשריעבען, און ניט געזוכט מיט זיי בעגליקען די וועלט.

איינער זוכט דעם אפּלויז פון דער גאלעריע. און אן אנדערער — פון די לאזשען. דער אפּלויז איז אָבער דער בוימאייל אויף די רעדער פון שעפּפונג. דער אפּלויז קלינגט אין די אויערען פון דעם קינסטלער ווי מוזיק, און ברענגט איהם אינספּיראציע, רוח־הקודש.

ווען סאקאלאָוו האָט נאָר אנגעהויבען שרייבען, איז ער געווען מיט צעהן קעפּ העכער פון זיין לעזע־פּובליקום, און די נויטיגקייט אין ערוויעדערונג, אין אברופונג, וואָס איז א הויפּט־שטריך אין זיין נשמה, האָט איהם געצוואונגען אין זיך זיין טאלאנט אביסעל צו אונטערדריקען צוליעב זיין פּובליקום. פשוט גערעדט: ער האָט זיך ארונטערגעלאָזען צום פּובליקום, זיך אביסעל צוגעפּאסט צו זיין געשמאק.

די שטרענגע ריכטער אונזערע, וועלכע לעבען אויף געבארגטע פראזען, שטעלען אן א ברוגז'ע מינע: „מען דארף דאָס פּובליקום אויפהויבען צו זיך, און ניט זיך ארונטערלאזען צום פּובליקום". די מימרא איז א שעהנע, אָבער דאס איז גערעדט געוואָרען, ווען עס איז דאָ א פּובליקום, וואָס איז שוין ערצויגען און געוועהנט געוואָרען צום לעזען. ווען מען

דאַרף אָבער דאַס פּובליקום ערשט שאַפן, ווען ניט האָט מען קיינע לעזער ניט, דאַן איז די זאַך אַנדערש.

סאָקאָלאָוו האָט געליטען מעהר ווי יעדער איינער, וואָס ער האָט, אין דער ערשטער צייט, געמוזט פּלעכטען שטריק פון פּראָזען, כדי אין נעץ צו כאַפּען דאַס פּובליקום. אז ער איז ניט געווען קיין פּראָזיאַר, — האָבען מיר דאָך אַ ראיה פון זיינע ניט־אידישע שריפטען. דאָרט איז גאָר געווען אַן אַנדער טאָן. דאָרט איז אַלץ געווען צום פּונקט, עלעגאַנט און אָבגערונדעט, מחמת דאָס פּובליקום, צווישען וועלכען ער האָט זיך דאָרט בעוועגט, איז געווען מעהר מאָדערן, האָט געהאַט אַן אַנדער ערציהונג.

עס איז קיין ספק ניט, אַז די ענגע אַטמאָספּערע האָט איהם געשטיקט, און איהם איז געווען באַנג אויף דער נשמה, און ער האָט זיין אומעט אין רייזען, אין נייע איינדריקען, דערטרונקען. ער האָט געוואַנדערט, ער האָט אָבער ניט פון זיין פאָלק אַוועקגעוואַנדערט, ער האָט געליטען און געוואַרט אויף בעסערע צייטען.

דער ענגלענדער איוואַנס גאָרדאָן, וואָס איז ניט געווען קיין אידען־פריינד, האָט ערקלעהרט, אַז דער איינציגער אמת'ער אייראָפּעער, וואָס ער האָט געפונען אין גרויסען רוסלאַנד, איז געווען דער איד נחום סאָ־קאָלאָוו. ער האָט אָבער מיט אַ כיון צוריקגעהאַלטען זיין אייראָפּעאיזם, ער האָט געגעבען דאָס ליכט לויט די כלים. מיט דעם וואַקסען און ענט־וויקלען זיך פון דער אינטעליגענץ פון אונזער פּובליקום, האָט סאָקאָלאָוו זיך אַנגעהויבען צו בעווייזען אין זיין פולער געשטאַלט.

דאָס ערקלעהרט, וואָרום סאָקאָלאָוו איז ניט נאָר ניט געוואָרען עלטער, נאָר ער ווערט נאָך, מיט דעם לויף פון די יאָהרען, פיעל יונגער. סאָקאָלאָוו'ס היינטיגע פעליעטאָנען זיינען ניט מעהר פאַר דער ברייטער מאַסע, נאָר פאַר אַ ענגערען קרייז. דער קרייז איז שוין אָבער היינט דאָ, און סאָקאָלאָוו איז פון דעם, ווייזט אויס, זעהר צופריעדען. איהר פיהלט עס אין דער פרעהליכקייט, וואָס שיינט אַרויס פון די שורות, אין דער פרישקייט, אין דער אינטימיטעט. איהר זעהט, אַז דער שרייבער נעהמט זיך זיינע פעליעטאָנען שרייבען מיט ליכטיגע אויגען, מיט אַ לייכט האַרץ, און מיט אַ פולער ברוסט.

סאָקאָלאָוו שענקט איצט מיט רויטען וויין, מיט „יין המשומר", און ער קאַרגט ניט, ער דערלאַנגט מיט אַ פולער האַנד: טרינקט און האָט הנאה. יאָהרען האָט איהר אויף דעם געוואַרט ביז די גוטע צייט איז געקומען.

סאָקאָלאָוו ווערט נאָך איצט אויך צופיעל פערשלונגען פון דעם מאָמענט. ער האָט ניט די געלעגענהייט זיך אַביסעל רוה צו קויפען, אַז

ער זאָל אונז קאָנען געבען גאַנצע ווערק. דאָס לעבען יאָגט אין האַלז און נאַקען און רייסט ביי איהם פון דער האַנד שטיקלעך און ברעקלעך. אין דעם איז אבער שולדיג ניט ער, נאָר זיין און אונזער מזל.

ער וואָלט אונז געקאָנט גאַנצע וועלטען געבען. דען אין זיין קאָפּ הויזען גאַנצע וועלטען. ער איז צו אַלער ערשט א מושלם, א מענש, וואָס האָט זיך געקויפט פיעל ידיעות; ער איז אָבער ניט קיין דילעטאַנט. וואָס ער קען — קען ער גרינדליך.

אין דעם היינטיגען דור פון ספּעציאַליטעטען און צוטיילונג פון אַרבייט, קוקט מען קרום אויף דעם מושלם, אויף דעם מייסטער אויף פיעלע הענד. מען פערגעסט אָבער, אז די צוטיילונג אין קעסטלעך איז א קינסטליכע, אז אין לעבען, אין דעם יוניווערזום, איז אַלץ אין איינעם, יעדעס איז א טייל פון דעם אַנדערען און א פאַרטזעצונג, א רינגעלע אין די גרויסע קייט.

מען קאָן ניט זיין גרויס אין קיין פאַך, ווען מען האָט ניט קיין בעגריעף פון די אַנדערע פאַכען.

אונזער שעהנע ליטעראַטור, ספּעציעל די געשריעבענע אין אידיש — איז דעריבער אַזוי בעגרעניצט און הויבט זיך ניט אויף העכער פון דער אויבערפלעכע, ווייל אונזערע קינסטלער האָבען שטאַרק מורא פאַר קאָפּ־אַרבייט, פאַר וויסענשאַפט און פילאָזאָפיע.

געטהע האָט זיך אָבער גאַר גרויס געהאַלטען מיט דעם, וואָס ער האָט ערפונדען די נייע טעאָריע וועגען קאָליערען, און ער איז געווען א פלייסיגער סטודענט פון באָטאַניק און אַנדערע וויסענשאַפטען, און ניט ווייניג פון דער פילאָזאָפיע.

מעטערלינק איז א באָטאַניקער, שטודירט דאָס לעבען פון די ביהנען און איז אַן ערנסטער תלמיד פון ניטשע און פּראַגמאַטיזם.

אונזערע קינסטלער, ספּעציעל די יונגע, וואָס שרייבען אין אידיש, פערלאָזען זיך אויסשליסליך אויף דעם אינסטינקט. אונזערע זשורנאַליס־טען זויגען פון פינגער, און קנאַקען מיט פייער־ווערק.

סאָקאָלאָוו איז, אין דער הינזיכט, נאָך איינער פון דעם אַלטען דור. זיינע ידיעות זיינען ברייטע, ער איז בקי אין אַלע ווינקעלעך פון אונזער אייגענער ליטעראַטור, פון דער גאָר־אַלטער ביז דער גאָר־נייער, ער איז בעקאַנט מיט דער וועלט־ליטעראַטור אין דער ערשטער קוועלע. ער איז בעוואָפּענט מיט אַלע נויטיגע רודימענטען, און האָט גרויסע ידיעות אין היסטאָריע, סאָציאָלאָגיע און פּאָליטישער עקאָנאָמיע, ווי א געוויסע בע־קאַנטשאַפט מיט דער פילאָזאָפיע.

אויף דעם הינטערגרונד וועבט ער זיינע פּאָליטישע אַרטיקלען. אַט דערפאר זיינען זיי אינהאלטס־רייך און האָבען אַן אחיזה, אַ באָדען אונטער זיך, און זיינען ניט קיין בלויזע השערות, פערפלאָנטערטע שפינוועבעכץ, געשלאָגענע שוים.

עס איז אונזער איבערצייגונג, אַז וואלט ער געהאַט די נויטיגע רוהע, וואָלט ער אונז געקענט שאפען ביכער, וועלכע זאָלען בעלייכטען גאַנצע עפּאָכען אין אונזער לעבען, ביכער, וואס אומפאסען גאנצע אבהאנדלונגען איבער פעלקער און לענדער.

אונזער מזל האָט גורם געווען, אַז ער זאָל געצוואונגען זיין דאָס גרויסע פייער אין פונקען צו צושלאָגען.

זעהר גרויס זיינען אבער געווען זיין קראפט, זיין גאבע, זיינע פעהיגקייטען, ווען ער האָט אויף דורך די שעה׳דיגע ארטיקלען זיך געקויפט חיי־עולם, אונשטערבליכקייט.



# אברהם גאָלדפאַדען

קודם כל האָט אברהם גאָלדפאַדען פערמאָגט א נשמה פון א פאָלקס־דיכטער, איז געווען א צווייטער צונזער, נור מיט מעהר לייַדענשאַפט, שטימונג און הומאָר.

דער שורש פון זיין נשמה — אין דעם לשון פון חסידים — האָט נעצויגען זיין יניקה פון דער געדיכטנים פון פאָלק׳ס לעבען און בעקומען השפּעה פון די קוועלען פון פאָלק׳ס גייסט, פון זיין מיט שאָטען־געהילטער און מיט ליכט־בעגאָסענער פערגאַנגענהייט, און פון זיין מיט שטימונג און תמימות, און, געוויסערמאַסען, אויך מיט פּאָעזיע אָנגעזאַפּטען נעגענ־וואַרט׳ס לעבען.

נור על פּי צופאַל איז גאָלדפאַדען פערוואַנדעלט געוואָרען אין א דראַמאַטורג. אין אמת׳ן האָט אפילו זיין תשוקה נאָך דראַמאַטורגיע גע־קוועלט ניט פון זיין ערשטער פאָלק׳ס־דיכטערישער נאַטור, נור פון זיין צווייטער נאַטור, די נאַטור פון פאָלק׳ס לעהרער, פון פּראָפּאַגאַנדיסט, וועלכע ער האָט, אייגענטליך, דורך זיין שפּעטערדיגער ערציהונג, און דורך דער סביבה, מיט די אין איהר דאַן הערשענדע אידעען, מעכאַניש איינגע־איינגענט, אין זיין פאָלקסטימליכע נשמה איינגעזעצט, דאָך ניט מיט איהר אָרגאַניש פערבונדען.

דעם ערשטען ארויסטרעט זיינעם אין דער ליטעראַטור, האָט גאָלד־פאַדען געמאַכט מיט זיין העברעאישען ביכעל: „ציצים ופרחים“, דאָס ביכעל ווייזט שוין זיין נייגונג צו בעאַרבייטען די פאָלקס־לעגענדען פון דער ווייטער און נאָהענטער פערגאַנגענהייט.

פּאָעזיע איז אפילו דאָרט וועניג פאַראַן, דאַפיר בעמערקען זיך שוין שטאַרק שפּורען פון זיין פאָלקסטימליכער נאַטור. די ביבלישע, לויט דעם נייסט פון אדם הכהן, אין שטרענגע גראַמאַטישע רעגעלען איינגעפּאַסטע, דאָך ליטעראַריש אויסגעבילדעטע שפּראַכע, לאָזט ניט דעם פאָלקס־דיכטער פונאַנדערשפּרייטען די פליגלען פון זיין פּרימיטיווער פאַנטאַזיע, לאָזט איהם ניט אריינפאַלען אין די קינדישע תמימות, וועלכע איז דער עיקר פון זיין נשמה, ער ברעכט זיך דאָך דורך א וועג, און ווי די לבנה דורך דער מיט געדיכטע בוימער פערפלאַנצטע אַלעע, כאַפּט ער א בליק צום זינ־דיגען פּאָאַר — אין ליעד „דוד און בת שבע“ — גיט צו זיי שעלמיש א

וואונק, און ווי אַן אַלטינקער אַ ברום אונטער: „אי, פע, מען טאָר דאָך ניט!“... ווי דער דרך איז פון אַ פאָלקס־דיכטער.

אין איין העברעאיש ליעד פון יענער זאַמלונג ברענגט ער שוין אפילו אריין דאָס עלעמענט: „מקהלה“ און ערשיינט פאַר אונז ניט אַלס פּאָעט, נור אַלס זינגער, וועמען עס העלפט אַרויס אַ כאָר.

באַלד נאָך דעם „ציצים ופרחים“ ערשיינט זיינס אַ זאַמלונג פון פערשיעדענע אידישע ליעדער, אונטער דעם נאָמען „אידעל“, און דאָרט ווייזט זיך שוין אַרויס די גאַנצע נאַטור פון פאָלקס־זינגער.

אַליין אַ קינד פון פאָלק, אַ קינד פון אַ בעל־מלאכה, — אמת אַ מלאכה נקיה, די זייגער־מאַכעריי — גור אין דער זעלבער צייט פון אַ פאָטער אַ יודע ספר, ערצויגען אין אַ קליין פאַטריאַרכאַלישער שטעדטעל, דאָרט וואו דאָס אידישע לעבען איז נאָך געבליבען כמעט אונבעריהרט פון פרעמדע השפעות, און וואו די צעלען פון פאָלקס־אָרגאַניזם זיינען נאָך פעסט צוזאַמענגעהאַלטען געוואָרען דורך די אַלטע לעבענס־פאָרמען — האָט דער יונגער גאָלדפאַדען אויפגענומען אין זיין פּאָעטיש געשטימטער נשמה אַלע פאָלקס־מאָטיווען, און אָנגעפילט זיין קאָפּ מיט די פערשיע־דענע פאָלקס מעשיות.

גאָלדפאַדען'ען אַליין איז גראַד ניט אויסגעקומען אָנצופיהרען אַ קאַמפּף מיט פאַנאַטישע עלטערען, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט די מייסטע פון זיינע צייט־גענאָסען, פאַר זיין בילדונג און אויפקלעהרונג, וואָרום זיינע עלטערען האָבען איהם באמת ניט נור ניט געשטערט, נור, להפך, איהם פיעל מיטגעהאָלפען און געלאָזט איהם שטודירען אין שולע, צוערשט אין זיין שטאָדט, ווען אַזעלכע האָט זיך געעפענט, און נאָכהער איהם געשיקט אויך אין דער זשיטאָמירער ראַבינער שוהלע.

פּערזענליך האָט ער, אַלזאָ, קיין רדיפות פון פאַנאַטיקער ניט געלי־טען, און ביי איהם אין האַרצען האָט זיך אויך ניט געקענט אָנקלייבען קיין פיעל גאַל געגען די פאַנאַטיקער, און ווי עס שיינט איז ערשט דאָרטען אין דער זשיטאָמירער ראַבינער־שוהלע, די מעקא וואוהין עס האָבען געפיל־גערט דאַן פיעלע פון די יונגע לייט, וועלכע האָבען געפיהרט דעם קרייץ־צוג געגען פאַנאַטיזם און פאַר דער הימלישער השכלה, און אויף זייערע פּלייצעס דורכגעטראָגען די ליידען פון קאַמפּף, די שוהלע, וועלכע האָט אונז, אגב, מזכה געווען מיט אַ שעהנע פּאָאַר בעריהמטע אַסימילאַטאָרען — ערשט דאָרטען איז דער יונגער גאָלדפאַדען אָנגעשטעקט געוואָרען מיט דעם השכלה גייסט, און געוואונען געוואָרען אַלס זיין הייסער פּאַר־קעמפּפער.

און שוין אין זיינע ערשטע ליעדער בעמערקען מיר דעם גרויסען

כבוד, וועלכען ער פיהלט צו דער חשכלה, און דעם ערשטען קאמפף'ס צוג געגען דעם פאַנאַטיזם. דאָך מעהר פון אַלץ זיינען זיי אויסגעפילט פון זיין גרויסע ליעבע צום ליידענדען פאָלק.

אַלענפאַלס געפינט איהר דאָרט ניט דעם האַס צו די „בלינדע פאַנאַטיקער, און די פעראַכטונג צו די „מורדי־אור", וואָס איהר טרעפט אין די שריפטען פון יענער צייט, פערקעהרט, עס הערט זיך אָפט אין זיינע ליעדלעך אַ מיטלייד'ס געפיהל, מיט די מענשען, וועלכע לעבען בעל כרחם אין דער פינסטערנים, און קענען ניט, ווי די בלינדע, הנאה האָבען פון אַ שטראַהל ליכט...

אין די ליעדלעך טרעפט איהר אויך דעם געזונדען אידישען הומאָר, וועלכער איז ביי איהם דורכגעוועבט מיט די ראָזע פעדים פון ליכטיגען אָפּטימיזם, פון אַ טיעפען גלויבען, דאָס דעם אידישען פאָלק'ס געניום איז נאָך בעשערט מיט זיינע אייגענע הענד אָנשרייבען אַ נייע בלאַט אין זיין געשיכטע...

אמת, די ליעדלעך זיינען נאָך אַלעמען ווייט פון ריכטיגער פּאָעזיע. זיי זיינען אָבער פאָלקסטהימליך, פול מיט שטימונג און קומען פון אַ וואַרם הארץ, פון אַ מיטליידענדער נשמה און האָבען דעם פּאָעטישען הויך „דהי טאָוטש אָוו פּאָעטרי", ווי די ענגלישע זאָגען.

גאָלדפאַדען האָט אַ אויג פאַר דער נאַטור און אַ שטאַרקע ליעבע צו איהר, און כאָטש אין זיינע ליעדלעך בעגעגנען מיר ניט אַזא ליעד, וועלכע זאָל ספּעציעל בעזינגען „די סאַכע מיט איהר מזל און ברכה", פיהלט זיך אָבער זיין ליעבשאַפט צו דער נאַטור און בעקאַנטשאַפט מיט איהר, און אין זיינע דראַמעס, ווי אין זיינע ליעדלעך מאָלט ער מיט אַ קינסטלער־האַנד בילדלעך פון דער נאַטור.

גאָלדפאַדען איז אַ קינד פון אַ געגענד, וואו די נאַטור איז שפע'דיג רייך און רייצענד שעהן, וואו די אידישע שטעדטלעך זיינען איינגעטונקען אין גרינס און אין בוימער, פון אַ געגענד מיט פעלדער און וועלדער און שעהנע צויבערענדע פּאַנאָראַמעס, פון אַ געגענד, ווי אָפּגעריסען די אידען זיינען ניט פון דער נאַטור, געניסען זיי דאָך פון די בשמים־ריחות וועלכע קריכען זיי פריהלינג צייט אין די נאָזלעכער, און פון דעם שניט ליעד געזונגען פון די פּויערים, וועלכער דרינגט אָפט אריין אין זייערע אויערען. און פיעלע מאָל איז יענע זיסע, מאָנאָטאָנע ווייטע שירה פון די נאַטור־מענשען, וועלכע גנב'עט זיך אריין אין די אידישע הייזער דורך די אָפענע פענסטער, אויך מבלבל אַ אידען, וועלכער שטעהט שמונה עשרה, און איז מתפלל בכונה. — אין גאָלדפאַדען'ס ליעדלעך פיהלט איהר דאָס ווידער־קול פון יענע אין דער יוגענד געהערטע נאַטור ליעדער.

גאָלדפאַדענ'ס ליעדער זיינען באַלד שטאַרק פּאָפּולער געוואָרען צווי־שען פאָלק. אין דעם האָט אָהן ספק אויך פיעל מיטגעהאָלפען די מעלאָדיען, וועלכע גאָלדפאַדען האָט פאַר זיינע ליעדער פערפאַסט.

מיר לאָזען איבער פאַר אַנדערע די חקירה, צו איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אידישע מוזיק, אָדער ניט, און צו די סינאַגאָגע־מוזיק איז אייגענע אידישע, אָדער זי איז געבאָרגט פון די שפּאַניער — איין זאַך איז אָבער זיכער, דאָס געוויסע מעלאָדיען און מאָטיוועו, מעהר ווי אַנדערע, רעדען צו דער אידישער נשמה, און זיינען ביכלת ביי דעם אידישען צוהערער ארויסצורופען יום־טוב'דיגע געפיהלען, אַ הייליגע שטימונג, אַ דערנע־הענטערונג צום אין־סוד, און צו ברענגען איהם צו התפשטות הנשמיות.

אַזוינע מעלאָדיען זיינען גאָלדפאַדענ'ס. עס איז אין זיי איינגע־זאַפּט דער טיעפער אידישער אומעט, דער גלות עצבות, און דער שיין פון דער אידישער האָפנונג, דער טרויער און בענקעניס, טרעהר און שמייכעל, און אַלעס ווערט ביי איהם צוזאַמענגעגאָסען אין ריהרענדער האַרמאָניע. די ווירקונג פון זיינע ליעדלעך אויף די אידישע מאַסען איז געווען אונ־געהויער גרויס.

דאָך ווען גאָלדפאַדען קומט קיין רומעניען, און דורך דעם ערפאָלג, וואָס זיינע ליעדלעך האָבען צווישען די מאַסען, קומט איהם אויף דער געדאַנק זיך נעהמען פאַר דער דראַמע, איז דאָס צו אַלער ערשט פערבונ־דען מיט די צוועקען פון דער השכלה, די הערשענדע שטרעמונג פון דער צייט, מיט דער שטרעבונג אויפצוקלעהרען דאָס נאַרישע פאָלק — פון דער בימה אַרונטער.

גאָלדפאַדען ווערט דער גרינדער פון דעם טהעאַטער, און עס ווערט אויף אַזאַ אופן ערגאָבערט אַ נייע פּאָזיציע פאַר דעם השכלה־קאַמפּף.

די גרינדונג פון דעם אידישען טהעאַטער, און די גרויסע ווירקונג, וואָס עס האָט אויך אין זיין ערשטען אָרימען געשטאַלט, געהאַט אויף די אידישע מאַסען, — דאָס אַלעס שטעלט מיט זיך פאַר אַ גאַנץ בעזונדערען בלאַט אין דער אויפקלעהרונגס־ און קולטור־געשיכטע פון פאָלק; גרויס זיינען געוויס די פערדיענסטען פון גאָלדפאַדען דעם גרינדער, דאָס געהט אָבער איצט ניט אריין אין אונזער בעטראַכטונג.

גאָלפאַדען איז געווען אויך דער ערשטער שרייבער פ א ר ד ע ר א י ד י ש ע ר ב י ה נ ע. מיר אונטערצייכנען די לעצטע ווערטער „פאַר דער אידישער ביהנע", דען אָרעם ווי עס איז די דראַמען־אָבטהיילונג אין דער אידישער ליטעראַטור, זיינען דאָך איניגע דראַמען געשריעבען גע־וואָרען נאָך פאַר גאָלדפאַדען. דאָס זיינען אָבער אַלץ געווען ליטעראַרישע דראַמען און כלל ניט געמיינט פאַר דער ביהנע, און חוץ די קאָמעדיע

„מכירת יוסף“, וועלכע אמאטיורען פלעגען אויפפיהרען אום פורים, בשעת שמחה, איז גאָלדפאַדען, אין אמת'ען, געווען דער ערשטער, וואָס האָט געשריעבען דירעקט פאר דער ביהנע, גערעכענט זיך מיט איהר טעכניק און אין דעם פאַל געווען א בעשאפער, א „בורא יש מאין“.

גאָלדפאַדען נעהמט זיך דאָך ניט צו דראמא, נאָר צו מעלאָדראמא, און דאָס איז זעהר נויטיג צו געדענקען, ווען מען טרעט צו צו קריטיקירען און אָפּשאַצען זיין ווערטה אַלס דראמאטורג.

עס איז דאָך פאַלש און ניט עהרליך צוצוטרעטען צו גאָלדפאַדען'ס ווערק מיט דעם מאסשטאב פון דער דראמע, מיט איהר קריטעריאָן, ווען ער האָט, באמת, קיינמאָל קיין דראמא ניט געשריעבען און האָט אפילו קיינמאָל קיין אנשפּרוך ניט געמאַכט אויף דעם סאָרט שרייבען.

אַלע זיינע ווערק האָט גאָלדפאַדען גערופען אָדער מעלאָדראמא, אָדער היסטאָרישע אָפּערעטא. אויך זיינע בעסטע צוויי ווערק, בר כוכבא און שולמית, רופט ער די ערשטע „היסטאָרישע אָפּערעטע“ און די אנדערע „מעלאָדראמא“. די גערעכטיגקייט פאָדערט דעריבער פון אונז, מיר זאָלען מיט אַזא קריטעריאָן צוטרעטען צו די ווערק. א מעלאָדראמא אָדער א היסטאָרישע אָפּערא איז געווים ניט דאָס וואָס א דראמא, און נאָך וועניגער וואָס א רעאַליסטישע דראמא.

אין דער מעלאָדראמא קומען זעלטען פאָר זעלען־צוזאמענשטויסען, פּסיכאָלאָגישע געגענזאצען און טראגישע פינאַלען. די מעלאָדראמא לאָזט זיך ניט ארונטער אויף דעם תהום פון לעבען צו ענטדעקען זיינע סודות און אפילו ניט אויסצופישען זיינע וואונדער־פּעריל, — די מלאָדראמא האַלט זיך אויף דער אויבערפלעכע פון לעבען. בכלל, איז דאָס לעבען פאַר איהר ניט קיין טיעפער ים, נאָר א גרויסער טייך, אויף וועלכען גאָלדענע פישעלעך שווימען ארום און ווארמען זיך אין דער זון... די מעלאָדראמא זוכט ניט אויפצופלאָנטערען אָדער איבערצוהאַקען די גאָרדישע קניפּען פון לעבען, דען זי זעהט ניט קיינע קניפּען, נאָר א געוועב דורכגעשטרייפט מיט שעהנע אוזאָרען, וואָס פערנעהמען דאָס אויג. אין דער מעלאָדראמא איז איבער אַלץ, ווי אין א פולער לבנה־נאַכט, פערשפּרייט בלויע ליכט־נעצען און אַלץ זעהט אוים מילד, שעהן און אנציהענד. אין דער וועלט פון מעלאָדראמא איז ניט מעגליך, אַז דאָס בייזע זאָל טריאומפירען. אין דער פאַנטאַסטישער וועלט זיצט די גערעכטיגקייט אויף דעם גאָלדענעם שטוהל און דאָס בייזע קומט באמת נאָר מבליט צו זיין די אונבעגרענצטע מאכט פון דער גערעכטיגקייט. דאָס בייזע פאַלט תמיד דורך און דאָס גוטע זיעגט און אַלע גוטע און פרומע מענשען בלייבען צופריעדען מיט גאָט'ס וועלט און מיט איהר סדר.

אין דער מעלאָדראמא איז דאָס זינגען איינס פון די הויפּט־עיקרים, מעלאָס — מיינט אין גריכיש זינגען, און אויסער דעם זינגען האָט נאָך די טראַדיציע איינגעפּיהרט, אַז אין יעדער מעלאָדראַמא זאָל זיך בעטהיי־ליגען אַ קאָמיקער, אַ ליץ, וועלכער דאַרף פּרעהליך מאַכען דעם עולם.

די מעלאָדראמא איז, אין אמת׳ן, אַ גאַנץ אַנדערע בייט אין דעם ליטעראַרישען גאָרטען, און אויף איהר וואַקסען גאַנץ אַנדערע פּלאַנצונגען, ווי אויף דער דראַמא־בייט. אָבער אויך די פּלאַנצונגען קענען, ביי ריכ־טיגער בעאַרבייטונג און מיט גענוג זונענשיין און לופט, אַרויסברענגען דעם בעסטען דופט.

אין פראַנקרייך, למשל, האָט פאַר אַ צייט לאַנג צוזאַמען מיט דער דראַמא געבליהט אויך די מעלאָדראַמא, און עס איז אויף דעם געביעט געשאַפען געוואָרען גרויסע ווערק. אויך אין רוסלאַנד האָבען די מאַלאָ־רוסען ענטוויקעלט אַ וויכטיגען מעלאָדראַמאַטישען רעפּערטואַר.

אין דער מעלאָדראַמא, פּונקט ווי אין דער ראָמאַנטישער ליטעראַטור, קען מען דאָך לייכט אונטערשיידען פון קונסט־ווערק ביז שונד, כאָטש אין דעם איבערטרייבען פון כאַראַקטערען און אין די אויסעראָרדענטליכ־קייט פון פּאַסירונגען זיינען זיי גאַנץ עהנליך איינס צום צווייטען, קען מען דאָך שנעל אונטערשיידען צווישען דער האַנד פון קינסטלער, וועלכער שאַפט, ביז דער האַנד פון „פּאַרטאַטש“, וועלכער שמירט.

גאָלדפאַדענ׳ען האָט נאָר דער געזונדער אינסטינקט אונטערגעזאָגט צו שרייבען מעלאָדראַמא און ניט דראַמא. אין מעלאָדראַמא האָט ער כאָטש אין זיינע ליעדלעך אָפּט געדיענט דעם גאָט פון קונסט.

אין זיינע ערשטע ווערק האָט גאָלדפאַדען פאַר זיך בלויז איין טהעמא, וועלכע ווערט ביי איהם איבערגעניצעוועט אויף פערשיעדענע אופנים, אַ מאָטיוו פאַר פערשיעדענע וואַריאַציאָנען, און דאָס איז דער קאַמפּף געגען פאַנאַטיזם.

די מעלאָדראַמא האָט איהם, לויט איהר טבע, געצוואונגען בעגרע־נעצען דעם גאַנצען קאַמפּף אויף איין פּונקט, אויסשיסען דעם גאַנצען פּולווער אין איין ריכטונג, און גאָלדפאַדען האָט פאַר זיך אויפגענומען דעם קאַמפּף געגען די פאַנאַטיקער־עלטערען, וועלכע ווילען פערהייראַטהען זייערע געבילדעטע טעכטער פאַר עפּעס אַ פרומען שלימזל, וואָס טויג ניט צו דער וועלט, וועלכער איז אָבער אַ מיוחס און אַ בן תורה, בשעת זי, די טאָכטער, איז פערליעבט איבער די אויערען אין איינעם אַן „אַריס־טאָקראַט“, וועלכער האָט איהר די אויגען געעפענט און געגעבען איהר צו פערזוכען פון דעם עץ־הדעת.

אין גאָלדפאַדען׳ס מעלאָדראַמאַ זיעגט געוועהנליך די השכלה איבער

דעם פאַנאַטיזם. ער, דער געליעבטער, דער אויפגעקלעהרטער, וועלכער איז אויך אַ חכם־עתיק, קומט אין דער ריכטיגער מינוט פון סכנה צו פליהען, נאָר ווי אויף אַ ווירבעל־ווינד אָדער אויף אַ פער'כשופ'טער קאָטשערע, און טראָגט אויף זיינע הענד אַרוים די געליעבטע פון דעם גע־פאהר פון פאַנאַטיזם, און זי ווערט למזל זיין „בעשערטע", איהר קאַמפף ווערט בעלאָהנט, די עלטערען שטימען ענדליך אויך איין — וואָס זאָלען זיי נעביך טהאָן? — און אַלעס ענדיגט זיך בכי טוב.

אין די ערשטע דראַמעס, מיט וועלכע ער בענוצט זיך אַלס מיטעל צו קעמפּפען געגען פאַנאַטיזם, איז גאָלדפאַדען מעהר אָראַטאָר ווי קינסט־לער. פייערדיגע רעדעס ווערען אויף דער ביהנע געהאַלטען געגען דער פינסטערניש. און איהם קימערט גאַנץ ווייניג, וואָס ער איבערטרייבט און איז מגזם, און די האַנדלענדע פּערזאָנען קומען אַרוים פאַרבלאָז, אונזיניגע קאַריקאַטורען, זיין צוועק איז אָפּרעדען פון דעם האַרץ, נעהמען דעם עולם, אַרויסרופען ענטריסטונג, לעכערליך מאַכען דעם פאַנאַטיזם. און אין יענער קאַמפּפס־פעריאָדע, ווען די לופט איז געווען פול מיט עקספּלאָדירענדע שטאָפען, די שטרייטענדע צדדים זיינען געלעגען איינער דעם אַנדערען אין די האָר, און דאָס קאַמפּפס־פעלד איז געווען פערשפּרייט מיט קרבנות, האָבען די מעלאָדראַמען אויך געמאַכט אַ רושם אויף די מאַסען און אַרויס־גערופען אין זיי אַנטיפּאַטיען געגען די „מורדי־אור".

בעטראַכט מען אָבער די אַלע מעלאָדראַמעס פון שטאַנדפּונקט פון ליטעראַטור, האַלטען זיי ניט אויס קיין קריטיק, און ווען ניט די אייניגע לידלעך, אויף וועלכע עס שוועבט אָפט דער פּאָעטישער גייסט, פערדיענען די מעלאָדראַמאַס ניט ערנסט בעטראַכט צו ווערען.

געוויס, מען קען דעם מחבר פערטהיידיגען, דער מחבר האָט אונז אַליין ניט איינמאָל דערצעהלט התנצלות, מכח דעם ווי עס איז אין דער ערשטער צייט ניט געווען קיין ריכטיגע אַקטיאָרען, ניט קיין ביהנע, און ווי אַזוי ער האָט אייניגע מעלאָדראַמעס „אויפגעבאַקען" אויף שנעל בין לא יום ולא לילה, און לסוף אויך מכח דעם, וואָס די מאַסען זיינען אין דער ערשטער צייט ניט געווען פּאָרבערייטעט פאַר קיין בעסערס, דאָס אַלעס מעג זיך זיין אויך גאַנץ ריכטיג, דאָס קען אָבער אויף איין האָר ניט ענדערען דעם אורטהייל איבער זיינע ווערק.

אַן אויסנאַהמע בילדען די ביי די אידישע מאַסען שטאַרק בעליעבטע און פּאָפּולער געוואָרענע מעלאָדראַמאַ „שולמית" און די היסטאָרישע אָפּע־רעטאַ „בר כוכבא". אין זיי דערפיהלט מען די האַנד פון אַ קינסטלער, און שטעלענוויז האָט זיך אין זיי גאָלדפאַדען אפילו ערהויבען צו דער הויך פון אַ גרויסען קינסטלער.

אין די צוויי דערמאָנטע מעלאָדראַמעס, וועלכע זיינען אויסגעוועבט אויף דער קאַנווע פון דער אידישער גאָלדענער פערגאַנגענהייט, האָט שיינט גאָלדפאַדען זיך געפּיהלט מעהר ביי זיך, מעהר אין האַרמאָניע מיט זיין אייגענער נאַטור, מיט זיין דיכטערישער נשמה וועלכע איז געווען דורכגענומען פון אַ טיעפער ליעבע צום פאָלק, פון אַ בענקעניש נאָך זיין געזונדער פערגאַנגענהייט, און פון אַ הייליגען גלויבען אין זיין האָפנונג.

דער געגענזאַץ פון אליעזר המודעי און בר כוכבא, ווערט אין זיין „בר־כוכבא" זעהר קינסטלעריש געמאָלען; דער געגענזאַץ צווישען די צוויי פערשיעדענע נאַטורען, וועלכער איז אַזוי אייביג ווי די שטערען אין הימעל. אין די פיער שורות: „דאָס יונגע הייסע בלוט, קען ניט צוזעהן אַזוי קאַלט, יעדע מינוט פאַר זיך דעם שונא'ס מערדעריש געשטאַלט. האַק מיר אָפּ דעם קאָפּ, ווארף איהם אַריין אין קבר, נאָר ניט רייסען יעדער מינוט צו ביסלעך איטליכם אבר" — די פיער שורות, וועלכע גאָלדפאַדען לעגט אַריין אין דעם מויל פון דעם רעבעלירענדען גייסט, ענטהאַלטען אין זיך דעם גאַנצען שטורעם פון אַזאַ הייסער און ברויזענדער נאַטור ווי בר כוכבא'ס, און זיי פּאַסען זיך פאַר אַלע אויפרעגענדע פרייהייטס־ליעבענדע נאַטורען, פאַר אַלע דורות.

ניט ווינציגער ערנסט און פּאַטהעטיש איז געמאָהלען דער אַלטער פּאַטריאַרך אליעזר המודעי, וועלכער וויינט איבער יעדע זאַך, איז אויס־געדעכענט און קאַלט, און זוכט די סבה פון זיינע ליידען אין די חטאים געגען דעם בורא.

„ער האָט אונז געליעבט, מיר האָבען זיך דערפון ניט געמאַכט. ער האָט אונז אַ תורה געשענקט, מיר האָבען זי פעראַכט". אויך דער אַלטער בענקט נאָך דעם אַמאָליגען שטאָלץ און פיהלט די שווערע קייטען, וועלכע וועגען איהם אַרונטער. זיין פערוואונדעטע נשמה צאַפּעלט זיך נאָך פרייהייט, די אמונה האָט איהם אָבער איינגעצוימט, אָבגעקיהלט זיין בלוט און צוגענומען דעם גלויבען אין די אייגענע כחות. און טיעף־פערצווייפלענד איז זיין ליעד, וואָס ענטפערט אויף דער טראַגעדיע פון פאָלק, אויף דעם אונטערגאַנג פון זיין שטאָלץ און פאַטערלאַנד, בלויז מיט די ווערטער: „איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד".

אמת, אויך די מעלאָדראַמאַ „בר כוכבא" איז ניט אין גאַנצען ריין פון פעהלערען, און די פעהלערען זיינען ניט קיין צופעליגע, נור אָרגאַנישע. אמת, אויך דאָ האָט גאָלדפאַדען ניט געקענט בעהערשען דאָס מאַטעריאַל, און בילדען אַ פון איין שטיק אויסגעגאָסען ווערק, אין וועלכען די טיילען זאָלען זיך איינשליסען אין גאַנצען, אַזוי ווי די אברים אין גוף, דאָך מיט אַלע פעהלערען שלאָגט אין איהר אַ קוואַל פון לעבען.

נאָך פּיעל העכער אין ליטעראַרישען זין שטעהט שולמית. דאָרט טרעפען מיר שוין אויך שוואונג און פאַנטאַזיע.

אין שולמית ווערט דער צושויער דורך דעם לייכטען כמעט אונבע־מערקבאַרען ריהר פון מחבר׳ס האַנד אַריינגעפיהרט אין אַן אַנדער סביבה. אין אַ סביבה פון פּאַסטוכער, פעלדער און וועלדער, מיט נאַטירליכער ליעבע, מיט אַגעזונדען ריינעם נאַטור־לעבען, אָהן דינים, גזרות, סיגים, אָהן פּלפּולים, פּשט׳לעך און „גראָבע פינגער" פּאָליטיק.

„פּלאָקער, פּייערל, פּלאָקער,
קנאַק אונז פרעהליך צו,
— — — — — — — — — — —
דער בויער רוהט ביים אַקער,
דער פּאַסטוך ביי זיינע פּיה."

און פאַר אייערע אויגען וויקעלט זיך פונאַנדער אַ צויבער־בילד פון אַ געזונדען זאָרגלאָזען בויער־לעבען.

מיט דעם ווערק „בן עמי", וועלכעס גאָלדפאַדען האָט, נאָך אַ לאַנגער צייט פון שווייגען, פערפאַסט אין די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען, מיט דעם „בן־זקונים" אַזוי צו זאָגען, וועלכער, טראָץ פּיעל שוואַכער, איז דאָך אויף דעם זעלבען שניט, ווי „בר כוכבא" און „שולמית", איז דערווייל דער קאַפּיטעל פון דער נאַציאָנאַלער מעלאָדראַמאַ געשלאָסען.

גאָלדפאַדען איז געוועזען דער ערשטער, וואָס האָט די נאַציאָנאַלע מעלאָדראַמאַ־בייט פערפלאַנצט, און איז נאָך עד היום געבליבען דער איינציגער. קיין אַנדערער, וועלכער זאָל די שטעלע פערטרעטען, איז דערווייל ניטאָ.

די דראַמאַטורגען, וואָס זיינען געקומען נאָך איהם האָבען זיך שוין בעשעפטיגט מעהר מיט דעם רעאַלען לעבען פון דעם היינט, האָבען געשאַפען שטרענג רעאַליסטישע ווערק און האָבען די נאַציאָנאַלע מעלאָ־דראַמאַ אין גאַנצען פערנאַכלעסיגט.

נעבען דער רעאַליסטישער דראַמאַ האָט שטאַרק פאַנאַנדערגעבליהט די שונד־דראַמאַ, און עס זיינען די שונד־שרייבער, וועלכע פּראָדוצירען זעהר אָפט, אויף זייער שטייגער, אויך נאַציאָנאַלע מעלאָדראַמאַ. זיי זיינען געוואָרען איהרע איינציגע פּפלעגער און יורשים, און זי איז פאַר זיי אַ גאַנץ גוטע מעלקענדע קוה, וואָס דאָס איבערצייגט נור וויפיעל די אמת׳ע נאַציאָנאַלע מעלאָדראַמאַ האָט נאָך געקענט אויפטהאָן אונטער די אידישע מאַסען.

דען פאַר די ברייטע אידישע מאַסען, וועלכע זיינען נאָך מייסטענס

ניט רייף פאַר דראַמאַ, וואָלטען די נאַציאָנאַלע מעלאָדראַמאַ און די היסטאָרישע אָפּערעטאַ, ווען זיי וואָלטען נור אריינקומען אין די הענד פון קינסטלער, געקענט אריינברענגען אביסעל מעהר זון און הימעל, אביסעל מעהר לופט און ליכט אין זייער גרויען וואָלקענדיגען לעבען, און אויפוועקען אין זיי די תשוקה צו א געזונדען פרייען לעבען...

די נאַציאָנאַלע מעלאָדראַמאַ האָט אָבער פערבליהט, איידער זי האָט זיך פונאנדערגעוואַקסען, גאָלדפאַדען האָט ניט געפונען קיין נאָכפאָלגער, וועלכער זאָל ציהען דעם גאָלדענעם פאָדעם, וואָס ער האָט אָנגעהויבען שפּינען, און שפּינען איהם ווייטער.

אין דעם איז אָבער געווים ניט שולדיג גאָלדפאַדען. ער האָט דאָס בעסטע פון זיין נשמה געשענקט דעם פאָלק, געווידמעט איהם זיין כשרון און כחות, און מיט דעם וואונש אויף זיינע ליפּען צו זעהן זיין פאָלק פריי האָט ער אויסגעהויכט זיין לעצטען אָטהעם...

---

# יהואש

מאָגער און זאַפט־אָרעם איז דער אידיש־ליטעראַרישער באָדען אין אַמעריקא. זעלטען ווען אויף איהם שפּראָצט אויס א רייכפאַרביגע און פער׳שכור׳ענד שמעקענדע בלום; דער באָדען איז ניכר פאַר דעם דערוואייל ניט מסוגל. ווען דער באָדען איז אָרעם און זאַמדיג, פון וואַנען קען דען די בלום ציהען איהר יניקה?

אַמאָל, ווען א ברכה־רעגען בענעצט דעם אָרעמען באָדען, און א ליעבע ווארימע זון קושט איהם מיט איהרע העלע שטראַהלען, דאַן הילט ער זיך אפילו איין אין גרינע גראָזען, און דאָ און דאָרט שטעקען בליהמעלעך ארויס זייערע קעפּעלעך נעגען דער זון; די בליהמעלעך זיינען אָבער על פּי רוב בלאַסע, שוואַכע, און יעדער „רוח מצויה“, יעדעם בלאַזווינטעל וואַרפט זיי פון די פיס, און האַלב־טויט ציהען זיי זיך אויס אויף דעם מוטער־באָדען, וואָס איז זיי ניט בכח צו ערנעהרען, ווערען מיט זאַמד פערשיט און פערגעהען... אָרימע בליהמעלעך!

אויך זעהר ווייניג שפּיעל־פויגלען מאַכען זייערע נעסטען אויף דעם פערלאָזענעם באָדען. די טבע פון „בעלי־כנף“ איז, אז זיי האָבען ליעב גרינס, בלומען, בוימער, אַראָמאַט און מחיה־נפשות׳דיגע ריחות.

און זעלטען דעריבער הערט זיך אין אונזערע מקומות די פערגעהענדע,

שטיינער־רייכע צויבער־מוזיק, די הארציגע, טיף־ריהרענדע מעלאָדיען...
די נשמה געהט אָפּט אוים פון בענקעניש נאָך א רעכטען אויפטרייסלענדען ליעד, און זעלטען נור ווערט דער פערלאַנג בעפריעדיגט.

עס טרעפט אָבער, אז א ערשטער קלאס זינגער־פויגעל פערפליהט אהער פון מרחקים, אזש מעבר לים, צו אונז אויף אונזער באָדען. אין דער ערשטער צייט נעהמט איהם פּשוט אָב דער חשק צו זינגען; די לײדינגע, טרוקענע לופט פערשלאָגט איהם דעם אָטהעם. ס'איז איהם אונמעגליך צו זינגען. ביסלעכווייז אָבער געוועהנט ער זיך צו צו דעם קלימאַט און דער אומגעבונג. זיין זינגער־נשמה פאָדערט דאָס איהרינע, און ער הויבט ווייטער אָן דיכטען, צוגיעסען זיך אין טרעלען... די טרעלען פעהלט, אמת, די ווייכקייט, די פרייקייט, עס זיינען אָבער דאָך טרעלען, וועלכע שטראָמען פון דעם רייכען האלז פון א בעגאבטען זינגער.

און באלד גרייפען זיי אָן אונזער נשמה, און מיט דורשטיגקייט כאַפּען מיר אויף יעדען טריפּענדען טאָן, און מיר פיהלען ווי אָבגעפרישט, ווי א פער'חלש'טער מדבר־וואנדערער, ווען ער טרעפט א פריש־שלאַגענדען קוואל...

אזא זינגער איז פאר אונז אמעריקאנער אידען דער דיכטער יהואש.

# I

לויט זיין אינהאַלט איז יהואש אן עכט־אידישער פּאָעט, א גלות־דיכטער, דער בעזינגער פון אידישען צער און טיעפען טרויער, וועלכע פער'סם'ען זיין בלוט, כאָטש, לויט דער פאָרמע, זיינען זיינע ליעדער גיכער ענגליש, ווי אידיש, ווייל יהואש געפינט זיך שטארק אונטער דעם איינפלוס פון דער ענגלישער פּאָעזיע.

יהואש איז ניט נאָר דער דיכטער פון דעם היינט, נאָר אויך פון נעכטען און מאָרגען. סיי די אגדות און חלומות פון דעם נאָהענטען און ווייטען עבר, די גרייז־גרויע מעשיות, די אַלטע און פערגעסענע, סיי די טאָג־טעגליכע פאסירונגען, וועלכע זיינען פערבונדען בלויז מיט דעם מאָמענט, קומען און פערשווינדען, און אויך ערשיינונגען פון דער ווייטער צוקונפט, זאכען, וועלכע זיינען נאָך אין פּראָצעס פון ווער'ען, דאָס וואָס די אַלטע פילאָזאָפען האָבען גערופען „חומר־היולי", און איז אין דער קבלה בעקאַנט אַלס „אור הגנוז", דאָס בעהאַלטענע ליכט — דאָס אַלץ דיענט דעם פּאָעט אַלס דיכטונגס־שטאָף.

אין דער פערגאנגענהייט, געהט אָבער יהואש ניט ווייטער ווי אין דער פערגאנגענהייט פון גלות, ניט מעהר. דער גראנדיאָזער, שעהנער עבר, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט געלעבט אויף זיין אייגענעם באָדען, פריי

און אַ האר פאַר זיך, מיט נענוג לופט צו אָטעמען און נענוג רוים פאַר זיין גייסט — דיזע פערגאַנגענהייט פערשטעהט ער כלל וכלל נים.

און טרעט ער אַמאָל אריבער דעם גרענעץ און „שמוגעלט" אריין אַ מאָטיוו פון דער גאָר ווייטער פערגאַנגענהייט, דאַן ברענגט ער אונז אַ מאָטיוו פון דעם נביא וועלכער איז פערוואָרפען געוואָרען מיט שטיינער און וועמעס בלוט עס האָט ניט געוואָלט געשטילט ווערען ביז מען האָט ניט אויסגעקוילעט פיעלע קליינע קינדער.

יהואש איז אַ גלות־קינד, און די קללה פון גלות טראָגט ער טיעף אין הארצען. ער איז פערטיעפט אין די טרעהרען־אָנגעזאַפּטע נהעמאַ־לעגענדעס, אין דעם לעבען פון צער און פורעניות, און ער האָט קיין צייט פאַר די גראַנדיאָזע בילדער פון דעם שעהנעם עבר. ער שפּאַנט ארום אין דער גלות בילדער־גאַלעריע, שטעלט זיך אָפּ ביי דעם בילד, אָט ביי יענעם, זיין אויג פערציהט זיך מיט אַ טרעהר, זיין הארץ דריקט זיך צוזאַמען, און עס רייסט זיך ארויס אַ טרויעריגע מעלאָדיע...

אויף דער ליעבער פריהלינג, מיט די גלעטענדע זעפיר ווינטלעך, מיט די פרישע ריחות, קענען דעם פּאָעט ניט ארויסברענגען פון זיין מרה־שחורה'דיגער שטימונג, ווייל ביי איהם אין הארצען:

„דאָרט תמיד ליעגט פערמויערט,
יענער גייסט וואָס אייביג טרויערט,
יענער שמערץ פאַר וועלכען פריהלינג
ברענגט קיין באַלזאַם ניט, קיין שטילונג,
און פון בלומען דער גערוך
דאָרט בעגעגענט בלויז אַ פלוך..."

**(מאַי אין גלות.)**

גראַד פערמאָגט דער דיכטער אַ שמייכלענדיג אויג, אַ קלאָרס, וועלכעס ציהט זיך צו שעהנקייט, נור ווען ער נעהמט די האַרף אין דער האַנד, און וויל אויף די סטרונעס אויסקושען דעם שעהנעם געפיהל, דאַן הערט ער פלוצלינג אַ פערשטיקטע שטימע, וועלכע שטרענג בעפעהלט: „ניט זינג, שילט מיט טויטע קללות!" פאַר זיינע אויגען בעוויייזען זיך די גלות־קרבנות, און דער דיכטער פיהלט זיך געצוואונגען פון דער געהיימער קראַפט און פאַלט צוריק אריין אין אַ מעלאַנכאָליע.

און עס קלאָגט יאָמערליך דער משורר אויף דאַן, ווען די זון וואַרפט בונטען שטראַהלען, און די קלאָהרע הימלען זיינען לאַקענד ווייט פער־שפּרייט. ווען די ברוסט פון דער מוטער־ערד איז מיט בלומען־קראַנצען בעציערט, און אַלעס איז פריש און מונטער און אָטהעמט מיט שפע און גליק — ער קען זיך ניט העלפען, ער איז בעשוואָרען: אל תשמח ישראל!...

„זיס דאָס פריהלינג ווינטעל בלאָזט,
גרין פערפוצט איז יעדע צווייג,
אין מיין ברוסט נור פוילט און ראָסט
יענער פלוך וואָס איך פערשווייג..."

(דאָרטען.)

„וואָס איך פערשווייג", דאָס איז דער מין שווייגען, וועלכער איז מעהר ווי געקרעדט, דאָס שווייגען וואָס דריקט און שטיקט, און פערגיפטעט די לופט...

אויך אין יענער צייט, ווען דער דיכטער איז ניט געווען גאַנץ בע־וואוסט איבער דעם מקור פון זיין טרויער, האָט דער שורש פון זיין נשמה שוין געצויגען יניקה פון דעם גלות־שמערץ, און פאַר זיין דמיון האָבען געשוועבט די לעגענדען מכח: א גלגול, אַן עגונה, אַן אַלטען פוקס, א טויטע קהלה, און נאָך מעשיות, וועלכע די מאַמע אָדער באָבע האָט איהם געווים דערצעהלט אין א שבת פאַר נאַכט, בין השמשות, ווען דאָס ליכט קעמפפט מיט די גאָט־וויים־פון־וואַנען אַנשווימענדע כוואַליעס פון פינס־טערנים, און שאָטענס וואַקלען זיך און שוועבען אום אויף די ווענד...

דער דיכטער געפינט זיך תמיד אונטער דער גלות־השפּעה, און ווען ער פערגעסט אַמאָל זיין פאָלק, וואָס באָדט זיך אין א ים פון יסורים, דאַן יאָגט איהם אַן א שטים, דערשרעקט איהם און דערמאָנט איהם אַן די אַלט־נייע וואונדען:

„דאָך פלוצים מיך וועקט
אָהן מיטלייד און שרעקט
אַן אַלטע פערגעסענע שטים..."

(אָלימפּוס און חורב.)

דאָס איז יענע שטים, וואָס קומט פון בארג חורב, וועלכע קלאָגט אויף די קינדער וואָס זיינען פערטריבען געוואָרען; די שטימע וואָרענט איהם, אז אומזיסט וויל ער פערגעסען אַן דעם ביטערען מזל פון זיינע געפייניגטע ברידער — עס וועט איהם ניט געלינגען:

„און מיינסטו דיר ווּעלען בעקומען
די געטער און נימפען און בלומען? —
ס'וועט לאַנגזאַם אַזוי ווי דאָס גיפט פון אַ שלאַנג
דער שמערץ פון דיין פאָלק זיך פערשפּריימען
דורך איטליבעס ליעד דיינס, דיין יעדער געזאַנג,
אַ טרויער מוזיק וועט בעגלייטען..."

וויל טרויעריג, טרויעריג איז דאָס אידישע לעבען, מיט קרעכצען און „אוי־וועה געשרייען" איז די אַטמאָספערע געלאָדען, און

„די בלומען וואָס וואַקסען דאָרט וויאַנען,
נאָך איידער זיי האָבען געבליהט,
דאָרט שמעקען די גראָזען מיט מתים גערוך,
די ווינטען דאָרט בלאָזען אַן אייביגען פלוך.“

דער כאַראַקטעריסטישער שטריך אין דעם דיכטער'ס נשמה איז דער פעסימיזם, און דער פעסימיזם איז ניט קיין צייטווייליגער, ניט קיין בעגלייטענדער טאָן, נור דער גרונד־טאָן. זיין צווייפעל שטאַמט פון דער טיעפקייט פון זיין זעעלע, און דיעזער יאוש דורכטרינקט זיינע שירים, ציטערט אין יעדען פערז.

און אויך ווען ער מאָלט פאַר אונז אַן אונשולדיג בילד מכח שמואל און עלי, מכח דוד'ס פיעדעל, וואָס פלעגט שפּיעלען פון זיך, בליקט צו אונז פון דאָרט ארויס אַ גרויסער טרויער.

יהואָש האָט ליעב די נאַטור, און ער פערמאָגט אַן אויג און אויער, וואָס נעהמען אויף ריכטיג די איינדריקע. יהואש איז איינער פון די ווענינע אין דער אידישער ליטעראַטור, וואָס מאָלט אונז דאָס בילד ווי דאָס איז, און ניט דעם רושם וואָס עס האָט אויף איהם געמאַכט, ניט די התפעלות, וואָס זי האָט ביי איהם ארויסגערופען.

ער דולדעט אָבער ניט איהרע העלע פאַרבען, איהר ווילדען צויבער־שפּיעל, איהר „שטורם און דראַנג“, איהר לעבענס־געוואַלט און ליידענ־שאַפטס־גלוטה — דאָס איז אין טיעפען ווידערשפּרוך מיט זיין שטילער אין צער דורכגעוועבטער זעעלע וועלכע זוכט רוהע און איינזאַמקייט, און דער דיכטער מאָלט אונז, און צייכענט זיך אויס ווען ער מאָלט אונז, דאָס שטילע, די רוהע אין דער נאַטור, ווי בילדער פון אַ שטילען בין־השמשות, ווען די זון אַ גע'שחט'ענע באָדט זיך אין איהר בלוט, און הימעל און ערד, דערשראָקענע, פערגאַפטע, קוקען צו און טוליען זיך איינס צום צווייטען אין אַנגסט און אין בענקעניש; אַ שאַ־שטיל אבענד, שטערען צאַפּלען זיך אין דער בלויקייט און ווינקען זיך איבער מיט זייערע פייער־אויגלעך, און די לבנה, די פערצויבערטע נאַכט־וואַנדלעריןּ, שפּאַצירט בנעימות און בעשפּרינקעלט מיט בלאַסער חן־ליכט ים און יבשה; אָדער אַ מאָרגען־פריה, ווען עס בלייכט זיך דער הימעל און די נאַכט בגנבה פערלאָזט די וועלט; דאָס אָנקומען פון פריהלינג, ווען לייכטע ווינטעלעך ברענגען וואַרעמע גריסען, און פויגעלעך — בשורות פון העט־ווייט...

זיין פּינזעל איז צוגעפּאַסט פאַר דעם שטילען טייכעל, וואָס פלויד־דערט אַן אייביגען רוהיגען נגון, אָבער ניט פאַר דעם ים וואָס ברויזט און ליאַרעמט און הויבט אויף טהורעם־כוואַליעס; פון ווינטער מאָל טער אונז טריי דעם שנעע, וואָס הילט איין די וועלט אין אַ שטילער רוה און אין

ווייסער איינזאמקייט, אָבער ניט דעם אכזר־פראָסט, וואָס ברעכט און לאָמעט בוימער אין וואַלד, וואָס פערקיהלט דאָס בלוט אין די אָדערען, וואָס וואַרפט אָן אַ שרעק אויף יעדעם בעשעפעניש אין שטאָדט, וואַלד און פעלד.

און אויב מיר טרעפען ביי יהואש׳ן אַ ליעד איבער דעם ים, דאַן זוכט ניט דאָרט דעם שטורעם, וואָס איז אין „אויף דעם בוזעם פון ים״ פון מאָרים ראָזענפעלד, אָדער „במצולות־ים״ פון י. ל. גאָרדאָן. דאָרט ברויזט ניט און קאָכט, דער אָבגרונד עפענט ניט זיין שלונד. אדרבא, אויך אויף דעם ים איז רוהיג און שלוה׳דיג, ריינע לופט און בלויע הימלען:

„דער ים איז שטיל,
עס געהט די שיף
מיט שטאָלצער רוה איהר וועג.״

און ווייטער:

„איך ווייס ניט וואָס, איך ווייס ניט ווי,
עס טראַכט און פיהלט זיך סתם;
עס שטרעקט און שפרייט
דער גייסט זיך ברייט,
און רוהיג ווי דער ים.״

„רוהיג ווי דער ים״ — דער ים איז פאַר יהואש׳ן דאָס סימבאָל פון רוהיגקייט.

אין זיין שיר „לא ברעש ד׳״, האָט אונז יהואש געוואָלט איבערגעבען דעם רעש, און עס איז איהם לחלוטין ניט געלונגען; אַ ים מיט ווערטער און קיין קלאָרעס בילד; נעהמט ער זיך בעמאָלען די שטילקייט, דעם קול דממה דקה, און זיין פינזעל צויבערט אויף אַ בילד נאָך אַ בילד, און מיר ווערען דורכגעדרונגען פון אַן אינערער בעגייסטערונג, און שטיל מיט גרוים כונה ערקלעהרען מיר צוזאַמען מיט דעם פּאָעט, אַז

„די הייליגע שטילקייט, די רוהיגע קראַפט,
איז גאָט — יענע מאַכט, וועלכע שווייגט און בעשאַפט.״

אויך יהואש׳ס גאָט, זיין זשעניע, איז ניט אין רעש, נור אין דער הייליגער שטילקייט...

ווי פייערבערג, דער העברעער, האָט אונזער דיכטער ליעב די שאָטענס און די נאַכט, און פערליידעט ממש ניט די שאַרפע בריהענדע זון:

„פיר אייך נור קינדער פון גליק איז דאָס ליכט,
פיר מיר איז די זון ניט געמאַכט גאָר —
אויף מיך, ווען זי קוקט אויף מיין עלענד געזיכט,
זי חוזק׳ט און לאַכט גאָר.״

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„פיר מיר און מיין שמערץ איז דער מאַנטעל פון נאַכט
צום גורל געפאַלען.“

**און ווייטער:**

„דעם טאָג און דאָס ליכט בין איך מוחל פאַר אייך,
איך קען ניט די שטראַהלען פערטראָגען.“

**(פיר מיר איז די נאַכט.)**

## II

יהואש׳עס ליעבע־ראָמאַנצען זיינען אַ דופטענדער בוקעט געפלאָכטען פון פערשיעדענע בלומען. איהר טרעפט אין איהם בלוט־רויטע און ליידענ־שאַפטליכע ראָזען, שנעע־ווייסע און ריין־אונבעפלעקטע ליליען, די פרעה־ליך־פולירטע טוליפאַנען, הימעל־בלויע און חנ׳עוודיג־בענקענדע „פערגעס־מיך־ניט׳ס“, און אַנדערע.

אַמאָל, ווען דאָס פאָלק האָט געלעבט אויף זיין באָדען, האָט עס אין זיין ליידענשאַפט אַ „שיר השירים“ געוועבט, אין וועלכען דאָס שאַפענדע ליעבעס־געפיהל איז פערהערליכט געוואָרען. דאָס גלות האָט דאָס פלאַמענ־דע געפיהל אָבגעקיהלט, אָבער ניט אויסגעלאָשען, אָבגעשוואַכט, אָבער ניט אומגעבראַכט. די אידישע רעליגיאָן, אין וועלכער עס האָט זיך, צוליעב פערשיעדענע סבות, אריינגע׳גנב׳עט דער אין גאַנצען פאַר איהר גייסט פרעמדער סגפנות־פּרינציפּ, האָט פיעלע יאָהרהונדערטער אַ קאַמפּף אויף לעבען און טויט געגען דעם געזונדען ליידענשאַפטס אינסטינקט געפיהרט, איהר איז אָבער ניט געלונגען אין גאַנצען דעם געפיהל צו אַטראָפירען; ער איז בלויז געבליבען אַ פער׳חלש׳טער, יעדער גינסטיגער אומשטאַנד האָט ביכלת געהאַט איהם צו ערמונטערען. ר׳ יהודה הלוי, דער נאַציאָנאַ־לער פּאָעט, אין וועמעס האַרץ עס האָט זיך ערוועקט די תשוקה צו אַ פרייען אידישען לעבען, און אַ טיעפע פעראַכטונג צום גלות, האָט געדיכ־טעט שעהנע ליעבעס פערזען; עמנואל הרומי האָט דעם גאָט פון ליידענ־שאַפט געדיענט אָפען און מיט דעם גאַנצען האַרצען, איז ביז אַ געוויסער מדרגה פּאָרנאָגראַפיש געווען.

מען מוז דאָך מודה זיין, אַז אַ קליינע ראָליע האָט הפנים דער פיילען־שיסער קופּיד געשפּיעלט אין דעם אידישען לעבען, ווען מען זאָל נאָך דער ליטעראַטור אורטהיילען.

די רענעסאַנס און רעפאָרמאַציע, וועלכע האָט בעפרייט אייראָפּאַ פון דער טויטענדער ווירקונג פון דער קירכע, פון דעם אין די בייגער

איינגעגראָבענעם ענטזאַגונגס־פּרינציפּ, האָט אויף די אידען אַ קליינעם איינפלוס אויסגעאיבט. זיי זיינען אַלץ געבליבען איינגעשלאָסען אין די ד' אמות פון דער סכאָלאַסטיק און טרוקענעם פּלפּול'יזם, וועלכע האָבען ווי אַ נאָרד־ווינד אויסגעפּראָרען יעדע מחשבה זרה, וועלכע האָט זיך צופעליג פערקליבען אין קאָפּ, צוליעב אַ קוק וואו מען דאַרף ניט, יעדע רעגונג, וועלכע האָט אין אַ בענקענדער זעעלע אויפגעטויכט. ערשט אונטער די זונען־שטראַהלען פון דער עמאַנציפּאַציע האָט דאָס אייז, וועלכער האָט געהאַלטען ווי אין קייטען געשמידט די אידישע נשמה, ענדליך געבראָכען. ווי אַ פאַנטאָן, הויך און ווייט, אין רעגענבויגען־קאָלירען, האָט דער ליעבעס־קוואַל אַ שלאָג געטהאָן ביי דעם דייטשען אידען היינע, און פון דאַן אָן געהען אַלע ליעבעס־דורשטיגע, מיט זייערע בלייכע, טרוקענע ליפּען זייער דורשט שטילען ביי יענעם לעבעדיגען קוואַל.

אויך אין תחום האָבען זיך בעוויזען ליעבע־קנאָספּען, אין דער שטי־קענדער אַטמאָספּערע זיינען געהערט געוואָרען צאַרטע, בענקענדע מעלאָ־דיען, ווייכע האַרפען־טענער, זילבערנע ליעבעס־קלאַנגען...

דער איד פון ירושלים דליטא מאפו, האָט די עהרליכע פרייע, געזונדע נאַטור־ליעבע אין זיין „אהבת ציון" בעמאָלען, און דער געפיהל האָט געפונען אַן אָבקלאַנג אין טויזענדער יונגע הערצער, וועלכע זיינען אויסגע־גאַנגען פון בענקענים און פערצעהרט געוואָרען פון דערשטיקטע ליידענ־שאַפטען.

מיכה לעווענזאָהן, און שפּעטער מאפו, האָבען אין די ליידענשאַפט־ליכע נעכט ליעבעס־טרוימען געזעהן, און זייערע צאַרטע פינגער האָבען גלעטענדע טענער פון דער האַרפע אַרויסגעצויבערט.

אין אידיש איז יהואש דער בעדייטענדסטער זינגער איבער ליעבע און איהרע צויבער, איבער אייפערזוכט און איהרע שמערצען.

איניגע קריטיקער האָבען שוין אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט, אַז יהואש האָט נאָכגעאַהמט היינע'ן. דאָס אורטהייל איז אַלענפאַלס פיעל גינסטיגער ווי דאָס, וועלכעס איז אַרויסגעטראָגען געוואָרען פון אַ געוויסען קריטיקער איבער פרץ'ן, ווען ער האָט זיין וואונדערבאַר ליעבע ליעדער־ביכעלע „העוגב" פערעפענטליכט. יענער קריטיקער האָט איהם פשוט אין גנבה בעשולדיגט; און ביי וועמען קען מען נאָך מעהר גנב'ענען ווי ביי דעם רייכען פעטער היינע'ן? קורץ, פרץ האָט היינע'ן בע'גנב'עט, יהואש אַהמט איהם נאָך. פערשטעהט זיך, אַזביידע בעהויפּטונגען זיינען גרונד־פאַלש. היינע'ס איינפלוס לאָזט זיך בייביידען פיהלען. דער איינפלוס איז אָבער ביי ביידען איבערגעאַרבייט און געלייטערט געוואָרען אין דעם

דיכטער׳ס זעעלע, און אין גאַנץ אָריגינעלע פאָרמען זיך קריסטאַליזירט, ווי דער אַראָמאַט וואָס ווערט אין דער ביהן אין האָניג פערוואַנדעלט.

יהואש זינגט זיינע מייסטע ליעדער איבער דער ליעבע, זעהר וועניג איבער דער געליעבטער. ער דערצעהלט אונז ניט, ווי למשל, דער פערפאַסער פון „שיר השירים״, איבער דעם קערפערליכען בוי פון זיין ליעבעס־אידעאַל, איבער איהרע שעהנע בלויע אָדער שוואַרצע אויגען, איבער איהרע ליידענשאַפטליכע גראַציעזע בעוועגונגען. דערפאַר דערצעהלט ער אונז פיעל איבער זיין ליעבעס־צער, שמערץ און טרויער, און דאָ און דאָרט אויך איבער אַ טראָפּעלע גליק.

די עפעקטען מכח אַ געליעבטען וואָס געהט פעסט געאַרעמט מיט זיין געליבטער, ערגעץ־וואו אין אַן אַלעע, בעגאָסען מיט דעם מאַט־בלאַסען לבנה־ליכט, וועלכעס זיפּט זיך דורך דורך די צווייגען, אָדער ערגעץ־וואו אין וועלדעל, אָדער אויף דער פּיאַזע אין שאָטען פון אַ גרויסען בוים, מיט אַ צווייג געדיכט פערפלאָכטען איבער דעם שטאַכעטעל — דאָס אַלץ פעהלט ביי יהואש׳ן אין גאַנצען.

בלויז אין איין ליעד איז דער פאָעט מרמז אַזוי זיך בדרך אגב, וועלכע אויגען עס בע׳כשופ׳ען איהם און היפּנאָטיזירען, און וועלכע האָר ער האָט ליעב צו קרייזלען און גלעטען, — דאָס זיינען איזמאַראַגדען־בלויע אויגען און גינגאָלד האָר.

אין די מייסטע ליעדער וויינט ער און לאַכט, דאָס רויטע געלעכטער. דעם דיכטער האָט ניט אָבגעגאָלטען אין זיין ליעבע, און ער האָט, שיינט, קיינמאָל ניט אויסגעטרונקען דעם בעכער ביז צום דעק, און דאַריבער מעהר ווי זינגען, בעקלאָגט ער זיין מיס־ערפאָלג. ווי אַ שמעטערלינג האָט ער זיך געצויגען צום ליעבעס־פלאַם, האָט זיינע פליגלען פערסמאַליעט און אַ שטאַרקען וועהטאָג דערשפירט, נור דער וועהטאָג דיענט פאַר איהם אַלס אָנשטויס זיך הויך־הויך, ווייט־ווייט, אין די הימלען אויפצוהויבען, אויף אַ לייטער פון נשמה־פערכאַפּענדע שטייגער. אונזער דיכטער איז עהנליך צו יענעם פויגעלע, איבער וועלכען דער זיידע מענדעלי האָט שוין גערעדט, וואָס זינגט וואונדער־שעהן אין צייט פון זיינע שמערצען... זיינע ליעדער זיינען דאָס וויעדער־קול פון אַ צאַפּלענדער ליידענדער זעעלע.

עס וויל דער דיכטער הנאה האָבען פון דער רייכער וועלט, זיך אריינוואַרפען אין די ברויזענדע ליעבעס־וועלען, אַריינפּרעסען די אייביג־קייט אין אַ מינוט, ווייל זיין בלוט שטורעמט, זידט און ווייס קיין רוה... ער ווייס אויך דעם סוד, אַז די וועלט איז געגליכען צו אַ חתונה, און אַז די היילינסטע מצוה איז: „שמח בילדותך!״ ער ווענדעט זיך דעריבער צו דער געליעבטער מיט דער ביטע:

„אָ, קום, מיין געליעבטע, איך גיב דיר מיין צוזאָג,
איך וועל ניט מעהר טאַדלען און ברומען,
איך וועל ניט מעהר פרעגען אויב דו ביזט מיר טריי נאָך,
איצט גלויב איך, און שפּעטער — וואָס אַרט מיך?
איך וועל זיך מיט ליעבע באַטרינקען, פערגעסען
דאָס נאָבוועהנים, וועלכעס ערוואַרט מיך...
דאָך דו מוזט זיין לוסטיג און ווילד ווי דאָס בלוט
מיר פליסט דורך די זודיגע שלייפען.
פרעס יאָהרען פון זיסקייט אַריין אין אַ רגע,
ס'וועט שנעל דאָך דער כשוף אַנטלויפען...“

אָבער זיין געליעבטע „מאַכט זיך ניכט דערוים“, און עס פּלאַצט אַ סטרונע אין דיכטערס האַרפע, עס שטורעמט זיין ברוסט, און דער פערצעהרענדער ליעבעס-פלאַם ברענט און גליהט אין זיינע אָדערען. דאָך הערט ער ניט אויף בענקען נאָך דעם שעהנעם טרוים, און יאָגט זיך נאָך דעם שאָטען פון גליק...

ער איז גענוג פילאָזאָף און ליעבע-קענער צו וויסען, אַז מיט גיפט איז דער האָניג פון ליעבע געמישט, אָפט קריגט מען בלויז די גיפט און האָניג גאָר-ניט. זיין דיכטערשע נשמה קען זיך אָבער פון דער ליעבע ניט ענטזאָגען, און ווען איהם געהט אויך אויס שלעכט ווי איהם איז אויסגעגאַנגען, טהוט איהם ניט באַנג:

„דאָך האָב איך צומאָל ניט חרטה,
איך וויל ניט מיין טעות בעקלאָגען,
מאָמענטען פון ליעבע פערדיענען
פאַר זיי גאַנצע גיהנום'ס צו טראָגען...“

אמאָל אָבער ערוועקט זיך אין פּאָעט דאָס געפיהל פון נקמה, און ער נוצט דאַן אויס זיין קאַפּריזנע געליעבטע אַלס מאָדעל פאַר זיינעם אַ געדיכט, און ווי אַן עגאָאיסט, וועלכער האָט עררייכט זיין ציעל, רייצט ער זיך מיט איהר און בעריהמט זיך, אַז ער נויטיגט זיך אין איהר ניט מעהר:

„עס לעבט מיין ליעד און דו קענסט געהן,
דו ליעגסט אין איהם בעגראָבען...“

און וואָלטען מיר ניט געוואוסט, אַז חוץ אין דעם געדיכט, האָט דער פּאָעט נאָך פאַר איהר אַ שטילען רוהע-פּלאַץ אָבגעזונדערט ביי זיך טיעף-טיעף אין האַרצען, בעציערט מיט רויטע בלומען, וועלכע ווערען מיט זיין בלוט גענעהרט, וואָלט מען אפשר געקענט ברוגז זיין אויף דעם עגאָאיזם...

יהואש'עס געליעבטע איז אַ מכשפה, וואָס פערמאָגט פיעל רייץ און

גראַציע, אָבער זעהר ווייניג אונשולד און געוויסען. גראַד האָט זי בלויע אויגען, רוהיגע, ניט די שוואַרצע ברענענדע יצר־הרע אויגען, נור הימעל־בלויע... דאָך, אין דעם שטילען ים זיינען פערבאָרגען שלאַנגען, בייזע טייוואָלים... און זי פערנאַרט מיט די אויגען דעם פּאָעט, זי לאָקט איהם און נאַרט איהם אָב. זי איז זיך זיכער מיט איהר קרבן, ער וועט פון איהרע הענד זיך ניט אויסדרעהען. זי איז בעוואוסט איבער איהר גרויסען כח, דער דיכטער האָט עס איהר פיעל מאָל ענטפּלעקט, און זי האַלט איהם פעסט אין איהר נעץ.

און עס ברוגז'ט זיך דער דיכטער, ער פּראָטעסטירט, רעדט פון אַנטלויפען, אָבער איהרער א בליק שמידט איהם צו צום אָרט. ער איז אונמעכטיג ווי שמשון, נאָכדעם ווי דלילה האָט זיינע לאָקען אָבגעשניטען: יענע האָט בלויז זיינע, שמשון'ס, לאָקען אָבגעשניטען, יהואש'עס געליעב־טע האָט דעם דיכטער'ס הארץ פערתנומען און בעצוואונגען...

יהואש'עס פערזען אין די ראָמאַנסען זיינען ווי פון קרעמיען אויס־געהאַקט, און ווי מאַרמאָר גלאַט־פּאָליערט, זעהר שעהן און חנ'עוודיג לויט דער פאָרם; ער איז אָבער מיט דער שעהנער פאָרם אליין ניט יוצא.

זיין גרויסער כשרון האָט פאַר איהם בייגעקומען אַלע שוועריגקייטען, וועלכע ער האָט געמוזט אָנטרעפען שניידענדיג און שלייפענדיג זיינע ריפמען און ווערטער פון דער אידישער שפּראַך, וועלכער עס האָט דאַן געפעהלט ליטעראַרישע פאָרמען, שטאָהל און קלאַנג, און וועלכע, אויף דעם ליעבע געביעט, איז געווען אַזוי בלוט־אָרעם.

ערגעץ וואו אין די ראָמאַנסען בעקלאָגט זיך דער פּאָעט, אז עס איז איהם שווער אויסצוגיעסען זיינע ליעבעס־רעגונגען אין אידיש; די שפּראַך איז ניט מסוגל פאַר א ליעבעס־ליעד — ווייל

„עס קלינגט ווי אַ בייזע לצנות,
מיט איטליכען צערטליכען טאָן
אַ בייקלאַנג זיך מישט מיט בדחנות."

זיינע ליעדער זיינען א וואונדערבאַרע צוזאַמענגיסונג פון קלאַנג, הייסע ליידענשאַפט ביז פערגעסענהייט, גלוטה און מאַט־שוואַרצער יאוש און ראַז־האָפנונג.

ווי אַן עכטער איד, כמעט ווי איינער פון אחד העם'ס שילער, דענקט יהואש, אז די שירה דאַרף דיענען דעם רעיון, דער הויכער אידעע, און אויב זי פערמאָגט בלויז א שעהנעם קלאַנג, א געפליגעלטען וואָרט, פער־דיענט זי ניט דעם נאָמען שירה:

„שעהנע פאַרבען וועלכע בלאַנקען

קענען קיינמאָל שטאָט געדאַנקען
ניט בעשאַפען אַ געדיכט."
(ווי עס ווערען לידער פערפאַסט.)

אנגב אורחא, דאָס ציטירטע ליעד, וועלכעס אין אַלגעמיין איז בעשטימט ניט פון די בעסטע פון יהואש'עס ליעדער, פערמאָגט אָבער אייניגע סטאַנצען, וועלכע קענען דיענען אַלס ביישפּיעל פון זיין גרויסער קראַפט צוזאַמצופאַסען ווערטער, וועלכע זאָלען אויך, לויט זייער קלאַנג, האַרמאָנירען מיט דעם אינהאַלט:

„דאַן גיט ער זיינע ליעדער אָפּט
דעם בלויען שימער פון די שטערן,
די רוהע פון אַ קינד וואָס שלאָפט,
דעם זיסען גלאַנץ פון פרײדע טרעהרען,
דעם דופט פון מאָרגען טהוי, וואָס פאַלט
אויף יעדען בלום און בוים אין וואַלד,
ווען ס'הויבט אָן זומער־טאָג צו ווערען".

די סטאַנצאַ דערמאָנט אייניגער־מאָסען די „צפרירים" פון ביאַליק. דעם גאון פון שירה אין אונזער דור.

וואָס איז נוגע זיין מיינונג, אַז ליעדער מוזען ענטהאַלטען געדאַנקען, פערקערפּערען אידעען, האָט דער דיכטער עהרליך די מיינונג דורכגעפיהרט אין אַלע זיינע ליעדער.

יהואש'עס אַ ליעד, ווען אפילו פון אייניגע שורות, פערבעהאַלט אין זיך אַ גאַנצען געדאַנק אָדער אַ געדאַנקען־שפּליטער, און דער זיווג פון דעם געדאַנקען און פאָרמע איז אימער „עולה יפה", אין דער בעסטער האַרמאָניע.

* * *

אין זיין שטרעבען איז יהואש אויך אַ פּאָעט פון דער צוקונפט. איהם ציהט צו ווייטע האָריזאָנטען, ער איז אָבער ניט ביכולת פאַר אונז זיי צו ענטדעקען. ער פיהלט, אַז עטוואָס האַלט זיך אין וועבען, אין שאַפען, און אַז זיין פאָלק שטרעבט צו דעם ווייטען עטוואָס. ער וויים אָבער ניט די משמעות פון דעם. ער איז ווייט פון פאָלק, דעם פאָלק'ס האָפנונג, אמת, געפינט אין זיין האַרץ אַן אָבקלאַנג, זי פילט אָבער ניט אויס אַלע ווינקעלעך פון זיין האַרץ, און ווערט ניט אַ טהייל פון זיין וועזען.

דער משורר אין איין ליעד פערגלייכט זיך צו אַ מעער־קעפּעל, וועל־כעס אַרויסגעצויגען פון ים, ערגעץ וואו אויף אַ ברעג טיש, געהט אוים אין בענקעניש נאָך דעם ים און זיינע כוואַליעס, און רוישט און זשומט;

אויף דער דיכטער, כאָטש ווייט פון פאָלק, „פון דאָרט וואו עס וואורצעלט פול מיט זאפט זיין אלטער שטאם“, דאָך בענקט ער „ווי דאָס מעער־קעפּעל צום ים“.

ווי דער פּאָעט זאָגט אַליין אויף זיך עדות, איז זיין געפיהל דאָרט ביים פאָלק: „פון זיין דענקען, פון זיין שטרעבען, ציטערט דורך מיין ברוסט דער שטראהל“.

צוליעב דער ווייטקייט אָבער דערגרייכט צום דיכטער ניט מעהר ווי א שטראהל, גיט אציטער און אַ סוף... און דעריבער, ווען די מוזע זיינע בויגט זיך צו זיין אויער, און הויבט איהם אָן איינרוימען שפּעטער־סודות, און פאָדערט פון איהם „צוקונפטס־מוזיק“, בעט זי דער פּאָעט זי זאָל איהם לאָזען צו־רוה: „מיר זינג פון עבר צייט!“

יהואש רעגט זיך דאָך אויף געגען די אַלע פעררעטהער פון פאָלק, וואָס פערלאָזען איהם אין דער עת־צרה און געהען דיענען פרעמדע געטער, און ער שילט:

„אָ, שלאַנגענקינד, פרערעטהער פון דיין שטאַם און נעסט,
די תוכחה פון גאָט, וואָס האָט אַריינגעפרעסט
איהר גאַנצען גיפט אין מיר, און לייב און זעעל פערגאַלט,
זאָל פאַלען איבער דיר מיט דאָפּעלטער געוואַלט,
זאָל דריקען ווי אַ באַרג פון שאַרבענס אויף דיין ברוסט...
און יענע, וואָס דו האָסט געקעמפּפט אין זייער רייה,
אַוועקיאָגען דיך זאָלען מיט אַ האַס־געשריי...“

יהואש פערשטעהט, אַז דיעזער שענדליכער פערראַטה איז די ביטערע פּיאָלון־פרוכט פון גלות, און ער שטרעבט צו פרייהייט. דאָס איז אָבער אַ פּאָרמלאָזע און גרונדלאָזע פרייהייט, אָהן אַ שום אחיזה אין לעבען.

„אין אַ פלאַם־פייער געהילט, פון דעם דאָרן וואָס האָט געפלאַמט און איז ניט פערברענט געוואָרען, האָט דער גאָט פון פרייהייט גערופען משה, דעם ערלעזער פון פאָלק, און מיט איהם גערעדט איבער פרייהייט, און דער ברענענדער דאָרן איז געווען דער פרייהייט'ס סימבאָל.“

אַזוי ווי דער פלאַם נויטיגט זיך אין דער קויל פיר אַן אינהאַלט, אַן אחיזה, אַזוי מוז די פרייהייט האָבען אַן אחיזה.

„און גאָט האָט געזאָגט: איך האָב געזעהן דעם פּיין פון מיין פאָלק... און איך האָב אַראָבגענידערט איהם רעטען און איהם ברענגען... אין אַ גוטער ברייטער לאַנד.“

ווייל עס איז אונמעגליך אידישע פרייהייט אָהן לאַנד.

און יהואש, ניט בעזיעגט פון דעם שטרעבען נאָך לאַנד, איז דעריבער ניט דער דיכטער פון דער אידישער פרייהייט...

# ח. ברענער

(שטריכען)

.1

„מעמק עכור“, פון יאַמער־טהאָל, — דאָס איז דער נאָמען פון זיינע ערשט־געזאַמעלטע סקיצען אין אַ בוך־פאָרם, די פריהצייטיגע פרוכט פון זיין פעדער. און ברענער, וואָס האָט זיין לעבען אינ'ם יאַמער־טהאָל פערבראַכט און פון דאָרטען אַרויס זיך פאָרשטעלען פאַר'ן אידישען פובליקום, האָט אונז געוויעזען דעם טהאָל מיט זיין גאַנצען מיסט און שימעל, מיט זיין קעלט און פייכטקייט, מיט זיין שטיקענדע לופט און פערפעסטעטע גאַזען.

אַלס אַ נאָוועליסט, וואָס שרייבט נאָר קליינע סקיצען, פערשיעדענע שטיקלעך און ברעקלעך — אַזוי ווי דער מיניאַטור־מאַלער, וואָס שילדערט דאָס לעבען אין קליינע בילדער — האָט ברענער אָנגעפאַנגען. אין דער לעצטער צייט האָט ער אָבער אויך אָנגעשריעבען איינינע גרויסע ראָמאַנען, וואָס נעהמען אַרום אַ גאַנצע פעריאָדע פון דעם אידישען מאָדערנעם לעבען, און זיין אַרבייט איז געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג. און וואָס מעהר ער שרייבט, אַלץ מעהר ענטוויקעלט זיך זיין טאַלאַנט; אַלץ מעהר ווערט ער פערפאָלקאָמט. און דער הויפט איז, וואָס מיר געפינען ניט אין זיינע שריפטען קיין קראַפטלאָזיגקייט; און יעדעס מאָל ווען ער טרעט נאָר אַרויס אין אונזער ליטעראַטור, דעקט ער אויף עפּעס נייעס, ווייזט ער אָן אויף אַ פערוואָרפען ווינקעלע און בעלייכט עס מיט דעם כשוף־לאַמטערן פון זיין טאַלאַנט.

איינער אַ אידישער קריטיקער — רעדענדיג וועגען ברענער'ען — האָט איהם אָנגערופען: דער „אידישער דאָסטאָיעווסקי“.

און כאָטש די צוגלייכענים שטימט ניט אין אַלע פונקטען — ווייל אין אמת'ען גערעדט איז פאַראַן אַ גרויסער אונטערשיעד צווישען איהם און דאָסטאָיעווסקי'ן — דאָך איז פאַראַן אַ בעריהרונגס־פונקט צווישען זיי ביידען; און ניט בעמערקענדיג שווימט אַרויף אָט דער געדאַנק, ווען מיר לייענען ברענער'ס ערצעהלונג, דען ברענער, אַזוי ווי דאָסטאָיעווסקי האָט נאָר צו טהאָן מיט פערצווייפעלטע און פערביטערטע נפשות.

דער הויפט כאַראַקטער־שטריך אין ברענער'ס גייסטיגען בילד איז

אָהן צווייפעל דער רעאַליזם, ווי דאָס וואָרט ווערט פערשטאַנען אין דער רוסישער ליטעראַטור. ער איז ערצויגען געוואָרען אויף דער דאָזיגער ליטעראַטור, און דעם רוסישען ראָמאַן האָט ער גענומען פאַר זיך אַלס אַ ביישפּיעל. זיין השפּעה פיהלט איהר אין זיינע קליינע ווי אין זיינע גרויסע ערצעהלונגען: אויסערגעוועהנליכע ערנסטקייט, אַ זעלטענע בע־אָבאַכטונגס־קראַפט, נשמה־גריבלעריי, די פּינקטליכע אָבמאָלונג פון יעט־ווידער איינצעלהייט, און דער פּעסימיסטישער טאָן וואָס בעגלייט זיינע ערצעהלונגען — אַזוי ווי די אָרגעל־אַקאָרדען די מעלאָדיע — די אַלע כאַראַקטער־שטריכען דערמאָנען אונז איבער־געוואַלד אָן די רוסישע נאָוועליסטען.

* * *

די רוסישע ליטעראַטור איז געבאָרען געוואָרען און האָט זיך אָנגע־פאַנגען צו ענטוויקלען נאָך אין דער צייט ווען דאָס רוסישע פאָלק איז געווען פערזונקען טיעף אין שקלאַפעריי, און פון זיין בעפרייאונג האָט ער נאָך גאָר קיין אהנונג ניט געהאַט. די פערצווייפלונג, וואָס האָט דאַן זיך אַזוי בולט אַרויסגעוויזען אין דעם לעבען פון׳ם רוסישען פאָלק, האָט קלאָר און דייטליך זיך אָבגערופען אין דער ליטעראַטור, וואָס איז דער לעבענס־שפּיגעל. פון גאָגאָל׳ן — דעם ערשטען ערצעהלער און גרינדער פון דעם רוסישען ראָמאַן, וואָס האָט געפונען נאָר אונ־אָרדנונג און שימעל אומעטום וואו ער האָט זיין בליק געוואָרפען, און וואָס האָט זיך בענוצט מיט אַ שאַרף־בייסענדע סאַטירע, ביז טשעכאָוו׳ען און גאָרקי׳ן — אויך גאָרקי, וואָס שרייבט שוין אין דער צייט ווען דאָס רוסישע פאָלק האָפט זיך צו בעפרייען — הערט זיך אַלץ דער יאוש־געשריי, וועלכער ברעכט זיך אַרויס מיט געוואַלד פון צווישען די שורות.

און דאָס זעלבע איז אויך אמת מיט דער העברעאישער ליטעראַטור.

די נייע העברעאישע ליטעראַטור איז געבאָרען געוואָרען דעמאָלט, ווען דאָס אידישע פאָלק, וועלכעם האָט זיך אַ קורצע צייט גע־פרעהט מיט דער האָפנונג, אַז עס וועט ווערען בעפרייט, און עס וועט געניסען פון די „גלייכהייט“, „ברידערליכקייט“ און „פרייהייט“ — אָט די דריי ווערטער, וואָס האָבען אַזאַ געוואַלדיגען שטורם אָנגעמאַכט אויף אין אונזער לאַגער — איז ביטער ענטוישט געוואָרען, און זיין בלוט האָט זיך אַלס צוגאָב געגאָסען אין די גאַסען, אין דעם שיין פון דער „ציוויליזאַציאָנס־זון“. דיעזער מצב האָט אויך געבראַכט נייע האָפנונגען. די נייע בעוועגונג — די ציוניסטישע בעוועגונג איז דאַן געבאָרען געוואָרען, און אַלעם האָט לכאורה אויסגעוויזען צו זיין גלענצענד און ניי בע־שאַפען. פון דעסטוועגען האָט דער פּעסימיזם זיך אַריינגעריסען אין די

שאַפונגען פון אָט דער פּעריאָדע. דען די דאָזיגע ווידער־אויפלעבונג איז געווען אַן אויפלעבונג וואָס איז געקומען אַלס אַ פּועל־יוצא פון אַ פריהער־דיגער בלוט־אָפּצאַפּעניש; אַן אויפלעבונג, אויף וועלכען ס'איז געזאָגט געוואָרען: ואראך מתבוססת בדמיך וכו׳ — „איך האָב געזעהן דיך וואַלגערענדיג אין דיין בלוט; און איך האָב צו דיר געזאָגט: אין דיין בלוט וועסטו אויפלעבען,". און אַזוי עס הערט זיך דער טריאומף־געשריי פון זיעגער, הערט זיך אויף דער קרעכץ פון בעזיעגטען. ליכט און שאָטען האָבען זיך צונויפגעמישט און צוזאַמענגעגאָסען. נייע בלו־מען האָבען טאַקע אויסגעשפּראָצט, אָבער אַ ברכה־זון האָט די דאָזיגע נייע בלומען ניט דערוואָרעמט, און רעגען־טראָפּען האָבען זיי ניט גענעצט און געקוויקט. דארום זיינען זיי בלאַס־קראַנק, אויסגעבליהט און אַ טויט־שאָטען שוועבט איבער זיי.

ליליענבלום און אחד־העם, פייערבערג און בערדיטשעווסקי, ברענער און פרישמאַן, און אויך די פּאָעטען ביאַליק און טשערניחאָווסקי, — זיי אַלע ערוואַרטען אַ וויכטיגע ענדערונג אינ'ם לעבען פון אידישען פאָלק; זיי אַלע מאַכען זיך פאַרטיג פאַר יענעם גרויסען טאָג; זיי אַלע גלויבען באמונה שלמה, דאָס דער לאַנג געווינשטער טאָג וועט דאָך אַמאָל קומען; דאָס דער וועג וואָס פיהרט צו פרייהייט, וועט סוף כל סוף, נאָך פיעלע אָבווייכונגען און גרויס אָנשטרענגונג, דאָך אויסגעפונען ווערען:

„איך גלויב נאָך אין דער צוקונפט;
באָטש גאַנץ ווייט נאָך איז דער טאָג.
דאָך קומען וועט ער — — —
אויפבליהען וועט נאָך אויך מיין פאָלק,
און אויפשטעהן וועט אין לאַנד אַ דור."

און פון דעסטוועגען הערען זיך יאָמער־געשרייען: דער דור איז נאָך ניט געוואָרען רייף. „דיזע וויכטיגע תקופה האָט געפונען אַ דור פון קליי־ניגקע מענשעלעך, ליליפּוטען", בעקלאָגט זיך שטאַרק דער דר. עהרענ־פּרייז. אונזער דור איז „אַ מדבר־דור"; „לאָמיר אריבערהיפּען די טויטע קערפּער („נפסח על החללים)"; „וועט דען דער מת אויפציטערען?" („היזדעזע המת"); „דאָס פאָלק איז נאָר גלייך צו גראָז" („אָכן חציר העם"), קלאָגט אונזער גרויסער פּאָעט ח. נ. ביאַליק. און אפילו דער „אני מאמין" פון טשערניחאָווסקי איז מעהר ניט ווי אַ צייגניס, אַ בעשטעטיגונג אויף די גרויסע אָרעמקייט פון אונזער דור, פון דער תקופה, אין וועלכער מיר לעבען. דער פּאָעט הויבט אָן זיין וואונדער־שעהנעס ליעד מיט:

„לאַך אוים, לאַך אוים די טרוימען;
דעם דיכטער׳ס שעהנע טרוימען.“

א גראָבער דור, א רעאַליסטישער דור איז אונזערער; און אויך זי, זיין געליעבטע, די עדעלע, צאַרטע בעשעפעניש, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען, ווי די לעגענדע דערצהלט, מיט א קוש פון גאָט ברוך הוא; אויך די אין גין־גאָלד־טרוימען און האָפנונג־פערוויעגטע כרובים־טאָכטער; אויך די היים־פערליעבטע, וואָס איז דער שירה־קוואל פון אלע, אלע דורות — אויך זי האָט אריבערגעקוקט און איז בעשעדיגט געוואָרען; זי לאַכט שוין אויך אוים די טרוימען.

יא, ס׳איז ניטאָ קיין אָרט פאר האָפנונגען אינ׳ם אידישען תחום. אלץ וויאנעט, וועלקט; אלץ שטארבט דאָ אָב אין מיטען בליהען; דאָס אידישע פאָלק פערמאָגט ניט קיין אייגענעם באָדען; קיין איינציג שפּאַן ערד, — און ווי און וואו קען עס בליהען?

באמת, פערנעהמט דער פעסימיזם א חשוב׳ען אָרט אין אונזער ליטעראַטור. און אויך יעצט, אזוי ווי תמיד, זינגען אונזערע משוררים טרויער־ליעדער, און די פערשאָלטענע שאלה („איך נשיר“) „ווי קענען מיר זינגען“, שטעלט זיך וויעדער מיט איהר גאַנצער ביטערניס. האָפנונג, גרענצלאָזע האָפנונג פון איין זייט, מיט א מעכטיגער שטרעבונג צו פרייהייט, צו ליכט און צו רוים און יאוש פון דער אנדערער זייט: דער שוואַרצער יאוש; דאָס ביטערע געפיהל פון קראַפטלאָזיגקייט, פון שוואַכקייט; די האָפנונג מיט׳ן יאוש בעגעגענען איינער דעם אנדערען, און יעדער שפּאַרט זיך אריינצודרינגען אין דעם חבר׳ס רשות. און פון דעם דאָזיגען זאָנדערבאַרען צוזאַמענשטויס קריגט אונזער ליטעראַטור א דירעקטע השפּעה.

זעהר, זעהר זעלטען טרעפט זיך, דאָס די האָפנונג איז מנצח דעם יאוש, און דער לעצטער בעגלייט איהר נאָר ווי א שאָטען. פון דעסטוועגען פיהלען מיר, אז ער איז דאָ, דאָס ער עקזיסטירט, און מיר קענען זיך פון איהם בשום אופן ניט בעפרייען. זעהר אָפט טרעפט זיך אָבער דאָס דער יאוש קומט־ביי די האָפנונג; ער דרינגט טיעף, טיעף אין אונזערע הערצער און קוועלט אויף און פערגיפטעט אונזער לעבען. און דאָך ווינקט צו אונז די האָפנונג; זי שווימט ארויף און סוד׳עט אונז טרייסטווערטער איין.

און די האָפנונג, די לבנה־בלאַסע האָפנונג שיינט פאר אונז נאָר אויף א קורצע ווייל׳ע, אָבער דער יאוש האַלט זיך אין איין שטאַרקען, — און

ניט בעמערקענדיג קומט אונז ארויף אויפ׳ן זכרון א חשון־נאכט אין א גרויסער שטאָדט:

...נאכט. שווערע, שווארצע וואָלקען קניפּען זיך אויף דעם הימעל. די ערד איז נאַס און מיאוס. די הימלען, דוכט זיך, וויינען. אלץ איז געהילט אין א שווארצען מרה־שחורה־מאַנטעל. דער ווינד קלאָגט, יאָ־מערט מיט א לויה־נגון. ער בייזערט זיך, וואָיעט און שטורעמט. בלאָטע און זומפּ, שניידענדע קעלט און פייכטקייט; און ניעדריג געבויגענע מענ־שען, איינגעוויקעלטע, בייזע און פערזאומערטע בלאָנקען אום. ס׳איז שטאָק פינסטער... און אין דער טיעפּענים פון דער פינסטערניש וואַרפען די לאַמטערן ליכט־שטראַהלען. די פענסטער פון די הייזער זיינען בע־לויכטען. פונקען, פונקען רייסען זיך אין דער פינסטערניש אריין און ווערען פערלאָרען, פערשלונגען אין זיין שווארצען תהום... דאָס ליכט מאכט טיעפער די פינסטערניש, און די פינסטערניש שטריכעלט אונטער דאָס ליכט.

דער אידישער תחום איז ענג און בעשרענקט. אָבער ער איז א ברייטע ביהנע פאר מורא׳דיגע טראַגעדיען. די שוישפּיעלער, די אַק־טיאָרען איז דאָס פאָלק מיט אלע זיינע פראַקציעס פון דער מאַסע ביז דער אינטעליגענץ, פונ׳ם פּראָלעטאריאַט ביז דעם עקספּלואַטאַטאָר.

און צו די אלע טראַגעדיען איז פאראַן א קאָמישע זייט, א לעבערליכע, און ס׳איז דאָ פיעל ארבייט פאר די פּינזעל־מענשען און פאר די פעדער־מענשען, ווי ברענער און זיין חבריה.

און ברענער, וואָס האָט אין תחום געלעבט, דערצעהלט אונז וועגען דעם עלענד פון די, וועלכע זיינען אין תהום.

## .2

וואָס איז קונסט? אין וואָס בעשטעהט איהר כח? אויף דער אלטער פראַגע האָט שוין געענטפערט אונזער בארדיטשעווסקי אויף זיין דרך „נסתר שבנגלה“. דאָס מיינט, דער מאַלער־קינסטלער געפינט תמיד אין דעם, וואָס מיר אלע זעהען עטוואָס נ י י ע ס, אונבעקאַנטעס, געהיימעס, א פערשטעלטע זייט; ער דעקט אויף דעם „נסתר“, דאָס פערבאָרגענע אין דעם „נגלה“, אין דאָס אויגענשיינליכע און טאַסטבאַרע; אויף קבלה לשון, ער ענטפּלעקט דאָס „בעהאַלטענע ליכט“ (אור הגנוז). אין דעם שטעקט די קראַפט פון קינסטלער.

בארדיטשעווסקי טרעט אפילו שטאַרק אויף געגען א געוויסען אידי־שען ערצעהלער, ווארום ער האָט אָנגעשריעבען אַן ערצעהלונג: „לאה די

פיש־פּערקויפערין" און ניט „רחל וויינט אויף איהרע קינדער", אָבער אין דעם אורטהייל האָט ער צופיעל איבערגעצויגען דעם בויגען, דען דער אמת איז, אז אויך אין „לאה די פיש־פּערקויפערין" איז פּערקערפּערט די „רחל וואָס וויינט אויף איהרע קינדער" און דאָס איז דער „נסתר שבנגלה", און אַלץ הענגט אָפּ פון דעם מאָלער. באַרדיטשעווסקי, וועלכער דרינגט אַריין אין דעם תוך פון יעדער זאַך האָט דאָס געמעגט וויסען.

ברענער, זעהט אויס, האָט דעם סוד געוואוסט, און „לאה די פיש־פּערקויפערין" און „רחל די וויינערין" גיסען זיך צוזאַמען אין איין געשטאַלט אין זיינע ערצעהלונגען.

אויף דעם ערשטען קוק מאָלט ער בלויז די מנוול'דיגע אָרעמקייט פון א אידען, פון א סתם אידען, פון דעסטוועגען ווען דער איד קלאָגט זיך אויף זיין ביטער מזל, הערסטו אויך דעם וויעדער־קול פון „יענער טויב וואָס וואָרקעט אַראָפּ פון דעם באַרג חורב". אויך די אידישע אָרעמקייט איז משונה'דיג, אויסערגעוועהנליך, האָט איהר אייגענע פאָרם און אייגענע סבות.

דער ליעבער זיידע מענדעלי האָט שוין פאַר דעם אידישען פּובליקום נעהאַט פאָרגעשטעלט סצענעס פון דעם „יאָמער־טהאָל" און האָט דעם שרעקליכען אידישען דלות געמאָלען מיט אַלע זיינע פּרטים, האָט זיינע „זאכען" בעפעפערט מיט הארבען פעפער, אידישען שאַרפען פעפער, און אויך דער שאַרפער גערוך פון דער גלות־סביבה לאָזט זיך שטאַרק פיהלען. ר' מענדעלי האָט אונז געוויעזען דעם אידען וואָס וויל די הארבע קשיא: „ואם תאמר מה נאכל ?" — אי וואָס וועט מען עסען ? — פערענטפערען מיט א „יש לישב בדוחק", מיט א „בע־מע" און אַן „עט" און א שאָקעל מיט'ן קאָפּ. ער האָט אונז בעוויעזען ניט נאָר א כוס פון טרעהרען, נאָר א גאַנצען ים, א ברויזענד זידענדען ים.

ר' מענדעלי האָט זיך בעשעפטיגט מיט דעם אידען פון אַלטען דור, וואָס עסט קוגעל אום שבת, און הונגערט א גאַנצע וואָך, שפּייזט זיך מיט לופט, וואַרט אויף משיח'ן, טראַכט דעם וואָס ער זאָמט זיך, און לעבט דערווייל א הינטישען לעבען, בשעת ברענער בעשעפטיגט זיך מיט דעם לעבען פון די מאָדערנע אידען, די וואָס חלום'ען וועגען דער אויפלעבונג פון זייער פאָלק, וואָס זיינען בערייט מקריב צו זיין זיך פאַר זיין פרייהייט, שפּאַרען זיך אין די וואָלקען, פיהלען טיעף זייער פאָלק'ס טראַגעדיע און עלענד, זיין צער און שמערץ. פיעל ענערגיע האָט זיך ביי זיי אין הארץ אָנגעקליבען, זיי ווילען אויסרייסען בערג פון זייער וואורצעל, די תשוקה נאָך פרייהייט ברענט ווי פייער אין זייערע ביינער, זיי טהוען אָבער ניט קיין פּראַקטישע זאַך; די קאַלטע האַנד פון דער אידישער ווירקליכקייט

האָט זיי אומארמט, און ווי פראָסט אויסגעפרוירען זייער תשוקה. דער צווייפעל גנב'עט זיך אריין אין זייער הארץ און גריזשעט דאָרט אָהן אויפהער, און דאָס הארץ שנירט זיך צוזאַמען פון פיעל צער און טרויער, די אויגען לעשען זיך און אַ שאָטען שוועבט איבער זיי.

ברענער בעמאָלט די גאַנצע כנופיה פון די פערשיעדענע אידעאַליסטען, ציוניסטען און סאָציאַליסטען, אחד־העמיסטען און הערצעליסטען, אינדיווידואַליסטען פון דעם חדר פון ניטשע און „באָרפיסלער“, אַנהענגער פון גאָרקי. עס פעהלען אויך קיין טאָלסטאָיאַנער. יעדער איינער מיט זיין שטה, יעדער מיט זיין אמת, און אַלע פילאָזאָפירען, פלפול'ען זיך, דיסקוטיר'ען און שטעכען זיך. דער „צד־השוה“ צווישען זיי איז דאָס וואָס אַלע ליידען פון הונגער, רעדען וועגען דעם לעבען, און שרעקען זיך איין ווי די טשערעפאַכע אין איהר שטיבעל, אין אַ חדר פון ד' על ד' אָהן לופט און ליכט. דאָס רעדען וועגען דעם לעבען פערנעהמט דעם פּלאַץ פון לעבען אַליין. ברענער'ס העלדען רעדען ווירקליך זעהר פיעל, פלוידערען כמעט, און אויב עס טרעפט אַז איינער שוויגט, איז דאָס פאַר איהם אַ שלעכטער סימן, ער וועט אודאי בעגעהן זעלבסטמאָרד...

קרבנות! די אידישע גהעטאָ האָט אויף זיי געהאַט איהר דארבענדע ווירקונג.

אפילו די סאָציאַליסטען, וועלכע טרוימען דעם טרוים פון דער מענשהייט, וואָס ליידען פון וועלט־שמערץ, און מאַכען קיין אונטערשיעד פון פאָלק צו פאָלק, אויך אויף זיי רוהט די קללה פון זייער פאָלק. דער גלות־גיפט דרינגט אריין אין זייער הארץ און בריהט אין זייערע אָדערען, און בעל כרחם ליידען זיי פון זייער פאָלק'ס שאַנדע. עס איז ניטאָ ביים אידישען פאָלק קיין פלאַץ פאר ברייטע ארבייט, פאר פרוכטבאַרע טהעטיגקייט, אַלץ שרומפּט און לויפט איין אין דעם אידישען תחום. אונגליקליכע! אויף וועלכער זייט מען זאָל ניט לעגען דעם קראַנקען, טהוט איהם אַלץ וועה... על פּי רוב ווערט אַ יונגער מאַן געוואָרפען אין כף־הקלע, און ווערט מגולגל פון אַ ציוניסט אין אַ סאָציאַליסט, פון אַ סאָציאַליסט אין אַ טעריטאָריאַליסט, פון אַ טעריטאָריאַליסט אין אַ פאַנאַטישען אנארכיסט, און פון אַן עקסטרימען אידעאַליסט אין אַ ציניקער, וואָס לייקענט אָב אַלץ, וואָס לאַכט פון אַלץ וואָס איז הייליג, און אַלץ איז פאַר איהם „הפקר פעטרישקע“, אין אַן עגאָאיסט וואָס שאַצט אַלץ אָפּ פון איין שטאַנדפּונקט, פון דעם שטאַנדפּונקט פון אייגעננוץ, פון אייגענעם נענוס. אָבער ער געפינט אַלץ ניט קיין צופריעדענהייט אין איינעם פון די „גלגולים“, און אַן אונבעשטימטער שמערץ דריקט זיין הארץ. אויך דער עגאָאיסט, וואָס איז על פּי שכל אַלץ מתיר, און שטעלט זיין לעבען

העכער פון יעדען פּרינציפּ, טהוט פון דעסטוועגען אויך גאָרניט, גוטס אָדער שלעכטס, צו פערבעסערען זיין לעבענס־מצב, און ער וועט איבער־בלייבען אָרים און באָרפיס זיין גאַנצען לעבען, וועט שטאַרבען און ניט אפילו האַלב פון זיינע תאוות וועלען ערפילט ווערען.

ברענער'ס העלדען זינדיגען אין דער מחשבה; עס קומט אָבער קיינ־מאָל ניט צו דער טהאַט, און זייער נשמה בלייבט דעריבער אין איהר ריינקייט, דען „גאָט איז דאָך ניט מצרף קיין שלעכטע מחשבה...", כידוע. פּעסימיסטען זיינען זיי, און דער פּעסימיזם פערצעהרט זיי; זיי זיינען זיך פון אַלץ מיאש, און דער איינציגער טהייערער פריינד זייערער איז די הינקענדע סאָפאַ, אויף איהר שטרעקען זיי זיך אויס, קוקען אויף דער סטעליע און טראַכטען טרויעריגע געדאַנקען...

„פרייהייט, רוים, ליכט", מורמעלט דער אידעאַליסט, וואָס דורשט נאָך ליכט, און ער רעציטירט איינינע סטראָפען פון א פּאָעט איבער דער זון און מאָרגען־ווינטלעך. און ביי טאָג, ווען די זון, די מכשפה, שפּרייט גאָלדענע נעצען אויף דער גאַס און וואַרפט סנאָפּעס שטראַהלען — זונ־דערט ער זיך דאַן אָפּ פון דער וועלט אין זיין ענגען חדר, און פערזינקט אין טיעפע דאגות.

און ברענער, וואָס פיהלט דאָס ביטערע מזל פון די אונגליקליכע מענ־שען, וויים ווי צו נעהמען אַנטהייל אין זייער צער.

* * *

ברענער מאָלט ניט נאָר איינציגע מענשען, זייער אינדיווידואַליטעט, נאָר אויך די סביבה.

אמת, ער איז אויך ניט מתכון אונז מאָלען די סביבה, ווי דאָס טהוט בכיון א זאָלאַ, למשל. פאַר ברענער'ן פּאַסט גיכער דער נאָמען „אינדיווידואַליסטישער מאָלער", איהם אינטערעסירט מעהר די פּסיכאָלאָגיע פון דעם איינצעלנעם איידער פון דער ברייטער מאַסע, איי־דער דער אַלגעמיינער ווילען, דאָך ווייל ער ברענגט צוזאַמען די אַלע אונ־גליקליכע, גאַנצע, האַלב און פיערטעל אינטעליגענטען אויף איין פּלאַץ, און פלעכט איבער זייערע פּאַסירונגען, קניפּט זיי צוזאַמען אויף איין שנירעל, העפט אויס די פערשיעדענע געשעהעניסען אויף איין קאַנווע, פיהלט זיך עוין א דאנק דעם אויך די סביבה מיט איהר משונה'דיגען אויר.

ברענער איז דער מאָלער פון דעם אידישען אינטעליגענט „פּאַר עקסעלאַנס". ער האָט אויך געמאַכט א פערזוך צו מאָלען דאָס לעבען פון דעם פּשוט'ען אידען און האָט געהאַט גרויס ערפאָלג. מיר דערמאָנען, למשל, זיין ציור „אויף דעם הויף", אין וועלכען עס ווערט געמאָלען א

פשוט'ער אַלטער איד. זעהר געשיקט און קינסטלעריש אנטפּלעקט ברע־נער פאר אונז זיין גאַנצע זעעלע און אַלץ וואָס טהוט זיך דאָרט אָפּ אין איהרע טיעפּעניסען, פון דעסטוועגען וועלען מיר ניט זינדיגען געגען אמת, אויב מיר וועלען זאָגען, אז ניט אויף דעם געביעט איז זיין ספּעציאַליטעט. די אידישע אינטעליגענץ מיט אַלע איהרע עֲאַטענס און פעהלערען — דאָס איז ברענער'ס געביעט. ער קען ווירקליך אונז ווייזען די ליכט־און שאָטען־זייטען פון דער אינטעליגענץ, פערפעהלט ניט קיין פּרט, קיין מינדסט קנייטשעלע.

די אינטעליגענץ גיט זיך, בכלל, צו פיעל אָב מיט אבסטראקטען דענקען, מיט הויכע רעיונות, בעשעפטיגט זיך צופיעל מיט איהר צוריסע־נער זעעלע און איז ניט פעהיג פיעל אויפצוטהאָן. איהר פעהלט דער גע־זונדער אינסטינקט פון דעם המון, וואָס טהוט זאכען אונטער דער ווירקונג פון אַן אונמיטעלבאַרען געפיהל, וואָס קלערט ניט און חקירה'ט ניט, פלפּול'ט ניט און פּשט'עלט ניט. די אינטעליגענץ האָט צופיעל אויסגע־שאַרפט איהר מח און זי „קען מטהר זיין א שרץ מיט ק"ן טעמים". דער דעוויז: „פון איין זייט איז אונמעגליך איינצושטימען, פון דער אַנדערער זייט איז אונמעגליך צו לייקענען" איז דאָס כאַראַקטעריסטישע ווערטעל פון דער אינטעליגענץ, וועלכע אורטהיילט איבער אַלץ על־פּי „ריינער פערנונפט". די אינטעליגענץ קען דעריבער ניט ווירקען דירעקט, אונ־מיטעלבאַר, און אין אַלע איהרע מעשים ווייזען זיך סמנים פון שוואַנקען און אונטרויען. און אויב די אַלגעמיינע אינטעליגענץ איז אזוי, איז דאָך שון א כל שכן די אידישע אינטעליגענץ, וועלכער עס פעהלען די געזונדע עלעמענטען, וואָס האָבען אַזאַ גוטע ווירקונג אויף דעם גייסט־צושטאַנד פון דער אַלגעמיינער אינטעליגענץ.

די נשמה פון דעם אידישען אינטעליגענט איז צוריסען, צובראָכען און צוּטיקעלט. פערשיעדענע הפוכ'דיגע קרעפטען שטויסען זיך אָן אין איהר און קעמפּפען איינס געגען אַנדערען, און די מלחמה פערשאַפט איהם א טיעפען שמערץ און דער דאָזיגער שמערץ געפינט זיין ריכטיגען אויסדרוק אין ברענער'ס שריפטען. ברענער ווייס ווי צו שיל־דערען דעם אינטעליגענט'ס זעעלען־צושטאַנד, איהרע וואַרפעניסען און אָבווייכונגען. ער רעדט ניט פיעל, ער קאָמענטירט ניט אויף א פובלי־ציסטישען וועג, ווי דאָס טהוט א מאָל בערשאַדסקי, פאַר וואָס זיינע העל־דען האָבען געהאַנדעלט אַזוי און ניט אַנדערש. ברענער מאָלט אונז בלויז די סבות וואָס האָבען אין דעם גורם געווען, אָדער איז אויף זיי מרמז מיט א „די־לחכימא־וואונק", און עס ווייס ברענער, אז אויך די סבות זיינען אייגענטליך בלויז פאָלגען, און זיינען איין רינגעל אין א

גרויסער קייט פון פּאַסירונגען און געשעהענישען, וואָס שלעפּט זיך און ציהט זיך אָהן אָן אָנהויב און אָהן אַ סוף.

## 3.

ברענער האָט ניט קיין רייכע שפּראַכע. זיין ווערטערבוך איז ניט איבעריג גרויס. ער בענוצט ניט פאַר זיין פינזעל קיין פיעל פאַרבען, דאָך ווייס ער ווי זיך צו בענוצען מיט זיין ווערטער־פערמעגען. פאַר־זיכטיג קלייבט ער אויס דאָס נויטיגע וואָרט און שטעלט עס אַוועק אויף דעם נויטיגען פּלאַץ. און ניט נאָר איז ער מדקדק אין דעם צוזאַ־מענזעצען פון ווערטער, נאָר איז אויך שפּאַרזאַם, פערוואָלקענט ניט דעם ענין מיט שעהנע אויסדריקע צוליעב עפעקט און גרויסאַרטיגער מליצה. ער נעהט גלייך צום פּונקט, און עס קען זיין, אַז דער דאָזיגער דוחק און קאַרגשאַפט אין ווערטער פון ברענער׳ס לעקסיקאָן האָט גראָד אַ גוטע ווירקונג געהאַט אויף דער ענטוויקלונג פון זיין טאַלאַנט, ווייל אַ דאַנק דעם האָט ער זיך אויסגעדרעהט פון דעם נעץ פון מליצה און פראַזען, וואָס ליעגט געוועהנליך אויסגעשפּרייט פאַר יעדען יונגען שרייבער.

ברענער אַלס רעאַליסט, וואָס טהוט זיין אַרבייט באמונה, מיט פּאַרזיכט און גרויס כונה, בעמיהט זיך איבערצוגעבען דעם געשפּרעך פון זיינע העלדען מיט שטרענגער פּינקטליכקייט.

„דער סטיל איז דער מענש“ — דער דאָזיגער שפּרוך איז ריכטיג ניט נאָר בנוגע צו שריפטשטעלער, נאָר אויך וואָס איז נוגע צו פּשוט׳ע מענשען. כדי צו דערקענען דעם געמאָלטען מענשען, זיין אייגענע פּערזענליכקייט, דאַרף דער מאַהלער אונז איבערגעבען די געשפּרעכען פון זיין העלד אין דעם העלד׳ס לשון, פון דעם געשפּרעך פון העלד, פון דעם אופן ווי ער לעגט צוזאַמען זיינע געדאַנקען, לערנען מיר פיעל איבער זיינע גענג און אויפ־פיהר, און ביז אַ געוויסען גראַד געלינגט אונז אריינצובליקען אויך אין זיין נשמה און אין איהרע פערבאָרגענע ערטער. ברענער ערפילט די אויפגאַבע בשלמות. אָפט גיט אונז ברענער איבער דעם געשפּרעך פון זיין העלד אין דער דריטער פּערזאָן, ברענער אַליין רעדט פאַר איהם, אָבער אויך דאָן בעפעפערט ער דאָס געשפּרעך מיט כאַראַקטעריסטישע אויס־דרוקען, ענטנומען פון דעם העלד׳ס רייד, און די אויסדרוקען זיינען איי־גענטליך דער תמצית פון זיין פּערזענליכקייט.

אַלס רעאַליסט איז ברענער טראָץ זיך אַליין אָביעקטיוו, איז געטריי דער רעאַלער ווירקליכקייט, פון דעסטוועגען פיהלט זיך, אַז ברענער שטעהט ניט מן הצד אַלס קאַלטבלוטיגער צושויער בשעת שרייבען, נאָר

בעטהייליגט זיך אויך אין דעם טרויער פון זיינע העלדען און זיין הארץ שנירט זיך צוזאמען פון גרויס שמערץ, נאר ווייל ער איז אביעקטיוו, זיפצט ער ניט, קרעכצט ניט, נאר האלט איין די געפיהלען וואס ברויזען אין איהם. דאך קען דער וואס פערמאגט א טיעפע זעלע און שארפען אויער פערנעהמען דאס וויעדער־קול פון אן אנדער ליידענדער נשמה וואס פערגעהט זיך אין איהרע שמערצען.

ברענער איז עניוות'דיג און צנועה'דיג, און די עניוות פיהלט זיך אין זיין שרייבען. ער בעוואונדערט זיינע העלדען, פערהאלט זיך ניט צו זיי קיהל און גלייכגילטיג, און קוקט ניט אויף זיי פון אויבען אראפ. ווי איינער פון די „בעלי התחיה" איז ברענער געגען ענטזאגונג און לייב־פייניגונג, געגען גזירות, דאך פערשטעהט ער די פאעטישע שעהנקייט, די זעלע לייטערונג, די ריינהייט וואס קומען אלס פועל יוצא פון סגופים און צער, און ער ווייס ווי צו ווייזען דאס ליכט אין דעם שאטען.

* * *

ברענער'ס ראמאנען זיינען איין לאנגע ערצעהלונג פון ענטזא־גונג און בעשיידענעם לעבען. אומזיסט וועט איהר דארטען זוכען משונה'־דיגע אויסערגעוועהנליכע פאסירונגען, די פאסירונגען אן און פאר זיך וועקען ניט אויף קיין בעזונדערע אינטערעסע. עס פעהלט די שפאנונג, עס זיינען די מענשען וועלכע ווערען געמאלען, וואס אינטערעסירען דעם לעזער, און איז דער לעזער איינמאל פעראינטערעסירט אין דעם העלד, בלאנקעט ער זיך שוין נאך איהם נאך וואוהין ער קעהרט זיך און ווענדט זיך, און הויבט זיך שוין אן נאכפרעגען אויף זיין ביאגראפיע.

זיין ערשטען ראמאן: „אין ווינטער", וואס איז דער פנקס אין וועל־כען עס איז פערצייכענט געווארען דער גלגול פון זיין לעבען, די אלע נעשעהעגישען און טרעפונגען וואס ער איז דורכגעגאנגען, הויבט ברענער אן מיט דער הקדמה:

„איך האב מיר געמאכט א פנקס פון גלאט פאפיער און איך דענק דארט אויפשרייבען איינציגע בעמערקונגען און שטריכען פון „מיין לעבען".

„מיין לעבען" אין אנפיהרונגס־צייכען. קיין צוקונפט און קיין נעגענוואַרט האב איך דאך ניט, בלייבט איבער בלויז די פערגאנגענהייט. די פערגאנגענהייט!... ווען עמיצער וואלט געהערט מיין לעצטעס ווארט, וואלט מען אודאי געמיינט אז איך האב מעשים נוראים צו דערצעהלען פון מיין פערגאנגענהייט, א שרעקליכע טראגעדיע, א הארצרייסענדע, און א נערוועז־ערשיטערענדע.

אבער דאס איז דאך ניט אזוי. אויך אין מיין פערגאנגענהייט זיינען ניטא קיין אינטערעסאנטע מעשים, ניטא קיין שפאנענדע פאסירונ־

גען, קיין שרעקליכע טראַגעדיעס, ניט קיין הריגת־נפשות, ניט קיין ליעבעס אינטריגען, אפילו ניט קיין געווינס אָדער אַ פּלוצלים'דיגע ירושה. עס זיינען דאָרט דאָ מענשען־שאָטענס, דונקעלע בילדער, פערבאָרגענע טרעה־רען, זיפצען...."

און פון דעסטוועגען שרייבט ער... אין זיין עניוות שרייבט עס, אמת, ברענער פאַר זיך אַליין... איז עס דאָך ניט מעהר ווי אַ פּנקס, דאָס טאָגעבוך איז אָבער פאַר אונז אינטערעסאַנט.

„אין ווינטער" — דער נאָמען פּאַסט זיך ריכטיג. אַ קעלט נעהמט דורך די ביינער. מיר טרעפען אין דעם ראָמאַן דעם אַלטען דור, וואָס האָט פערלוירען זיין עקזיסטענץ־בערעכטיגונג, און דעם נייעם וואָס האָט נאָך ניט בעפעסטיגט זיין פּאָזיציע. דער נייער דור האַלט מלחמה מיט דעם אַלטען, די מלחמה פערשאַפט אונז נור נערוועזיטעט, אָבער ניט אַ קאָפּ פון עהרפורכט פאַר די קעמפּפענדע צדדים. דער פאָטער, דער מלמד, פיהרט נאָך אַ מלחמה מיט זיין זוהן פאַר דער אמונה. ער וויל, אַז זיין זוהן זאָל אויסוואַקסען אַ „גדול בישראל", אַ „זייל פון דער תורה", אָבער די תשוקה קוועלט שוין ניט מעהר פון דעם קוואַל פון ריינעם גלויבען, פון עהרליכע טרייהייט, וואָס ווען אפילו מיר זיינען ניט מסכים פיהלען מיר דאָך איבער־געוואַלט אַ געוויסען רעספּעקט, און אַ הייליגער ציטער נעהמט אונז דורך, פיר דעם ריינעם מענשען מיט זיינע הייליגסטע געפיהלען.

דער אַלטער דור, מיט וועלכען ברענער בעשעפטיגט זיך, רופט אין אונז ניט אַרויס קיין כבוד־געפיהל. די סביבה פון דעם אַלטען דור איז צו קליינליך, איז פול מיט מענשען־מילבען, מענשען פון קליינע השגות.

און נאָך גרויס מאַטערנים און זעעלען־פּייניגונג דערנעהנטערען מיר זיך צו אַ נייער תקופה און מיר געהען אַריין אין אַן אַנדער סביבה, אָבער אויך דאָרט איז נימאָ קיין פיעל נחת.

ווינטער, הימעל פערצוויגען מיט וואָלקען, טריבע סצענעס, פערבאָר־גענע טרעהרען, זיפצען...

ברענער שרייבט זיין צווייטען ראָמאַן: „אַרום דעם פּינטעלע", און די פערצווייפלונג דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט.

אַרום דעם פּינטעלע דרעהען זיי זיך, דרעהען זיך אין אַ פער'כשופ'־טען קרייז, „אַרום דעם הויף און אין הויף אַריין איז ניט צוצוקומען".

און נאָך אַמאָל בעקאָנען מיר זיך מיט אַ גרופּע אונגליקליכע און פערביטערטע מענשען וואָס האָבען ניט הנאה פון לעבען, וועהרענד אויף זייערע וויים־טרוקענע ליפּען איז אויסגעקריצט בלויז איין וואָרט: „לעבען".

און אויסער דעם תחום בעוועגט זיך דאָס לעבען מיט אַ שנעלער

טעמפּאָ, און עס ווינקט צו פון דער ווייטענס: קום, דו מענשען־קינד, האָב הנאה, דאָ איז אַלץ אַזוי נאַטירליך און נאָרמאַל... אָבער זיי בלייבען אויף זייער אָרט אין דער גאַס, אַרום דעם פּינטעלע, פּראָטעסטירען, קלאָגען און זיפצען, און די אידישע גאַס ווערט פול מיט טרויער־געזאַנג, מיט צער־ליעדער.

אָט די אידישע גאַס מאָלט ברענער מיט גרויס קונסט. און מיר הערען כמעט די אין לופט פערגליווערטע קרעכצען, און מיר טאַפּען כמעט מיט די הענד אָן דעם צווייפעל.

ברענער, וואָס פערשטעהט גוט די סבות וואָס האָבען גורם געווען אין דעם מורא'דיגען מצב, ווערט ניט דערצערענט, שעלט ניט צום ווענינסטען. ער טראָגט זיין שמערץ ביי זיך אין הארץ, טראָגט און ליידעט, לאָזט אַרונטער זיין געזיכט צו דער ערד און שווייגט...

און אַמאָל, ווען צופיעל ביטערע טראָפּענס קלייבען זיך אָן אין זייער הארץ און צוגיסען זיך איבער זיינע ברעגעס, און ער קען שוין מעהר ניט דולדען און זיך איינהאַלטען, דעמאָלט שרייבט ברענער זיינע פעליע־טאָנען (המעורר און אנדערע). דאָרט איז ער לגמרי פריי. די ראַהמען פון אָביעקטיווויטעט דריקען איהם ניט מעהר, און ער „שניידט ווי מיט מעסער".

ניט אַזוי אָבער אין זיינע סקיצען. דאָרט איז ער טריי זיין קונסט. ער מאָהלט, מאַכט אַ שטריך, און מעהר גאָר ניט.

„שווייג און מאָהל" — דאָרט איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר סוביעקטיווע געפיהלען, קללה אָדער כעס.

און ברענער שעלט ניט —

וואָרום וואָס וועט ער שעלטען ווען גאָט האָט שוין געשאָלטען.



# י. ד. בערשאַדסקי

דער פראַנצויזישער קריטיקער היפּאָליט טען אין דער הקדמה צו זיין בעריהמטען בוך איבער דער ענגלישער ליטעראַטור, איז זיך מתנצל וואָרום ער האָט אַרויסגעקליבען פאַר זיין שטודיום די ענגלישע ליטעראַטור און ניט די אייגענע פראַנצויזישע און פערענטפערט זיך מיט דעם, וואָס דאָס ענגלישע פאָלק פון דעם ערשטען טאָג אָן, וואָס עס האָט אַרויסגעטרעטען אויף דער ביהנע אַלס קולטור־פאָלק, איז עס תמיד געווען פּראָדוקטיוו און עס האָט ניט איבערגעהיפּט קיין תקופה, נאָר האָט שטענדיג געשאַפען, און אין יעדען דור און אין יעדען יאָהרהונדערט האָט עס פּראָדוצירט וויכ־טיגע שעפּפונגען, האָט עס אַרויסגעבראַכט חשוב'ע און דויערהאַפטע „זאַכען". ניט אַזוי איז דאָס פראַנצויזישע פאָלק. דען כאָטש אויך דאָס פאָלק האָט אַ רייכע, אָריגינעלע און פיעלפאַרביגע ליטעראַטור, פון דעסט־וועגען געפינען מיר, אַז אַ דור זאָל אין זיין לעבען פאַרבייגעהן און עס זאָל אין איהם גאָר ניט געשאַפען ווערען, אַז אַ תקופה זאָל זיך אַרויסווייזען עקר'דיג, ניט שעפּפעריש.

עהנליך צום ענגלישען פאָלק אין דער הינזיכט איז דאָס אידישע, וואָס כאָטש זיין געשיכטע איז לענגער ווי די פון דער בריטישער נאַציע און אויך קאָמפּליצירטער, און כאָטש דאָס אידישע פאָלק האָט געלעבט אונטער גאָר אַנדערע, לגמרי אַנדערע בעדינגונגען פון די, אונטער וועלכע עס האָט געלעבט דאָס ענגלישע פאָלק, ווענען דאָס מזל האָט תמיד געשפּיעלט און די גליק־זון האָט שטענדיג איבער זיין קאָפּ געשיינט, פון דעסטוועגען איז ביי איהם ניט אַוועק אַ דור, אַ תקופה, וואָס עס זאָל ניט איבערלאָזען נאָך זיך אַ רייכע, גייסטיגע ירושה.

דען, זעה, דאָס אידישע פאָלק האָט געשאַפען דעם תנ"ך, די משנה, דעם תלמוד, די ספרי הגאונים, שירת ספרד, די קבלה, חסידות און נאָך און נאָך. די אַלע ספרים זיינען אַלץ מאָנומענטען, וואָס דאָס פאָלק האָט אוועקגעשטעלט אויף זיין לעבענס־וועג, וואָס איז פול מיט דערנער. און ניט אומזיסט האָט דער נביא פון איסלאַם דאָס אידישע פאָלק גערופען: „דאָס פאָלק פון בוך". דען דער נאָמען פּאַסט זיך איהם זעהר.

אין דער לעצטער צייט האָט אפילו אַ אידישער דענקער געפּרואווט מאַכען אַן אונטערשיעד צווישען צונעמענישען: „דאָס בוך־פאָלק" און „דאָס ליטעראַטור־פאָלק", און בשעת ער איז מודה, אַז מיר האָבען דאָס

פולע רעכט זיך צו רופען „דאָס בוך פאָלק“, לייקענט ער אין אונזער „זכות“ זיך צו רופען „ליטעראַטור פאָלק“, מחמת ער פיהרט דורך אַן אונטערשיעד צווישען די צוויי בעגריפען און פערטייטשט דעם נאָמען „בוך פאָלק“ — „אַ פאָלק וואָס זיין נשמה איז אריינגעפלויגען אין דעם כתב“. מיין כונה איז דאָ ניט אריינצוגעהן אין אַ וכוח מיט יענעם גרויסען מאַן. אדרבא, לאָמיר אויסדריקען אַ „יישר כח“ דעם נאַציאָ־נאַליסט, וואָס זיין ליעבע צום פאָלק האָט איהם ניט פערבלענדעט צו זעהן אויך די חסרונות, דעם שאָטען אין דעם ליכט, און אַז איינזעהענדיג די גאַנצע גרויסקייט פון פאָלק, פערזעהט ער אויך ניט זיינע שוואַכקייטען. איך קום דאָ מיט אַן אַנדער טענה, כאָטש אויך די איז אַן אַלטע.

די נשמה פון פאָלק איז אַריינגעפלויגען אין דעם כתב. דאָס פאָלק האָט ליעב זיינע גייסטיגע אוצרות, שעצט זיי און האַלט זיי טהייער, אָבער דאָס פאָלק האָט ניט אַזוי ליעב די שעפפער פון די ספרים ווי דאָס טהוען זיי. עס איז אַ פאַקט, אַז זעהר ווייניג, ניט דער ערך ווינציגער ווי אַנדערע פעלקער, שענקט דער „עם הספר“ אויפמערקזאַמקייט דעם סופר, זעהר ווייניג אינטערעסירט ער זיך מיט דעם לעבען, מיט דעם גורל פון דעם שרייבער פון די ספרים.

עס איז שוין אַן אַלטע טענה, דאָס אידען, מיט זייער גאַנצער ליעבע צו די ספרים, פערגעסען די סופרים, וועלכע האָבען זייער לעבען מקריב געווען, בכדי די ספרים צו שאַפען, זיינען פיעל ענויים אויסגעשטאַנען און האָבען גאָט וויים וויפיעל זיך געמאַטערט און געפלאָגט איידער עס אי זיי געלונגען די געדאַנקען אַרויסצוברענגען.

מי לנו גדול מנביאים! דער תנ“ך, דער גרעסטער אוצר וואָס דאָס אידישע פאָלק פערמאָגט, צוליעב וועלכען עס איז געגאַנגען אויף קדוש־השם, דורך פייער און שווערט, אויף אינקוויזיציעס און עשאַפאָטען, — דער תנ“ך איז דאָך די שעפפונג פון די נביאים, הייליג זיינען פאַר דעם פאָלק זייערע רייד, נור זעהר ווייניג וויים עס דאָך מכח דעם לעבען פון די נביאים.

„חזון ישעיהו בן אמוץ“, דער נביא ישעיהו, וועמעס ווערטער עס זיינען שאַרף ווי שפּיזען, שפּריצען מיט פייער, זיינען אַ ווירבעל־ווינד, אַ שטורם, ישעיהו דער גרעסטער אָראַטאָר פון אַלע דורות — וואָס ווייסען מיר פון זיין לעבען, פון זיין פערגאַנגענהייט? פון זיינע ליידען און פריי־דען, אַלס פריוואַט מענש? אויף דעם קענען מיר בלויז ענטפערען: ישעיה איז געווען דער זוהן פון אמוץ.

דברי ירמיהו בן חלקיהו... מענתות. דער מקונן, דער בעל־איכה, וועל־כער האָט מיט זיינע טרעהרען געקענט ריהרען אַ שטיין פון וואַנד — ער

איז געווען דער זוהן פון חלקיהו, און געשטאַמט פון ענתות. דאָס אַלעס וואָס מיר ווייסען מכח זיין פּערזענליכען לעבען אַלס מאַן פון א פרוי, אַלס פאָטער פון קינדער.

אפילו מכח אליהו הנביא, וועלכער איז ביי יעדען אידען א בן־בית, קומט אויף א ברית־מילה, קומט פסח טרינקען זיין כוס, העלפט בעת צרה, איז פול אויף אַלע אידישע ירידים, דער גוטער אַלטינקער מיט דער שנעע־ווייסער באָרד, וואָס קינד־און־קייט קענען, דער וועמען מען זינגט שירים שבת אויף דער נאַכט, אויך וועגען איהם ווייסען מיר זעהר וועניג.

ווער זיינען געווען זיינע עלטערען? ווי אַזוי האָט זיך איהם געלעבט? דאָס אַלעס איז איינגעהילט אין נעבעל.

וואַרפען מיר אַ בליק שוין אויף דער לעצטער צייט, אויף דער נאָהענ־טער פערגאַנגענהייט, איז די לאַגע דיזעלבע.

דער בעל שם טוב איז, מעג מען זאָגען, די בעקאַנטעסטע פּערזענ־ליכקייט אונטער די אידישע מאַסען, וועגען איהם האָט זיך אונטער דעם פאָלק פערשפּרייט פערשיעדענע מעשיות, לעגענדען און זיי זיינען איבער־דערצעהלט געוואָרען מפה־אל־פה, אויך אין זיין אַנטרייבער אַלעקסעען האָט מען ניט פערגעסען. דאָס איז אָבער אַלץ מכח זיינע בעציהונגען צו אַנדערע, זעהר וועניג אָבער וועגען זיין אייגענעם לעבען.

ניט איינער פון זיינע פיעלע מקורבים האָט געפונען פאַר נויטיג איבערצולאָזען דער וועלט אַ ביאָגראַפיע, אַ בעשרייבונג פון זיין לעבען, פון זיין האַנדלען און וואַנדלען.

און דער נייער דור, דער גאַר מאָדערנער, האַנדעלט מיט זיינע גדולים, מיט זיינע שרייבער, אויך ניט פיעל בעסער, ווי די אַלטע דורות. אויך זיי לעבען נאָך דער אַלטער פאָרמולאַ: „ער האָט אַ מילגרוים געפונען האָט ער דאָס אינוועניגסטע אויפגעגעסען און די שאָלאכץ אַוועקגעוואָרפען“. זעהר שטאַרק האָט זיך די אידישע יוגענד געקוויקט מיט דעם „אהבת־ציון, מיט דעם „אשמת־שומרון“ פון מאַפּו, דאָך זעהר וועניג ליטעראַטור־ליעבהאָבער זיינען בעקאַנט מיט דעם לעבען פון דעם בעריהמטען שריפט־שטעלער.

דאָס זעלבע קען מען זאָגען מכח סמאָלענסקין און אַנדערע בעריהמטע אידישע שרייבער.

וויפיעל ספרים איבער דעם לעבען פון אַזאַ שרייבער, ווי סמאָלענסקין, אַ מענש וואָס איז געווען דער שעפּפער פון אַ נייער תקופה אין דער העברעאישער ליטעראַטור וואָלטען ביי די אומות־העולם אַנגעשריעבען געוואָרען, ווען ער וואָלט געווען זייערער.

ערשט פיעלע יאָהרען נאָך זיין טויט איז איין בוך ערשיענען איבער

זיין לעבען, בשעת ווען וועגען דעם גרעסטען אידען פון אונזער דור איז נאָך היינט אויך ניטאָ איין איינציג בוך איבער זיין לעבען און אויפטהו.

* * *

און עס לעבען די שרייבער אַ לעבען פון דחקות, מיט זייער בלוט און מארך שרייבען זיי זייערע ספרים, און שטארבען און קיינער ווייס ניט מכח זייער לעבען און טויט.

און ווען דער אַנדענקען זייערער לעבט, לעבט ער נור צוליעב זייערע ספרים, און אָפטמאָל ווען דער שרייבער איז אַ מספר אויך אין זייערע אייגענע ספרים.

וואָרום שרייבער, ערצעהלער, ווען זיי מאָלען אויך דאָס לעבען פון פרעמדע טיפּען, פלעכטען זיי איין אינצידענטען פון זייער אייגענעם לעבען אין דעם לעבען פון דעם העלד, מישען דורך שטרעבונגען, וועלכע האָבען זיי אַמאָל בעהערשט, מיט די געפיהלען און שטרעבונגען פון דעם טיפּ, וועלכען זיי מאָלען.

מעהרערע מאָל מאָלען אָבער שרייבער אין זייערע ערצעהלונגען זייער אייגען לעבען, זייער געשיכטע, זייער יאוש און ספקות, זייערע פערבאָרגענע געפיהלען און שטרעבונגען און ווען מען לעזט זייערע ראָמאַנען, לעזט מען אייגענטליך צו דער זעלבער צייט כמעט די לעבענסבעשרייבונג פון דעם ראָמאַנען־שרייבער.

און ווען דער שרייבער איז נאָך אַ גרויסער פּסיכאָלאָג, אַ זעעלענקענער, דאַן ענטדעקט ער פאַר אונז זיין גאַנצע נשמה, אַלע איהרע קנייטשעלעך, און איבערלעזענדיג דעם ראָמאַן, ערשיינט פאַר אונזערע אויגען דאָס גייסטיגע בילד פון מחבר.

דער גרויסער רוסישער שריפטשטעלער, טאָלסטאָי, האָט, ווי בעוואוסט, אין פיעלע זיינע ראָמאַנען זיך פערקערפּערט אין דער הויפּטהאנדלענדער פּערזאָן און געגעבען דער וועלט אַ קאָפּיע פון זיין גייסטיגען בילד. און ווירקליך, מיט יעדען נייעם ראָמאַן זיינעם, וואָס מיר לעזען איבער, ווערט פאַר אונז דאָס בילד פונ׳ם מחבר בולט׳ער, און עס ענטבלויזט זיך פאַר אונז זיין רייכע, קאָמפּליצירטע נשמה, און עס שטעלט זיך פאַר אונז אָב אַ בעגריף איבער דעם קאַמפּף צווישען גוטען און שלעכטען, צווישען „יצר־טוב“ און „יצר־הרע“, צווישען די געוואוינהייטען פון אַ נעבוירענעם אריסטאָקראַט, און די פון ספרים אָנגעאייגענטע נייע מושגים איבער רעכט און אונרעכט, — דער קאַמפּף וועלכער קומט אזוי האסטיג פאַר אין זיין זעעלע, ווי עס שטעלט זיך אָב אַ בעגריף אויך וועגען דער שטאַרקער מלחמה וואָס פערנעהמט אַ וויכטיגען פּלאַץ אין זיין הארץ, די מלחמה צווישען דעם רוסישען טאַטאַר, וועלכער שטעקט אין אַ האלב־

ווילדער קולטור, וואָס דריקט זיך אויס אין איבערטריבענער פרומקייט, ווילדען עקסטאַז און משונה'דיגע טרויעריגקייט, און צווישען דער אייראָ־פּעאישער קולטור וועלכע ער האָט געקראָגען דורך ערציהונג, אָבער וועלכע האָט זיך מיט זיין בלוט נאָך ניט אין גאַנצען אַסימילירט.

א שרייבער, וועלכער האָט פּיעלע מאָל געמאָלען זיך אַליין, איז אויך געוועזען דאָסטאָיעווסקי. און דורך זיינע ראָמאַנען האָבען מיר בעקומען די מעגליכקייט אריינצובליקען אין די טיעפענים פון זיין אָנגעווערטאָגטער זעעלע, זעהן דעם צווייפעל, וועלכער האָט ווי א טויטע האַנד געדריקט אויף זיין הארץ.

און א שרייבער, וועלכער האָט געמאָהלען זיך אין זיינע ווערק, איז אויך געוועזען דער ניט־לאַנג־פערשטאָרבענער בערשאַדסקי.

זיין ראָמאַן „באין־מטרה" — „אָהן א ציעל" — עפענט פאַר אונז די זעעלע פון מחבר, בעקאַנט אונז מיט דער טיעפער עצבות, וועלכע האָט זי דורכגענומען.

דער העלד אדאַמוביץ, וועלכער ווערט דאָרט געמאָלען, איז א מאַן וואָס קען ניט געפינען קיין ציעל אין לעבען, גלויבט ניט אין קיין אידעע, און פערצווייפעלט אין אַלץ, און ווערט דאָך געצויגען פון א מערקווירדיגער קראַפט עפּעס צו טהאָן, עפּעס צו שאַפען, ווי עס איז אויסצונוצען די אָנ־געזאַמעלטע קראַפט — דער העלד אדאַמוביץ איז אייגענטליך אונזער מחבר בערשאַדסקי, וועמעס אמת'ער נאָמען עס איז געוועזען דאָמאַשעוויצקי.

בערשאַדסקי, וועלכער איז געוועזען א גרויסער פּסיכאָלאָג, האָט גע־קענט גוט די מענשליכע נשמה אין אַלגעמיין, האָט נאָך מעהר ווי אַלץ פערשטאַנען זיין אייגענע זעעלע, האָט אונפּאַרטייאיש געקענט בעטראַכטען זיך אַליין, זיך אָפּגעבען א „חשבון הנפש", און נאַכהער דאָס ארויפברענגען אויף דעם פּאַפּיער.

און בערשאַדסקי האָט פערמאָגט א ליידענדע זעעלע. זי האָט זיך געצויגען ווי א שמעטערלינג צום פלאַם און האָט זיך פערסמאַליעט.

ער איז געוועזען א קינד פון דעם היינטיגען דור, מיט זיין טיעפען צווייפעל אין אַלעס, מיט זיינע ספקות אין יעדער זאַך.

ער האָט אָבער אויך טיעף געפיהלט, מיט זיין שכל אַליין האָט ער שוין ניט געקענט לעבען. דאָס האָט איהם ניט בעפריעדיגט. די נשמה האָט געפאָדערט איהרס. ער האָט געמוזט גלויבען און ניט געקענט, און די גרויזאַמע פראַגען האָבען געפאָדערט א פּתרון: למה ועל מה? נאָך וואָס און צוליעב וואָס? וואָס איז דער ציעל אין לעבען? נאָך וואָס ליידעט מען? אויף זיי ענטפערען האָט ער ניט געקענט.

דער משכיל, פון דעם פריהערדיגען דור, איז געוועזען ראַציאָנאַל, גע־

לעבט מיט בלויזער אויסרעכנונג, האָט שטודירט דאָקטאָר אָדער יוריסט און איז געווען צופריעדען. דער פּרינציפּ איז געווען: „אכול ושתה למחר נמות" — עסען און טרינקען, דען מאָרגען שטאַרבען מיר.

בערשאַדסקי, וועלכער האָט פון פערגאַנגענעם דור גע'ירשנ'ט די ספקות אין די מעגליכקייטען פון די אידעאַלען, וועלכע האָבען אויפגע־רודערט דאָס אידישע פאָלק, און האָבען אריינגעגאָסען אַ שטראָם ליכט אין דעם תהום פון פינסטערניש, האָט אָבער לעבען, ווי איינער פון פער־גאַנגענעם דור אויך ניט געקענט, און זיין נשמה איז געווען אַ צוריסענע, אַ צופליקטע, און ער האָט געלעבט אָהן אַ ציעל, אָהן אַ האָפנונג, בשעת ער האָט געזוכט אַ ציעל. זיין נשמה האָט געדורשט נאָך טהאַטען, גע־לעכצט נאָך האָפנונג, נאָך אַ שטראַהל ליכט... נאָר אומזיסט! עס האָט איהם געפעהלט דער גלויבען, די בעדירפניס, דער „צורך", איז געווען גרויס, עס האָט זיך איהם געוואָלט צושטערען און בויען, און דער „יכולת", די מעגליכקייט, איז געווען אַזוי קליין און בעגרענעצט.

און עס ציהט זיך פאַר איהם אַזוי לאַנגזאַם דאָס לעבען, און יעדע זאַך שיינט איהם אַזוי אונאינטערעסאַנט, אַזוי גרוי, די סביבה אַזוי אָב־שטויסענד, די שטרעבונגען אַזוי קליינליך, די השגות אַזוי נאַריש. נמאס ווערט דאָס לעבען.

„זעלבסטמאָרד"?! נור אויך צוליעב דעם איז נויטיג אַ ציעל. עס ווילט זיך ברעננגען נוצען דער וועלט, און בעפריעדיגונג פאַר זיך. נאָר אַזוי, נאָך וואָס ציעללאָז איבערהאַקען דעם לעבענס־פאָדעם?

איך נעם ארויס אַ קליינע ציטאַטע פון דעם פינאַל פון זיין גרויסען ראָמאַן: „אָהן אַ ציעל":

......„אין שרעקליכער קלאָרקייט שטעהען פאַר איהם די גאַנצע לעדיגקייט און וויסטקייט פון זיין לעבען אין דער געגענוואַרט, אָבער נאָך פיעל לעדיגער און וויסט זעהט איהם אויס דאָס לעבען אין דער צוקונפט. דען איצט איז ער נאָך פריש און פול מיט יוגענדקראַפט, ליעבע און בעוועגונג. דאָס בלוט זידט נאָך, די תאוות שטורמען און דאָס הארץ ציהט נאָך פערשיעדענע תענוגים. אָבער איינינע יאָהר וועלען אוועק און דאָס אַלץ וועט אויפהערען. און עס וועט זיך אָנהויבען אַ סדרה פון טעג, וואָכען און חדשים פון מורא'דיגער פוסטקייט און פאַלשטענדיגער גלייכגילטיגקייט, אָהן וואונש און אָהן רעגונג, אָהן פרייד און אָהן בלוט־אויפברויזונג.

און אין זיין פאַנטאַזיע זעהט ער דעם גרויסען בריק, וואָס ציהט זיך איבער דער טייך אין עק שטאָדט. דאָס וואַסער זידט און ציהט — איין שפּרונג, איינינע מינוטען — און אַלץ איז געענדיגט.....

„ער וועט פערמיאוסען דאָס לעבען, וועט דערשטיקט ווערען אונטער זיין שווערע משא, אָבער מאכען אַ ענד צום לעבען וועט ער ניט געפי־נען געניג ווילען אין זיין זעעלע.

„ווארום ניט נור לעבען ווי מען דאַרף, נור אויך שטארבען ריכטיג קען מען ניט אָהן אַ ציעל".

און בערשאַדסקי איז געשטאָרבען מיט אַ נאַטירליכען טויט...

מיט אַ נאַטירליכען טויט? דאָס הייסט, ער איז ניט בעגאַנגען קיין זעלבסטמאָרד, נאָר דער נאַטירליכער טויט פון אַ אידישען שריפטשטעלער איז אויך אוננאַטירליך.

ער איז געשטאָרבען אין דער יוגענד פון זיינע יאָהרען, פון אָב־צעהרונג. זיין לעבענס־פלאַם איז דערשטיקט געוואָרען אויס מאַנגעל אין לופט.

אין דער לעצטער צייט, ווי די פריינדע זיינע דערצעהלען, האָט ער גערעדט נאָר העברעאיש און ארויסגעוויעזען אַ הייסע ליעבע צו דער אַלט־יונגער שפּראַך...

אויב דאָס איז אמת, דאַן שיינט אַז זיין נשמה, וועלכע האָט געזוכט אַן „אחיזה", האָט ענדליך אין דער לעצטער צייט זי געפונען אין דער ליעבע צו די קולטורעלע אוצרות פון דעם אידישען פאָלק, אין זיין נאַ־ציאָנאַלער שפּראַך.

איהם איז מעהר ניט בעשערט געווען צו לעבען. דער גייסט אָבער, וואָס האָט איהם די לעצטע צייט בעהערשט, לעבט. דער גייסט, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין דער ליעבע צו די אידישע נאַציאָנאַלע ווערטהע: „די שטילע קראַפט וועלכע בויט און שאַפט", לעבט און בעהערשט אַלע מאָל מעהר די הערצער פון דער אידישער יוגענד.



# הערמאַן כהן

די געבילדעטע וועלט פייערט איצט דעם זיעבעציג־יעהריגען יובי־לעאום פון דעם גרויסען פילאָזאָף הערמאַן כהן, און מיט דעם גאַנצען הארצען פייערט דעם יום טוב מיט אויך דאָס אידישע פאָלק אויף דער גאַנצער וועלט.

אויף דעם געביעט פון דער פילאָזאָפיע איז דאָס אידישע פאָלק תמיד געווען זעהר שעפּפעריש. אידען האָבען אָפילו אָנגעהויבען זיך בעשעפ־טיגען מיט פילאָזאָפיע ווי מיט אַ בעזונדערען געגענשטאַנד פיעל שפּעטער איידער די גריכען, און אונטער דעם איינפלוס פון די לעצטע. די אידען האָבען אָבער אין איהר פיעל אייגענע כחות אריינגעלעגט, אייגענע נייע אנשויאונגען אריינגעפיהרט און געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם גאַנג פון איהר ענטוויקלונג.

פילאָן פון אַלעקסאַנדריע ווערט בעטראַכט אַלס דער ערשטער אידי־שער פילאָזאָף. פילאָן איז געווען אַ תלמיד פון פּלאַטאָן. ער איז אָבער ניט געווען בלויז אַ תלמיד, נאָר אויך אַ שעפּפער. דורך פילאָן ווערט געגרינדעט דער נעאָ־פּלאַטאָניזם, ווי איצט דורך הערמאַן כהן דער נעאָ־קאַנטיאַניזם. דער פּשט פון דעם אין ביידע פאַלען איז: נייע געדאַנקען ווערען אריינגעפיהרט אין יענעמ'ס לעהרען. מען בענוצט זיך מיט יע־נעמ'ס יסוד, די געביידע אָבער איז אין גאַנצען אַ נייע.

עס איז בעשערט געוואָרען, אַז דער גרונדשטיין פון דער אידישער פילאָזאָפיע זאָל געלעגט ווערען אין גלות. שוין פילאָן איז געווען אין גלות. דער ווידערקלאַנג פון פרעמדען איינפלוס איז דאָ געווען אונ־פערמיידליך. דער פרעמדער איינפלוס האָט אָבער קיינמאָל ניט מכניע געווען די אידישע מחשבה, נאָר זי האָט תמיד ארויסגעוויעזען די פעהיג־קייט זיך צו בעפרייען פון פרעמדער השפעה און אויפבליצען מיט אייגע־נעם ליכט.

אין דער בעפרייאונג פון פרעמדען איינפלוס האָט די אידישע פילאָ־זאָפען פיעל מיטגעהאָלפען, ערשטענס, די וועלט־אנשויאונג, אויסגעקרים־טאַליזירט אין דער ביבעל, דער אוצר וואָס איז געשאַפען געוואָרען אויף אייגענער ערד און איז אין גאַנצען אונזער, און, צווייטענס, די אויס־געפּרעגטע אידישע פערזענליכקייט מיט איהר בעזונדערער דענקונגסאַרט. דען אין דער פילאָזאָפיע, טראָץ דעם וואָס זי איז אוניווערסאַל, שפּיעלט דאָס נאַציאָנאַלע עלעמענט אַ גרויסע ראָלע. יעדעס פאָלק שאַפט זיין

פילאָזאָפיע און אזא אויסגעפּרעגטער טיפּוס ווי דאָס אידישע פאָלק האָט, בעטהייליגענדיג זיך אין דער פילאָזאָפיע, בעל כרחו אויסגעאַרבייט זיין אייגענע אַרט.

פילאָן שאָפט איבער פּלאַטאָנ'ען און דער רמב"ם — איבער אַריסטאָ־טעל'ן. עס איז אָנגענומען, אַז דער רמב"ם איז אין זיין אַנשויאונג אין גאַנצען אָבהענגיג פון אַריסטאָטעל'ן. דאָס איז אָבער ניט ריכטיג.

ווייניגער פון אַלץ האָט זיך די אידישע וועלט־אַנשויאונג געקענט צונויפגיסען מיט אַריסטאָטעל'ס. די אידישע וועלט־אַנשויאונג, וואָס שטעלט אין מיטעלפּונקט פון אַלץ די אידעע, די גאָטהייט, איז גיכער געווען נעהנטער צו פּלאַטאָן ווי צו אַריסטאָטעל. האָבען טאַקע די אידישע פילאָזאָפען צוזאַמען מיט די אַראַבישע אַריינגעטייטשט אין אַריסטאָטעל אייגענע געדאַנקען. דער „אַריסטו" וועמען דער רמב"ם האָט נאָכגע־פאָלגט, איז טהיילווייז געווען אייגענע שעפּפונג, ניט אין גאַנצען דער גריכישער אַריסטאָטעל.

שפּינאָזא נעהמט פאַר אַן אויסגאַנגס־פּונקט אין זיין פילאָזאָפיע דעקאַרט'ען. ער בלייבט אָבער ווייט ניט אין זיינע גרעניצען. ער טראָגט אַריין נייע עלעמענטען, אידישע.

און מעג זיך שד"ל בעצייכענען שפּינאָזא'ס פילאָזאָפיע אַלס ניט־אידיש, אַלס „זמורת־זר בכרם ישראל", דער גרונד־צוג פון זיין פילאָזאָפיע איז אידיש.

צו אַלער ערשט, זיין געגנערשאַפט צו דואַליזם. דאָס איז, אַלזאָ, די בעקאַנטע מאָנאָטהעאיסטישע וועלט־אַנשויאונג. דאַן זיין בעפרייען דעם מענשען, וואָס איז נוגע זיין מאָראַלער אויפפיהרונג, פון דער שטרענ־גער געזעצמעסיגקייט, די בעקאַנטע „בחירה חפשית", און ענדליך זיין בע־גרינדען אַ רעגלאַמענט פאַר דעם יחיד אין זיין בעציהונג צום צבור, און זיין שטעלען דעם צבור איבער דעם יחיד, וואָס דאָס זיינען אַלץ הויפּט־עלעמענטען פון דער אידישער וועלט־אַנשויאונג.

הערמאַן כהן איז אַ רינגעלע אין דער „שלשלת היוחסין" פון דער אידישער פילאָזאָפיע, וואָס ציהט זיך פון פילאָן. ווי פילאָן און דער רמב"ם, האָט ער זיינע געדאַנקען אָנגעהאַנגען אָן אַ פרעמדען לעהרער. ער איז אָבער, באמת, אָריגינעל און אידיש־אָריגינעל.

הערמאַן כהן איז אַ אידישער פילאָזאָף, ניט בלויז לויט אָבשטאַמונג, נאָר אויך לויט אַנשויאונג, און ניט בלויז צו הארמאָנירען די אידישע אמונה מיט קאַנט איז געווען זיין שטרעבען, ווי דאָס האָט, למשל, געטהאָן דער רמבם בנוגע צו אַריסטאָטעל, אָדער שפּעטער מענדעלזאָן בנוגע צו וואָלף, אָדער רנ"ק בנוגע צו העגעל. פאַר זיי איז די אידישע רעליגיאָן געווען

בלויז אַ רעליגיאָן און אין זייערע פילאָזאָפישע אָבהאַנדלונגען האָבען זיי זי געזוכט צו בעגרינדען אויף דעם לעצטען וואָרט פון פילאָזאָפיע. זיי האָבען געזוכט „צו מאַכען אַ פשרה צווישען אמונה און פילאָזאָפיע“. די פילאָזאָפישע זייט פון דער אידישער רעליגיאָן האָבען זיי נאָך ניט אויפ־געפּאַסט. הערמאַן כהן איז נאָך ר׳ יהודה הלוי דער ערשטער, וואָס זעהט איין דעם פילאָזאָפישען קערן פון דער אידישער רעליגיאָן, וואָס דערהויבט די אידישע רעליגיע צו אַ וועלט־פילאָזאָפיע. און ווען הערמאַן כהן טרעט אַרויס פאַר קאַנט, איז עס ניט ווייניג צוליעב דעם, וואָס לויט זיין מיינונג איז קאַנט׳ס פילאָזאָפיע אין האַרמאָניע מיט דער אידישער רעליגיעזער פילאָזאָפיע, וועלכע איז פאַר כהנ׳ען אַן אויסגעפרובירטער אמת.

שפינאָזאַ האָט אויך דערהויבען די אידישע רעליגיעזע גרונד־לאַגען צו אַ פילאָזאָפיע. ביי שפינאָזאַ׳ן איז עס אָבער פאָרגעקומען בלאָ־יודעים, ווערענד ביי הערמאַן כהן, ווי ביי ר׳ יהודה הלוי, איז עס ביודעים.

הערמאַן כהן מאַכט ניט נאָר ניט קיין פשרה צווישען דער פילאָזאָפיע און דער אידישער רעליגיע, נאָר, פערקערט, ער טרעט אַרויס אין אַ קאַמפף געגען די וועלט־אַנשויאונגען, וואָס זיינען אין געגענזאַץ צו דער אידישער.

הערמאַן כהן נעהמט אויף די גאַנצע פּראָפעטישע מאָראַל, דעם מעסיאַניזם, און פיהרט צוריק די היינטיגע סאָציאַלע בעוועגונגען צו זייער מקור — צו דער אידישער נבואה, און פערריכט אַ שווערע עולה וואָס דער גרינדער פון סאָציאַליזם, וואָס איז אַליין געווען אַ איד, האָט געגען יודענטהום בעגאַנגען.

הערמאַן כהן פערהערליכט מאַרקס׳ען. ער זעהט אין איהם דעם אויסדרוק פון דער מיכה׳שער שטרעבונג נאָך גערעכטיגקייט, די פאָרט־זעצונג פון דער נבואה, וועמעס פערטרעטער עס איז עד היום דאָס אידישע פאָלק. הערמאַן כהן, וואָס האָט געהאַט דאָס גליק זיך צו בעקענען מיט דעם יודענטהום און זיינע גרונד־לעהרען, האָט געקענט אויפלעזען די מאַרק־סיסטישע שטרעבונגען אויף זייערע עלעמענטען און דערגרונטעווען דעם שורש פון מאַרקס׳ נשמה, עטוואָס וואָס מאַרקס אַליין, וועלכער איז געווען פרעמד פון דער אידישער לעהרע, האָט ניט געקענט טהאָן. מאַרקס האָט זיך אַליין ניט פערשטאַנען און האָט געהאַלטען פעראַנטוואָרטליך די אידי־שע וועלט־אַנשויאונג, וועלכע איז כולה גערעכטיגקייט, פאַר די קאַפּיטאַ־ליסטישע אונגערעכטיגקייטען.

כהן און מאַרקס זיינען געגען אונרעכט און אונטערדריקונג און וואַר־טען אויף דעם יום שכלו טוב, אויף דעם שבת שבתון, נאָר מאַרקס דער־ווייטערט פון אידישען מקור, בעגרינדעט זיין לעהרע אויף דעם מאַטער־יאַליזם, כהן — אויף דעם אידעאַליזם.

דורך כהן האָט דער גאַנצער סאָציאַליזם בעקומען זיין „תקון“. דען, ווי בעקאַנט, האָט בערנשטיין דער רעוויזיאָניסט אויפגענומען כהן׳ס פילאָ־זאָפישע אַנשויאונג.

הערמאַן כהן איז איינער פון די גרעסטע פילאָזאָפען פון אונזער דור, איז איינער פון די גרעסטע אידישע פּערזענליכקייטען, אָבער אויך דער גרעסטער פילאָזאָף קען זיך ניט בעפרייען פון דעם איינפלוס פון זיין דור, און אויך הערמאַן כהן האָט זיך ניט בעפרייט.

הערמאַן כהן, אין איינקלאַנג מיט זיין אַסימילאַציאָנס דור, איז געגען דעם אידישען נאַציאָנאַליזם. דער שטרענגער פילאָזאָף פאַלט צוליעב דעם אַריין אין ווידערשפּרוכען און ווערט טראַגיש.

דאָס איז נאָר צו בעדויערען. פערשטעהען מיר אָבער פון וואַנען דער שטריך אין זיין פּערזענליכקייט שטאַמט, דאַן קען עס אונז שוין ניט שטערען איינצוזעהן זיין גאַנצע גרויסקייט ווי זיין אונגעהייערע בעדייטונג פאַר דער פערשטאַרקונג פון יודענטהום.

דאָס יודענטהום האָט איצט אויסצושטעהן אַ קאַמפּף ניט מיט דער פילאָזאָפיע, נאָר מיט דעם קריסטענטהום, וועלכער ערקלעהרט זיך אַלס העכער און טיעפער פון יודענטהום.

אונזער אינטעליגענץ, וואָס שעפּט איהר וויסען פון פרעמדע מקורות, נעהמט אויף די פאַלשע אַנשויאונגען, און עס שטעהען ביי אונז אויף מליצי־יושר פאַר קריסטענטהום ווי קלאַר מאַנטעפיאָרע.

אַן אַרויסטריט פון הערמאַן כהן פאַר יודענטהום פערפעהלט ניט זיין ווירקונג אויף דער אידישער אינטעליגענץ און אויך ניט אויף דער קריסט־ליכער.

דער קדוש־השם ברבים איז אַ נאַציאָנאַלע טהאַט, פאַר וועלכע דאָס נאַציאָנאַלע יודענטהום איז איהם דאַנקבאַר.

כהן מעג זיך רעדען פון צונויפגיסונגען, מעג רעדען, ערקלעהרען, אַז אידען זיינען בלויז אַ רעליגיעזע סעקטע. דאָס איז ניט זיין פילאָזאָפיע, דאָס איז דער אָפּקלאַנג פון גלות בכלל און פון זיין דור בפרט.

זיין לעהרע, וואָס ווייזט אונז די גרויסע פילאָזאָפישע ווערטה פון דער אידישער מאָראַל און פון דער אידישער נבואה, האָט נאָך מעהר ביי אונז פערשטאַרקט דעם גלויבען אין אונזער אייגענער בעדייטונג, אין אוי־זערע שעפּפערישע קרעפטען, דעם גלויבען אין דער מעגליכקייט פון דער אייגענער רעהאַביליטירונג אויף אונזער לאַנד, וואָס איז געוועזען דער חלום פון די נביאים, וואָס כהן פערהערליכט אַזוי שטאַרק, און פון אַלע גרויסע גייסטער פון אידישען פאָלק, פון ר׳ עקיבא ביז — דר. הערצל.

# גראַף לעוו טאָלסטאָי

זיין פּלוצלונגע קראַנקהייט און שנעלער טויט האָבען אויפ'ס־ניי מיט גרויס בעטאָנונג ארויסגעבראכט ווי ווייט דער זקן פון יאסנאיא פּאָליאנא איז פּאָפּולער אויף דער גאַנצער וועלט, צווישען אַלע קלאַסען מענשען.

און שטעלען מיר זיך די פראַגע: פון וועלכע מקורות קוועלט זיין פּאָפּולאַריטעט, און וואָס זיינען איהרע סבות, — דאַן, צווישען דער קייט מיט אורזאכען, צו וועלכע מען קען צוריקפיהרען זיין גרויסען פּרסום, געפינט מען אויך צוויי אורזאַכען, וועלכע האָבען פאַר אונז אַן אינטערעס, אַלס אידען, און אויף וועלכע מיר וועלען זיך דאָ אָפּשטעלען.

טאָלסטאָי איז געווען איינער פון די גרעסטע בעלעטריסטען פון אונזער צייט, און אַ טהייל פון זיין פּאָפּולאַריטעט שטאַמט געוויס פון דעם. אָבער עס איז קיין ספק ניט פאַר די, וואָס זיינען מעהר־ווייניגער בעקאַנט מיט דער רוסישער ליטעראַטור, אַז בנוגע צו רעאַליזם איז איהם זעהר שטאַרק איבערגעגאַנגען טורגעניעוו, וואָס האָט דעם רעאַליזם געבראכט צו דער הויכער מדרגה פון דיכטונג, און בנוגע צו פּסיכאָלאָגיע האָט איהם געוויס איבערשטיגען דאָסטאָיעווסקי. דאָך האָבען דאָסטאָיעווסקי און טורגעניעוו ניט ביי זייער לעבען און אויך ניט נאָך זייער טויט זוכה געווען צו אַזאַ ברייטער בעקאַנטשאַפט אויף דער גרויסער וועלט.

און אונטערזוכט מען די זאַך אַ ביסעל טיעפער, דאַן קומט מען צום שלוס, אַז כאָטש טאָלסטאָי איז געוויס מעהר קינסטלער ווי דענקער, דאָך איז עס גראָד דער דענקער, וואָס אינטערעסירט די וועלט. דער דענקער שטעלט אין שאָטען דעם קינסטלער.

עס איז דאָס נייע וואָרט אויף דעם געביעט פון עטהיק און לעבענס־אויפפיהרונג, וואָס האָט צו איהם געווענדעט אַלע אויגען.

עס איז ניט טאָלסטאָי דער דיכטער, נאָר טאָלסטאָי דער נביא וואָס האָט אָנגעפייערט די מענשליכע פאַנטאַזיע און געמאַכט אויפרעגענד קלאַפּען הערצער.

עס מעג זיך זיין אפּיקורסות, עס איז דאָך אָבער אמת, אַז אויך זיין קונסט איז אין ברייטע קרייזען בעקאַנט געוואָרען צוליעב דעם, וואָס מענשען האָבען דאָרט געזוכט נביאות, טאָלסטאָי'ס עצה ווי צו לעבען, כאָטש אויף דעם ערשטען בליק קען דאָס אויסזעהן פערקעהרט.

און ווען אין דער ערשטער צייט האָט מען טאָלסטאָי'ס נביאות געשענקט גרעסערע אויפמערקזאַמקייט, דורך דעם וואָס ער איז שוין געווען

בעקאַנט אַלס קינסטלער, האָט אָבער שפּעטער אויך זיין קונסט זיך גע־וואַרעמט ביי דעם פלאַם פון זיינע נביאות.

וואָס בעוויייזט עס? עס בעווייזט, אַז נאָך יאָהרען פון כלומר׳שטער העלענישער הערשאַפט איבער איראָפּאַ. נאָך יאָהרען פון ענערגישער ערציהונג אין דעם גייסט פון די גריכען, וואָס לערענט אַז די פּלאַסטישע און סימעטרישע קונסט שטעהט איבער אַלץ, איז נאָך אַלץ די נבואה, ווען זי ענטפּלעקט זיך, די אויבערהערשערין אין לעבען, די קעניגין פון מענשליכען האַרץ. די קונסט איז אַן אָבשפּיעגלונג פון לעבען; די נבואה איז דאָס לעבען אַליין. די נבואה, דאָס איז דער רוישענדער, ענטהוזיאַסטישער געפיהלען־שטורם, די זעעלען־אויפפלאַמונג און דערנעהנטע־רונג צו דער העכערער קראַפט, וואָס איז דער סוד פון לעבען און זיין ציעל אין דער זעלבער צייט.

אַזוי ווי טאָלסטאָי אָבער האָט נאָר פערמאָגט איינציגע ניצוצות פון א נביא, און האָט געזעהן אַלץ דורך א דונקלען ליכט, ווי איינער וואָס זעהט א חלום אין שלאָף, און ניט דורך דער „אספּקלריא המאירה“, צו בענוצען זיך מיט דער תלמוד׳ישער טערמינאָלאָגיע, דעריבער איז ער נאָר געוואָרען פּאָפּולער, אָבער ער האָט ניט בעזיעגט די מענשהייט.

און נאָך עפּעס בנוגע צו דעם זעלבען ענין. טאָלסטאָי איז ניט נאָר געווען א „נאה דורש“, נאָר אויך א „נאה מקיים“. ביז א געוויסען גראַד, האָט ער פּרובירט דורכפיהרען אין לעבען זיינע אייגענע לעהרען, און דאָס האָט געמאַכט די גרויסע ווירקונג אויף דער וועלט, וואָס דאָס בעשטעטיגט ווייטער דעם אידישען בליק, וועלכער פאָדערט פון זיינע גרויסע ניט נאָר צו זיין גרויס אין וואָרט נאָר אויך אין טהאַט.

אַזוי ווי טאָלסטאָי האָט אָבער נאָר טהיילווייז דורכגעפיהרט זיינע לעהרען אין אייגענעם לעבען, און ניט זעלטען איז זיין פיהרונג געקומען אין ווידערשפּרוך מיט זיין לעהרע, אין היפּך צו דער שטרענגער פאָדע־רונג וואָס די נבואה שטעלט די יעניגע וואָס בעקליידען דעם מאַנטעל פון נביא, אַז די טהאַט זאָל שטימען מיט דעם וואָרט, דעריבער האָט ער גע־שאַפען בלויז קליינע קרייזען פון אמת׳ע חסידים, כאָטש א וועלט ווייס פון איהם.

די צווייטע אורזאַכע פאַר זיין גרויסער פּאָפּולאַריטעט איז דער פאַקט, וואָס ער איז ניט נאָר א גרויסער מענש, נאָר א גרויסער רוסע. ווען מען רעדט פון א גרויסען מענשען, שפּיעלט אויך דער פאַקט פון לאַנד א גרויסע ראָלע. המקום גורם.

די וועלט איז פּעראינטערעסירט אין פאָלק, וואָס לעבט אויף א גע־וויסען פּונקט אויף דעם ערד־קוגעל, לעבט זיין אייגענאַרטיגען לעבען,

לעבט דורך זיינע רעוואָלוציאָנען, און ווען די וועלט איז פעראינטערעסירט אין דעם לאַנד, ווארפט זי זיך אויף די שריפטען פון די פאָרשטעהער פון יענעם לאַנד.

און שטעלט דאָס לאַנד ניט ארויס קיין גאָר גרויסע, לעזט מען אויך זיינע מיטעלמעסיגע.

די וועלט לעזט, למשל, ווערק פון אמעריקאַנער שריפטשטעלער, ניט דערפאַר ווייל זיי זיינען זעהר גרויסע שריפטשטעלער, נאָר דערפאַר וואָס זיי זיינען גרויסע אמעריקאַנער, ווייל אמעריקאַ האָט ניט קיין בעסערע. און ווייל די וועלט וויסען וועגען אמעריקאַ, מוז זי נעהמען דאָס, וואָס אמעריקאַ האָט פּראָדוצירט. דערוויייל אָבער ווערט דער שרייבער פּאָפּולער. מכלל הן אתה שומע לאו, דאָס הייסט אז ווען א פאָלק האָט ניט קיין לאַנד, בלייבט אָפטמאָל אויך א גרויסער שרייבער ניט פאָפּולער



# צעזאַר לאָמבראָזאָ

מיט דעם טויט פון לאָמבראָזאָ האָט די וועלט פערלוירען איינעם פון איהרע אריגינעלסטע דענקער און גאונים.

אונזער דור איז רייך מיט טעכנישע ערפינדונגען און טעכנישע אומ־וועלצונגען, פיעל איז אויך אויפגעטאָהן געווארען אויף דעם פעלד פון פּאָ־זיטיווע וויסענשאפטען — אויף די געביטען האָט אונזער דור ארויס געשטעלט פיעל גאונים און לייכטענדע שטערן, און וויל מען אונזער דור און צייט ריכטיג בעצייכנען, דאַן איז דער פּאַסיגער בייוואָרט פיר דעם: דער דור פון טעכניק, די צייט פון פּאָזיטיווע וויסענשאפטליכע עראָבע־רונגען.

אָרים איז אבער אונזער דור אין אויפטהוען אויף דעם געביטה פון דער ליטעראַטור. מיר פערמאָגען ניט אפילו איין שעקספּיער, אדער איינעם גלייך צו איהם, און ניט איין געטטע, ניט איין היינע און ניט איין מילטאָן. מיר האָבען אונזערע „יפתח בדורו׳ס“, עס פעהלען אונז אבער די שמואל׳ס, די נביאים, די גרויסע זשעניען, וואָס די גאַנצע וועלט זאָל שעפּען פון זייי השפעה און זיך ווארימען ביי זייער ליכט.

און גראַד אין דער אנוועזענהייט פון אונזער גאַנצען פּאָזיטיווען רייכטהום, און גראַד איצט, ווען דער מענש פיהלט זיך כמעט מיט יעדער שעה אַלץ מעהרער דער קעניג פון דער נאַטור, גראַד איצט, ווען דער מענש האָט דערגרייכט די אפפאָנגע פון אירדישער קראַפט, גראַד איצט דריקט

ווי א קאשמאר עפּעס אַן אונבעשטימטע מרה שחורה דעם מענשענ׳ס ברוסט. ער פיהלט זיך פערלוירען, אַפּהענדיג. עס לעבצט דער מענש נאָך א געטליכען וואָרט, א גראַנדיעזע זעהונג, נאָך דאָס מיסטיריעזע, דעם „סוד שבנגלה“, דעם ניט־זיין אין דעם זיין, ווייל דער מענש קען זיך קיין מאָל ניט בענוגענען מיט פהיזיק, ער וויל מעטאַפהיזיק.

איז לאָמבראָזאָ געווען א גאון, און אויב יא, אויף וועלכען געביטה האָט ער ארויסגעוויעזען גאונות אויף דעם ספּעקולאַטיווען אדער אויף דעם פּאָזיטיווען וויסענשאַפטליכען?

אָבער צו ענטפערען אויף דער ערשטער פראגע, דארף מען פריהער בעשטימען, וואָס הייסט גאון, וועד האָט רעכט צו דיעזען עהרען־טיטול? און גראדע אויף דער פראגע איז דער ענטפער ניט קיין אַלגעמיין אנגענו־מענער. אַלענפאלס קען מען זאָגען, אז די וועלט איז נוטה אנצוערקענען דעם יעניגען פאר א גאון, וואָס דעקט אויף נייע האָריזאָנטען, ווייזט אָן נייע אמת׳ן און בערייכערט די מענשליכע מחשבה מיט אָריגינעלע רעיונות.

און דאָס האָט לאָמבראָזאָ געטהאָן די והותר. עס איז א דאנק איהם, וואָס די וועלט האָט געענדערט איהר בליק בנוגע די פערברעכער. ביז איהם האָט מען געמיינט, אז פאר א פערברעכער איז דער איינציגער פּלאַץ די תפיסה. נאָך לאָמבראָזאָ׳ן איז פיר פיעלע פערברעכער דער פּלאַץ אין אסיילום. א דאנק איהם איז אריינגעטראָטען א שנוי אין דער סיסטעם פון קינדער ערציהונג. ביז איהם איז, ווען א קינד האָט ניט געלערנט בהתמדה, האָט מען עס געשטראָפט מיט דער רוט אדער געהאַלטען מוסר־רעדען; נאָך איהם — אונטערזוכט א דאָקטאָר דאָס קינד אויב ער האָט ניט עפּעס א מום, א פעהלער, וועלכען מען קען בעזייטיגען.

דאָס, קען מען זאָגען, איז אויף דעם געביטה פון פּאָזיטיווען פאָרשען.

לאָמבראָזאָ האָט אבער אויך געווירקט אויף דעם געביטה פון אב־סטראקטער ספּעקולאַציאָן, אַלענפאלס אויף דעם געביטה, וואָס שטעהט צווישען דער אבסטראקטער ספּעקולאַציאָן און דער פּאָזיטיווער וויסענ־שאַפט. מיר מיינען זיינע מיינונגען איבער די קרובה׳שאפט צווישען זשעניאַליטעט און משוגעת.

לאָמבראָזאָ האָט זיך מיט דעם ניט בעניגענט. אין די לעצטע יאהרען האָט ער זיך פערנומען מיט דער פראגע פון טויט און נאָך דעם טויט, פון גייסט און מיסטעריען.

דער נאָמען לאָמבראָזאָ האָט געקלונגען וויט און ברייט, מען האָט איהם בעהאנגען מיט מעדאַלען און אָרדענס. קעניגע און פּרינצען האָבען איהם בעעהרט. לאָמבראָזישע שוהלען האָבען זיך געגרינדעט. ער איז

פאַר דער וועלט ערשיענען אַלס דער קלאָהרער קאָפּ, דער פּאָזיטיוויסט, דער פאָרשער, דער עקספּערימענטאַליסט. ער אַליין איז אָבער געווען אונצופריעדען, זיין גייסט האָט ניט גערוהט. דאָס אונבעוואוסטע אין לעבען און אין דער נאַטור האָט איהם גערייצט און ניט צו־רוה געלאָזען. דעם אורשפּרונג פון לעבען און זיין תכלית האָט ער געזוכט; די פראַגע פון טויט און אונשטערבליכקייט, וועלכע האָט געפּלאָגט אַלע זוכענדע גייסטער און טרוימער, האָט איהם אויך געפּלאָגט.

און דאָן, ווי שאול אין יענער פערלעגענהייט, וואָס איז אוועק צו דער מכשפה און געבעטען: ברענג מיר אויף דעם גייסט! — האָט לאָמבראָזאָ זיך געווענדעט צו יוזאַפּיאַ פּאַלאַדינאַ, דער בעריהמטער ספּיריטואַליסטין און אָנגעהויבען שטעלען זיך אין פערבינדונג מיט גייסטער.

לאָמבראָזאָ האָט געשטאַמט פון גרויס יחוס. זיין פאָטער׳ס משפּחה איז געווען רייך מיט רבנים און לומדים, און דער אידישער טעמפּעראַמענט האָט דורכגעלויכטען אַלע זיינע שריפטען.

לאָמבראָזאָ האָט זיך ניט געשעהמט מיט זיין אידישער אָבשטאַמונג. אייניגע מאָל האָט ער זיך אפילו אויסגעשפּראָכען סימפּאַטיש צום ציוניזם, און האָט צו איין קאָנגרעס געשריבען אַ צושריפט, אין וועלכען ער האָט ערקלעהרט, אַז ווען ער וואָלט געווען אינגער, וואָלט ער זיך אריינגעוואָרפען אין דער ארבייט. דאָס זיינען אבער אַלץ געווען פּלאַטאָנישע סימפּאַטיען, פון וועלכע עס ווערט ניט קאַלט און ניט וואַרים. אין זיינע מיינונגען איבער יודענטהום, ווען נור ער האָט זיך געאייסערט, זיינען געווען דורכזאַפּט פון דער געוועהנליכער אסימילאַטאָרישער וועלט־אַנשויאונג.

לאָמבראָזאָ איז דאָך געווען אַ איד אין זיין אַלגעמיינעם שאַפען. דער ערשטער סטודיום זיינער איז געווען מעדיצין, וועלכע מען קען רופען אַ אידישע וויסענשאַפט. עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס אידען האָבען גראַד אַזוי פיעל געטהאָן פיר דער מעדיצין. דאָס שטאַמט פון דעם וואָס דער איד האָט אימער פאַרגעטערט דעם מענשען, אַנשטאָט צו פער׳מענשען דעם גאָט, ווי דאָס האָבען געטהאָן די העלענען. די מעדיצין שטאַמט פון דעם קוואַל פון מענשענליעבע, און פון דעם שטרעבען צו פערלייכטערען די מענשליכע יסורים.

אויף דעם געביטה פון מעדיצין האָט זיך לאָמבראָזאָ אויסגעצייכענט. ער האָט זיך דאָן גענומען מאַכען עקספּערימענטען, און האָט ער אַן אמת געפונען, האָט ער ניט גערוהט ביז וואַנען ער האָט איהם ניט מודיע געווען דער וועלט און איהם געמאַכט פאַר איהר אמת. דאָס איז ווייטער דער ראה־נתתיך־אור־לגויים־אינסטינקט, וואָס לעבט אין יעדען אידען, דער

אינסטינקט מזכה צו זיין אלעמען מיט דעם אמת וואס איך האָב אויסגע־פונען.

לאָמבראָזאָ איז אויך קיין מאָל ניט געווען דער קיהלער וויסענ־שאפטס־מאַן, וועלכער קימערט זיך ניט אום דעם אויסגאנג פון די רעזול־טאַטען פון זיין וויסענשאפטליכער פאָרשונג. ער האָט אימער מיט ליי־דענשאפט און טעמפּעראמענט פאָרגעלייגט זיינע מיינונגען, מיט היץ און פייער האָט ער זיי פערטהיידיגט, און פיר זיי ערָאָבערט בירגער־רעכטע.

דאָס איז ווייטער א שטריך פון דער אידישער נאַטור, פון דער אידי־שער פּסיכיק. אין דעם איז ער שטאַרק פערוואַנדעט מיט זיין תלמיד מאַקס נאָרדוי, מיט דעם גרויסען אונטערשיעד, וואָס וועהרענד זיין תלמיד איז אייף דער עלטער אין גאַנצען איבערגעגאנגען צו זיין פאָלק און אויפ־געגומען מיט זיין גאַנצער ליידענשאפטליכער נשמה די ארבייט פון זיין פאָלק'ס אידעאַל, איז לאָמבראָזאָ דאָך געבליבען ניט אונזערער, געבליבען א פרעמדער.



# דר. שלמה רובין

עס האָט זיך געפּעהלט דער אַלטער שריפטשטעלער, דר. שלמה רובין, א וועטעראן־משכיל פון אלטען דור. ניט מיט אלץ וואָס שלמה רובין האָט געשריעבען קענען מיר, נאַציאָנאַל־אידען, זיין איינפערשטאַנען. די טעות'ן זיינען אָבער ניט געווען זיינע אייגענע, נור פון זיין דור. דער קאַמפּף וואס איז אנגעפיהרט געוואָרען אין דער השכלה־צייט געגען פאַנאַ־טיזם, אויב ער איז אַליין אָנגעפיהרט געוואָרען שטאַרק פאַנאַטיש, איז דאָך נאָך אלעמען אין זיין צייט געווען שטאַרק בערעכטיגט. יענער קאַמפּף האָט אפשר מיט זיך געבראַכט אויך איניגע שלעכטע פאָלגען, דאָס קען זיך זיין. עס איז ניטאָ קיין אַבסאָלוט גוטעס אויף דער וועלט. מען דאַרף אָבער ניט פערגעסען דאָס גוטע, וואָס יענער קאַמפּף האָט גע־בראַכט. שלמה רובין איז אלענפאַלס איינער פון די וויכטיגסטע פון יע־נער צייט.

שלמה רובין איז געווען ניט כלו וויסענשאפט, ער איז אבער געווען איינער פון די וויניגע, וואָס האָבען אין א וויסענשאפטליכען טאָן אָנגע־הויבען שרייבען איבער די וויכטיגע זאכען, וואָס אינטערעסירען יעדען מענשען אַלס מענש, „באשר הוא אדם“, אידען ניט אויסגעשלאָסען. די פראַגען פון לעבען און טויט, וואס איז איבער דער נאַטור און נאָך איהר.

ער האָט אַלזאָ געהאָלפען אויסברייטערען דעם קוק פון דעם העברע־אישען לעזער, האָט איהם ארויסגעשלעפּט פון דער געוועהנליכער שטומ־פּיגקייט און פון זיין אָרעמער פאַרשטעלונג וועגען די אַלע זאכען, וואָס ריהרען דעם מענשען אָן אזוי טיעף.

שלמה רובין האָט זיך אויך פערדיענט ביים העברעאישען לעזער, וואָס האָט איהם צוריקגעקעהרט זיין שפינאָזא.

עס איז בעקאַנט, אז ווען עס קומט אויס צו רעדען וועגען שפינאָזא'ן, הויבען מיר אָן אויפוויייזען ווי ווייט ער האָט זיין לעהרע געשעפּפּט פון די קוועלען פון קרשקש, און פון אנדערע מקובלים. בקיצור, שפינאָזא איז אונזערער, דאָך גלויבען מיר, אז דאָס מאָל איז גערעכט באַרדיטשעווסקי, ווען ער פרעגט: שפינאָזא האָט גענומען פון אונזער פעטער, וואָס ווייסען אָבער די קינדער פון דעם גרויסען אידען? שפינאָזא, וואָס האָט גע־האָט אזא גרויסען השפעה אויף לעססינג, שילער, געטהע, וואָס איז געוועזען פאר זיי א קוואַל פון ערפרישונג, פון גייסט־בערייכערונג, וואָס האָט גע־האָט אזא גרויסע ווירקונג אויף דער דייטשער פּאָעזיע, וועלכע קוועלען האָט ער אין אונזער ליטעראַטור אָנגעשלאָגען? וואו איז זיין איינפלוס? שד"ל האָט שפינאָזא'ן בעקעמפּפט. שפינאָזא'ס לעהרען, מיינט שד"ל, שטימען ניט מיט דעם יודענטום. מיר ווילען די פראַגע דאָ ניט אָנריהרען. נור איין זאַך מוזען מיר אויפמערקזאַם מאַכען, אז עס קען דאָך ניט זיין ביידע זאכען צוזאַמען. אז אי שפינאָזא האָט זיין לעהרע געשעפּפּט פון אידישע קוועלען, אי ער איז ניט אידיש. און איבער אַלץ, בעקעמפּפען, דאָרט וואו זיינע לעהרען זיינען נאָך אזוי אונבעקאַנט? שלמה רובין האָט פּיעל געטאָהן פיר אונזער קולטור, ווען ער האָט אריינגעבראַכט אין אונזער קולטור־אוצר איינינע ווערקע פון שפינאָזא און פּאָפּולאַריזירט זיינע לעהרען.

דר. רובין איז געווען, וואָס מען רופט, א שפינאָזאאיסט. שפינאָזא האָט געשאַפען א גאַנצע פילאָזאָפישע וועלט אנשויאונג. מעגליך, ער האָט אין דעם פּרט אָדער אין יענעם געפעהלט. זיינע לעהרען ענטהאַלטען זעהר פּיעל וואַרהייטען, מיט וועלכע די מענשהייט וועט זיך קוויקען פאר דורות און דורות. שפינאָזא איז אייביג ווי די שטערן. ווי א שטערן לייכט ער פיר דער מענשהייט. שלמה רובין, וועלכער האָט אין אונזער ליטעראַטור פערקניפּט זיין גורל מיט דעם אייביגען שפינאָזא, האָט אויך זיך אויף תמיד גערעטעט פון פערגעסענהייט.

# נפתלי הערץ אימבער

איז דאָס מזל, א זכות אדער ביידע, די עובדא קען דאָך קיינער ניט בעשטרייטען, אימבער איז דער מחבר פון אונזער נאַציאָנאַלער הימנע, פון דעם ליעד, מיט וועלכען מען עפענט אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסען, און וועלכעס ווערט געזונגען וואו נור ציוניסטען פערזאַמלען זיך.

און דאָס איז קיין קליינינקייט ניט. מיר ווייסען פון פיעלע פאַקטען אין דער געשיכטע, ווי מענשען האָבען זיך געקויפט אונשטערבליכקייט דורך איין צוגעטראָפענער טהאַט, אין וועלכער דער צופאַל האָט אפשר געשפּיעלט ניט קיין קליינע ראָליע, זייער בעדייטונג איז דאָך אויף קיין האָאָר ניט קלענער געוואָרען. דאָס זיינען די יעניגע, וועלכע מען קען לויט דעם תלמוד אויסדרוק רופען: די קונים־עולמם־בשעה־אחת־מענשען.

אימבער בלייבט א היסטאָרישע פּערזענליכקייט טאַקי נור צוליעב זיין „התקוה“, און מעגען פיעלע האָבען אויסצוזעצען, אז דאָס ליעד איז ניט פּאָעטיש גענוג, קיין בייז. „התקוה“ בלייבט די נאַציאָנאַלע הימנע.

פערוויקעלטע און געפּלינעלטע אויסדריקע זיינען ניט פאַר דעם ברייטען פאָלק. דאָס פאָלק האָט ליעב דאָס איינפאַכע און איז תמיד פאַר דער פאָרם, וועלכע דריקט אוים אָהן בליץ־בלענדענדע מעטאַפאָרעס זיין הארצענס־וואונש.

„מיט דעם לעצטען אידען איז אונזער לעצטע האָפנונג“. דאָס דריקט פאָרטרעפליך אוים דעם סענטימענט פון פאָלק, ווי ווייט עס פער־איינט זיין נאַציאָנאַלען קיום מיט זיין האָפנונג אויף דער אויפלעבונג פון זיין לאַנד, און אָט דער פּערז געפינט זיין ריכטיגען אָבקלאַנג אין דער פאָלק׳ס נשמה.

אין דער צייט פון אוגאַנדאַ פראָיעקט, ווען די ציוני ציון האָבען אלס פּראָטעסט אויף דעם קאָנגרעס געזונגען די „התקוה“, דאַן האָבען אַפילו די עסטעטען, די אניני־הדעת, — ווי זיי האָבען עס אליין מודה געווען, — דערפּיהלט די טיעפע בעדייטונג פון די איינפאַכע התקוה־ווערטער:

„כל עוד בלבב פּנימה,
נפש יהודי הומיה“.

**„כל זמן איד איז איד, איז די האָפנונג ניט פערלוירען“, — דאָס איז** איינפאַך, דאָס דריקט פון דעסטוועגען אוים קאַטעגאָריש די בעציהונג פון פאָלק צו לאַנד, דאָס פערמאָגט א געוויסע עהנליכקייט צו יענעם בעריהמ־

טען לוטהער אויסדרוק, וואס איז געוואָרען קלאסיש: „דאָ שטעה איך און ווייטער געה איך ניט". אין אונזער פאַל: דאָ שטעה איך, אהין צו יענעם לאַנד ווענדע איך מיין בליק, ווייל די פאָלקס נשמה איז אנגע־קניפּט אין יענעם לאַנד ווי דער פלאַם אין דער קויל, ווייל אויף יענעם פרייען באָדען ווערט די פאָלקס נשמה בעפליגעלט, בעפרייט זיך פון איהרע גלות קייטען און ווערט א „בת־חורין".

אויף יענעם קאָנגרעס, אין דער צייט ווען עס האָט זיך געדוכט, אז דער ציוניזם איז אין סכנה, דעמאָלט האָבען אויך די עסטעטיקער דער־פיהלט די גרויסע אמת׳ן, די ציוניסטישע עקרים, וואס זיינען אין דער „התקוה" פערקערפּערט, האָבען דערפיהלט די הייסע און הארציגע ליעבע צום אייגען ווינקעל, וואָס איז אין דעם ליעד; דאָס פאָלק האָט עס גע־פיהלט נאָך פריהער.

און ווייל אימבער האָט זוכה געווען צו זיין דער מחבר פון „התקוה", דאַפיר אינטערעסירט אונז שוין, אָדער בעסער געזאגט, דאַרף אונז אינ־טערעסירען אלץ וואס איז נוגע זיין פּערזאָן.

אפשר ווען ניט די „התקוה" וואלט מען פון אימבער אין דער אי־דישער וועלט ניט געוועזען פיעל געוואוסט, דאָך איז זיכער, אז אימבער האָט פערמאָגט א פּאָעטישען טאַלאַנט, ניט קיין גרויסען, אָבער דאָך טאַלאַנט.

ער איז דער איינציגער אידישער דיכטער, וועלכער האָט אין דער השכלה־צייט, ווען די מייסטע פּאָעטען האָבען געשליפען זייערע פערזען לכבוד דער השכלה, די „הימעל־טאָכטער", געזונגען זיין ליעד צו דער „טאָכטער פון דער ערד" און צו דער ערדישער ליידענשאַפט. אימבער איז אויך דער ערשטער וואס האָט געשאַפען דאָס פאָלקס וויין ליעד. אי־דען זיינען ניט קיין אלקאָהאָליקער, אידען טרינקען אָבער ניט זעלטען א גלעזעל וויין אין א שבת אָדער א יום־טוב, אָדער גלאָט אין אן עת־חדוה. דער איד שכור׳ט ניט, ער ווערט אבער ביים גלעזיל וויין פרעהליך, פער־געסט זיינע דאגות, בעקומט עלית־נשמה, און זינגט זיין אייגענע ליעד, זינגט עס אָהן ווערטער, נור הויכט אין דער מעלאָדיע און אין דעם מאָטיוו אריין זיינע געפיהלען, זיין צער דורכגעוועבט פון שעהנער האָפנונג, דורכ־געפלאָכטען פון אָפּטימיסטישען גלויבען, זיין הייסע לעבענס תשוקה, וואָס ווערט געקיהלט פון גלות־ווינטען.

ביז איצט איז אָבער נאָך די וויין־מעלאָדיע ניט אנגעקליידעט געוואָ־רען אין ווערטער. ערשט אין דער לעצטער צייט טרעפען מיר א וויין ליעד ביי וואַרשאַווסקי און ביי טשערניכעווסקי, אימבער איז אבער געווען דער ערשטער וואָס האָט געשריבען דאָס העברעאישע וויין ליעד.

אימבער האָט אויך פערמאָגט פיעלע געניאַלע איינפאַלען, געדאַנקען־פונקען, וואָס האָבען ארויסגעוואונקען פון דער הורבע אש פון דברים בטלים, אין וועלכער זיי זיינען פערוואָרפען געוואָרען. ער האָט אויך פערמאָגט שאַרפע סאַטירע, וועלכע האָט געוויזען, אז ער איז א אידישער חריף און טראָגט א פלינקע אידישע קאָפּ אויף די פּלייצעס.

די „ניכטערע“ אידישע אינטעליגענץ האָט אימבער׳ן ניט געקענט מוחל זיין דעם חטא פון וויין, זיין צופיעל חיות׳ען זיך מיט׳ן „ביטערען טראָפּען“, און דאָך האָבען פיעלע פּאָעטען ביי די אומות העולם געטרונקען, און עס איז זיי ניט פעררעכענט געוואָרען פאַר קיין זינד.

אייגענטליך איז אימבער׳ס שכרות געוואָרען בעריהמט ניט אָן און פיר זיך, נור מעהר צוליעב די זייטיגע עפּיזאָדען, וואָס האָבען עס בע־גלייט. אימבער איז געוועזען אַן אָרימאַן און געטרונקען ניט אויף אייגע־נעם נאָר אויף פרעמדען חשבון, און דעריבער איז זיין טרינקען געוואָרען אויס פּריוואַט זאַך, נאָר א קהל׳שער ענין.

און אין אימבער׳ס אָרימקייט, און אין זיין אונזיכערען מצב איז דאָך טיילווייז שולדיג דער אידישער גלות. א דאַנק דעם גלות מוזען אידישע פעהיגע מענשען וואַנדערען פון פּלאַץ צו פּלאַץ, און אויספּילווערען זייער ביסעל טאַלאַנט אויף קלייניגקייטען, אויף צופּאַסען זיך צו דער נייער סביבה און נייע בעדינגונגען.

זיכער איז אבער, אז די אַלע שאַטען, וועלכע האָבען א ביסעל פער־דונקעלט די אימבער געשטאַלט ביי זיין לעבען, וועלכע זיינען אייגענטליך געווען צופאַלען אין זיין כאַראַקטער, וועלען פערגעסען ווערען, און אייביג וועט לעבען בלייבען דער אימבער פון דער נאַציאָנאַלער הימנע, דער מאַן, אין וועמעס נשמה עס האָט געוויס געטליהעט, אמאָל העלער, אמאָל דונ־קעלער, דער פאָלקס־שטרעבען נאָך א פרייען, נאָרמאַלען לעבען, דער שטרעבען, וואָס האָט געפונען זיין אויסדרוק אין דער „התקוה“.



# בן־יהודה׳ס יובילעאום

דער יובילעאום פון בן־יהודה אונטערשיידט זיך פון די יובילעאומס פיר די אנדערע ציוניסטישע גדולים, וואס מיר האָבען די לעצטע צייט גע־פייערט. דאָס איז ניט א יובילעאום פיר איינעם, וואָס האָט געלעבט בלויז אין דער אידעע פיר דעם ציוניזם, נור פיר איינעם וואָס האָט אויס־געלעבט זיך ציוניסטיש אין דער טהאָט. דאָס איז א יובילעאום ניט פון גלות, פיר איינעם וואָס האָט געלעבט אין גלות, נור געבענקט נאָך ארץ ישראל, נור א יובילעאום פון ארץ־ישראל פיר איינעם, וואס האָט אָפּגעשניטען מיט דעם גלות און איז געקומען צוריק צו דער פערוואָגעלטער אידישער היים, זי טרייסטען אין איהר עלענד און אויפבויען איהרע חורבות, א יובילעאום פאר איינעם פון איהרע בעסטע קינדער, פיר וועמען די בענקנים איז פערוואנדעלט געווארען אין א גרויסער היסטאָרישער טהאָט.

מיר לעבען צו אין א פּראָזאאישער צייט, מיר זיינען אויך צו נאָהענט צו דער פּאסירונג, עס קלינגט אָבער דאָך ווי א לעגענדע דאָס לעבען פון בן־יהודה.

און עס וועלען אוועק יאָהרען און די אידעע פון אונזער פרייהייט וועט שוין זיין בעפעסטיגט אין לעבען, וועט זיין א ווירקליכקייט, און ארץ ישראל וועט זיין א גרויסער פרייער ישוב, א אמת׳ער אידישער מיט א אי־דישער קולטור אין דער אמת׳ער אידישער שפּראך, און ווען א פאָטער וועט זיין קינד אויף דער קניה אוועקזעצען און איהם דערצעהלען וועגען דעם וואס איז געווען אמאָל צוריק מיט יאהרען, וועט ער איהם דערצעהלען ווי אזוי פּונקט אין דער צייט ווען דאָס פּאָלק איז געווען אין יאוש, האָט ניט געגלויבט אין זיינע כחות און לעבענס־זאפטען, איז אויפגעשטאנען א העלד און האָט ארויסגעלאָזט א רוף צו דער אידישער וועלט אין גלות: נעהמט אויף נאָך אייער לאנד.

מיט פערוואונדערונג האט די וועלט בעגעגענט דעם רוף. דאָס פּאָלק איז נאָך ניט געווען רייף. די שווערע קייטען האָבען שווער געוואויגען אויף דעם פּאָלק. דער העלד האָט אבער פעסט געגלויבט אין זיין אייגענעם רוף. און א געטליכע שטימע האָט איהם אונטערגעזאגט, דעם העלד: געה אליין אויף אין דעם לאנד און זאָל דאס פּאָלק זעהן און פרעגען: וואָס פערלאָזט ער אונז? און דו זאָלסט ענטפערען: ענג איז אין גלות די לופט, עס ברענט דער גלות־באָדען אונטער די פיס. אונטערגעהן וועט

דאָרט דאָס פּאָלק און איך האָב זיך געראַטעוועט כדי אויפצושטעלען א שם ושארית צו מיין פּאָלק, און זאָלען אלע די וואָס האָבען ליעב דאָס פּאָלק מיר נאָכטהון, דען א גרויסער טאָג א יום שכלו טוב איז נאָך אָנגעגרייט פיר דעם פּאָלק אין זיין לאַנד.

און ער איז אויפגעגאַנגען. פערוויסט איז נאָך דאַן געוועזען דאָס לאַנד. אידען פלעגען אהין בלויז פּאָהרען שטאַרבען. ער איז אהין געקומען לעבען. אהין פלעגען בלויז קומען זקנים און ער איז געקומען א יונגער מיט דעם ברען פון יוגענד פייער, מיט א טיעפען גלויבען אין הארצען, מיט רויטע הייסע בלוט אין זיינע אָדערען, מיט א הייליגען שעהנעם טרוים אין זיינע אויגען.

און וויי‏טער וועט דערצעהלען דער פאטער: „צו יענער צייט האָט נאָך דאס פּאָלק ניט גערעדט זיין אייגענע שפּראַך. עס האָט גערעדט פערשיעדענע פרעמדע שפּראַכען. די שפּראַך פון די נביאים האָט עס פערגעסען: דער גלות האָט עס פון מויל פון פּאָלק פערשניטען, און עס האָט געהאט א בבל פון לשונות אזוי פיעל וויפיעל די צאָהל פון די לענדער, אין וועלכע עס איז געוועזען פערוואָרפען, נור דער העלד האָט ניט געוואָלט רעדען אויף דעם אייגענעם באָדען אויף א פרעמדער שפּראַך, און ער האָט אָנגעהויבען רעדען העברעאיש, די שפּראַך פון די נביאים, אונזער שפּראַך, דאס שעהנע קלינגענדע לשון, וואָס מיר רעדען. דאַן, מיין קינד, איז זי ניט געוועזען אזוי רייך ווי איצט, דאַן איז זי נאָך געוועזען טויט, קיינער האָט אין איהר ניט גערעדט, קיינער האָט געגלויבט, אז עס איז נאָך מעגליך, אז נאָך איהר ניט לעבען אין דעם מויל פון פּאָלק פיר אזא לאַנגער צייט וועט זי נאָך קענען ווערען צוריק לעבעדיג. דער העלד האָט געגלויבט, און געזאָגט-געטהון. ער האָט אָנגעהויבען רעדען העברעאיש. דאָס איז איהם אנגעקומען שווער. ער האָט אָבער ליעב געהאט זיין שפּראַך, אונזער שפּראַך, און זי האָט אנגעהויבען ווייזען איהר וואונדער צו איהר ליעבהאבער, און ענטוויקעלט איהר רייכטהום, טאָג ווי נאַכט האָט ער די שפּראַך געפּפלעגט, מיט זיין בלוט האָט ער זי געשפּייזט, און זי האָט אנגעהויבען לעבען.

וואָס איז געוועזען דער סוף?

דער ביישפּיעל פון העלד האָט געווירקט אויף דעם פּאָלק, דאָס פּאָלק איז געקומען צוריק אין זיין לאַנד; עס זיינען אויפגעשטאַנען נאָך העלדען און האָבען אויפגעלעבט דאָס לאַנד און די שפּראַך...“

און עס וועט אנשוויגען ווערען דער פאָטער, פערזונקען אין מחשבות, אין נראַנדיעזע זעהונגען. און עס וועט פרעגען דאָס קינד ביי'ם פאָטער:

„ווער איז דער העלד? ווי איז זיין נאָמען?“

בן־יהודה!

— בן יהודה — וועט דאָס שווארץ־לאָקיגע קינד נאָכמורמלען, און א הייליגער טרויס וועט אויף זיין געזיכט שוועבען. אזוי וועט זיין שפּע־טער מיט יאָהרען. איצט, אין אונזער פּראָזאאישער וועלט, זיינען מיר ניט מסוגל צו פערשטעהן דאָס לעבען פון העלדען, כאָטש זיי לעבען מיט אונז.

בן־יהודה איז א העלד, זיין לעבען איז א לעגענדע.

עפענט אן העברעאישען בוך, א צייטונג, אן אויפרוף, פיהלט איהר ווי עס וועהט אויף אייך מיט לעבען און פרישקייט, יוגענד און קראַפט? דאָס וואָלט געווען אונמעגליך אָהן בן־יהודה!

אויב עס איז היינט דאָ מענשען, פיר וועמען עס קלינגט לעכערליך די טענה: „העברעאיש איז דאָך א טויטע שפּראַך“, איז דאָס אין דער ערשטער רייהע נור א דאנק בן־יהודה. פּ אַ ר איהם איז דאָס בעשטימט געווען א טויטע שפּראַך, בן־יהודה האָט געוויעזען, אז ווען מען ווי ל, קען זי לעבען.

אויב איהר געהט אין א העברעאישע חברה, אין א העברעאישער שוהלע און איהר הערט רעדען א שעהנעם קלאָהרען העברעאיש, דאַן דערמאָהנט זיך אין בן־יהודה.

ער האָט דעם וועג דורכגעשלאָגען.

בן־יהודה האָט געליטען פיר זיינע אידעען, און ווי א אמת׳ער העלד איז ער א קנאי.

בן־יהודה וועט בלייבען לעבען פיר די דורות. ער שטעלט זיך אליין איצט אויף א גרויסען דענקמאַל, מיט דעם שאַפען דעם גרויסען העברע־אישען ווערטער־בוך, א קאָלאָסאַלער פּיראַמיד, אויף וועלכען ער האָט גע־ארבייט צעהנדליגע יאהרען אונערמיעדליך.

א יום־טוב איז יעצט פיר דער העברעאישער שפּראַך. מיט דרייסיג יאָהר צוריק איז געבוירען געווארען איהר אליהו, וואס האָט זי אויפגע־וועקט פון איהר לעטארגיע, א יום־טוב איז איצט אין ארץ־ישראל לכבוד איינעם פון איהרע בעסטע זיהן.

זאָל אן ערמוטהיגונגס־ווארט אריבערשווימען פון דער זייט ים צו דעם קעמפּפער און העלד, וואָס לעבט שוין ציוניסטיש העכער 25 יאָהר.



# ראובן ברײנין

איינע פון יענע שעהנע וואונדער, וואס דער ציוניזם מיט זיין צוי־בער שטעקעל האָט אין אידישען לעבען גערופען, איז די אויפלעבונג פון דער העברעאישער שפראך אלס אומגאנגס־שפראך.

זאָלען די, וואס האָבען ניט קיין ליעבע פיר אונזער שעהנער, אָריגי־נעלער שפראך, האָבען ניט קיין אויער פיר איהר ריינעם זילבער־קלאנג און אָפּקלאנג, קיין חוש פיר איהר ריטם, גראַציעזען בוי און קרעפטיגקייט, דאָס וויעדער־קול פון דער לעבענס־פּאָעזיע פון דער אידישער פערגאנ־גענהייט און, אויסער דעם, פערמאָגען ניט קיין בעגייסטערונג פיר דער שעהנער אידעע פון פערבינדען זיך מיט די אידישע גייסטיגע אוצרות, מיט דעם גרויסען קולטור־פערמעגען, פון שטעלען זיך אונטער דער השפעה, וועלכע פליסט דורך אזוי פיעל „צנורית", פון דער ביבעל ביז ר' יהודה הלוי און פון ר' יהודה הלוי ביז דעם הלוי פון אונזער צייט, ח. נ. ביאַליק — זאָלען די יעניגע פּארטזעצען זייער אונפּרוכטבארען שמועס, וועלכער בעווייזט נור די אונפּרוכטבארקייט פון זייער מחשבה, זייער אונפעהיגקייט זיך אפצורייסען פון דער גלות־פלאכע און אויפהויבען זיך העכער אין א ריינער, קלאָהרער און דורכזיכטיגער אטמאָספערע, וואו דאָס אויג זעהט ווייטער, כאפּט ארום גרעסערע שטח'ן, און גרעסערע פּערספּעקטיוועז, דערבליקט עטוואָס פון דער צוקונפט, די אויסגעדעהנטע מאַטעריע, דעם „היולי", פון וועלכענס פעדים די צוקונפט ווערט געוועבט, — זאָלען זיי פּאָרטזעצען דעם שמועס, אז העברעאיש איז ניט קיין לעבעדיגע שפראך, אז העברעאיש קען ניט אויפלעבען.

זאָלען זיי.

אין אונזער בעוואוסטזיין לעבט אן איבערצייגונג, אז ווי קליין אין צאָהל די אנהענגער פון אונזער זאך זיינען ד ע ר ו ו י י ל, שאפען מיר דאך עטוואָס היסטאָרישעס, עטוואָס אייביגעס, אייביג ווי דער גייסט, אייביג ווי אונזער פאָלק.

און ווער עס פערבינדעט זיין גורל מיט אונזער זאך, און ווער עס העלפט אונזער זאך וואקסען, געדייהען און זיך ענטוויקלען, ווער עס שאפט עפּעס אויף דעם געביט, וועבט איין א פאָדים פון זיין נשמה אין דעם געוועב פון אונזער ארבייט, מעג דער פאָדים זיין ווי דין, דער בלייבט היסטאָריש, בלייבט אייביג, אייביג אין דער פאָלק'ס געשיכטע, אייביג אין דער געדעכטניס פון די צוקונפט'ס קינדער.

ווי אן אָפּקלאַנג פון א כשוף־וועלט, האָט זיך, מיט דעם ענטשטעהן פון חבת־ציון־בעוועגונג, מיט דעם שטרעבען אויפצולעבען דאס אידישע לאנד, א שטים פערנאַנדערגעוואָרפען ווייט און ברייט: מיר זאָלען אויפלעבען אונזער שפּראַך! אונזער גייסטיגען קולטור מיטעל, דעם אָריגינעלען אויסדרוק פון אונזער נשמה, וואָס די בעסטע האָבען געדעטעט דורך דעם פערלויף פון דורות.

עס האָבען זיך געגרינדעט: דוברי־עברית, טרוימער האָבען אנגע־הויבען רעדען, און אייניגע זיינען אוועק אין אונזער לאנד, און דאָרט איינגעפיהרט העברעאיש אלס ערציהונגס־שפּראַך, אלס לעהר־שפּראַך. שווער איז דאָס צוגעגאנגען, היינט זעהען מיר מיט די אויגען דעם גרוי־סען וואונדער: די שפּראַך פון די אבות איז די שפּראַך פון די קינדער.

און א גרויסען חלק אין דעם וואונדער האָט אויך ראובן ברײנין, וואָס האָט אויף זיך נאָך אין דער פריהער יוגענד געצויגען די אויפ־מערקזאמקייט פון די גרויסע פון יענעם דור א דאנק דער רייכקייט פון זיין העברעאישען סטיל.

ראובן ברײנין׳ס סטיל איז ניט א פּינקטליכער, אין זיין שפּראַך שטעהט ניט יעדעס וואָרט פיר וואס עס שטעהט. זיין סטיל איז אבער א פארביגער, א רייכער, א קאַליידאָסקאָפּישער.

די העברעאישע ליטעראטור פערמאָגט היינט גרעסערע סטיליסטען. עס איז פאראן היינט א סטיל א לעבעדיגערער, א ווייכערער ווי דער פון ברײנין. בזמנו איז ער אבער געווען דער ערשטער מיט אזא לעבעדיגען טאָן, און זיין אָרט שרייבען איז געווען די ערשטע דעמאָנסטראַציע פיר דער לעבעדיגקייט, צופּאַסונגס־כח פון אונזער שפּראַך.

ברײנין איז דער טיפּ פון א אידישען מושלם. ער פערמאגט פיעלע טאלאנט־פונקען און ער האָט זיי געוואָרפען רעכטס און לינקס. ער האָט זיך קיינמאָל ניט קאָנצענטרירט אויף איין געביט און איהם געמאכט אלס זיין לעבענס־אויפגאבע. און וועהרענד מיר קענען צווייפלען אויב די צו־וואָרפענקייט זיינע האָט בכלל זיין טאלאַנט ניט פערמינדערט, געשפּאָל־טען, האָט ער אבער, א דאַנק דער צוואוואָרפענקייט, פיעל אויפגעטהון פיר דער ענטוויקלונג פון העברעאיש.

ער האָט געשריבען סקיצען און קריטיק, לייכטע מאמרים און פעליע־טאָנען, רייזע־בעשרייבונגען און אינטערוויוען, עססיים איבער קונסט און עסטהעטיק, שילדערונגען פון גרויסע שטעדט, לאנדשאפטען און שעהנע געגענדען.

ער האָט שטארק פערפיינערט דעם עסטעטישען געשמאַק, דעם

שעהנהייטס-געפיהל פון דעם אידישען משכיל, דעם אידישען בעל־הבית, געוויזען איהם, אז עס איז דאָ א וועלט כדאי צו לערנען און צו פערשטעהן אויסער חקירה, קיין אונטערשיעד וועלכע, צי די חקירה איז א פרומע אדער א „פריידענקערשע“, צי פערנעהמט זי זיך מיט „אחותו שלא באה לעולמה“ צי מיט דער פראגע: מעג מען עסען קטנית אם פסח אדער ניט. ער האָט, אלזאָ, אויסגעברייטע די האָריזאָנטען פון דעם אידישען יונגען מאַן, געלאָזט איהם א בליק טהון אין דער גרויסער וועלט, און פיעל געהאָלפען אין דעם פּראָצעס, וואס ווערט אין דער העברעאישער ליטעראטור בעצייכענט דורך די צוויי אויסדריקע: להשכין יפיפותו של יפת באהלי־שם, דאס הייסט, אריינברייננגען די אַרישע שעהנקייט אין די סעמיטישע געצעלטען, און „לפשט את העקמימיות שבלב“, אויסגלייכען די פערדרעהטקייט און די קרומקייט פון דעם הארצען, בעסער געזאָגט, פון דעם אידישען מח, וואס קען זיך פון פלפול ניט בעפרייען.

בריינין האָט איבער די אלע זאַכען געשריעבען אין העברעאיש, און ער האָט אויף יעדען נייעם געביט געמוזט נייע אויסדריקע שמידען, וואס זיינען פאראַן פיר די נייע בעגריפען, און ער האָט דעריבער גרויסע פערדיענסטען ביי דער העברעאישער שפּראַך.

ס'פערשטעהט זיך כמעט פון זיך, אז בריינין איז אויך א ציוניסט. כמעט די מייסטע העברעאישע שריפטשטעלער, מיט קליינע אויסנאהמען, זיינען ציוניסטען. דאָס איז אויך לאָגיש. די אויפלעבונג פון דער שפּראַך געהט האנד אין האנד מיט דער אויפלעבונג פון דעם אידישען לאַנד.

בריינין האָט זיך ביי די ציוניסטען וואס זיינען צו די קאָנגרעסען ניט געפאָהרען, ספּעציעל קונה שם געווען, און זיי האָבען פיר איהם א בעזונדערען ווארימען געפיהל, ווייל א דאַנק איהם האָבען זיי זיך בעקאַנט מיט די ציוניסטישע קאָנגרעסען, מיט זייער ליכט און שאטען, מיט דאָס ערענסטע און קאָמישע, מיט די צענטראל פיגורען און מיט די עקסעסוארען, מיט דער מאטעריע, אויב מען קאָן אַזוי זאָגען, און מיט דעם גייסט, וואָס שוועבט דאָרט, מיט דער נשמה וואס בעלעבט די קאָנגרעסען און מאַכט זיי פיר וואָס זיי זיינען, פיר א וויכטיגער צויבער־ערשיינונג אין אידישען לעבען.

ער פערמאָגט דאָס שארפע אויג, און דאָס וויכע סימפאטהישע וואָרט, די איינגעבוירענע פעהיגקייט צו צייכנען א דעליקאטנע ליניע, און ער האָט אונז דעריבער געקענט איבערגעבען אויך די טרוימערישע געזיכטער, מיט די פער'חלום'טע אויגען, די בלויזע נשמות, וואס בלאָנדזשען ארום אין דער קאָנגרעס-וועלט.

# שירי דוד פרישמאַן

ווי נאָר מען רעדט פון פרישמאַן, קומט באַלד אויפ׳ן געדאַנק פריש־מאַן דער פעליעטאָניסט, פרישמאַן דער קריטיקער. זעהר וועניג געדענקען פרישמאַן דעם פּאָעט.

און דאָך האָט פרישמאַן געשריבען פיעלע שעהנע ליעדער, אויף וואָס עס זאָגט עדות די ליעדער־זאַמלונג.

געוויס, אין היינטיגע צייטען, ווען עס לעבט מיט אונז אַ ביאַליק און אַ טשערניכאָווסקי, און ווען די זון פון אַ שניאור און שמעונוביץ הויבט אָן אויפגעהן אין איהר בלענדענדער ליכט, קענען די ליעדער פון פרישמאַן ניט מאַכען קיין גרויסען פוראָר.

איך וויל דאָ אויסדריקען אַן אפיקורסות: עס איז מסופק, אויב די ליעדער פרישמאַן׳ס האָבען אויך אין זייער צייט געמאַכט אַ גרויסען רושם. ליעדער זיינען זיי געוויס שעהנע; יעדע פון זיי פערמאָגט אַן אידעע, איז אויסגעדריקט אין זעהר אַ שעהנער אָפּגעטאָקטער שפּראַך, נור ווי פרישמאַן קען דאָס. דאָס זיינען אָבער ניט קיין עפּאָכע־מאַכענדע ליעדער.

סוף־סוף האָבען דאָך אויך אין יענער צייט, ווען ער האָט זיי גע־שריעבען, געלעבט אַ יהודה ליב גאָרדאָן און אַ מיכל לעווענזאָהן, צוויי ריעזען, און נעבען זיי — שפּירא און קאַמינער.

אויף דעם געביעט פון העברעאיש׳ער פּאָעזיע, דער רייכסטער און פון דורות בעארבייטער. איז ניט לייכט צו ווערען גרויס.

אַ יישר כח פערדיענט דאָך די הוצאת „ספרות“, וואָס האָט די ליעדער צונויפגעקליבען פון די פערשיעדענע זשורנאַלען און צייטונגען און ארויסגעגעבען אין אַ זאַמלונג, דען די ליעדער זיינען געוויס אַ שעהנער בייטראַג צו דער ליטעראַטור. זיי האָבען אַ בעזונדערען חן און גדלות. דאָס זיינען מאָטיווען ארויסגעגאָסען פון אַ רייכער נשמה, און דאָך טראָגען זיי אויף זיך דעם חותם פון איינפאַכקייט און אפילו פון פּאָלקסטימ־ליכקייט, כאָטש די לעצטע בעהויפּטונג וועט מעגליך פרישמאַן דעם אַריס־טאָקראַט פערדריסען.

די ליעדער האָבען נאָך אַן אינטערעסע, דען זיי גיבען אונז די געלע־גענהייט טיעפער אַריינצודרינגען אין דער פערזענליכקייט פרישמאַן׳ס, וואָס איז, לכל הדעות, אַ קאָמפּליצירטע און אַ פאַרבען־רייכע.

ווען איהר לייענט זיינע פעליעטאָנען איז, ווען איהר קענט ניט אַריינדרינגען לפני ולפנים, מאַכט ער אויף אייך דעם איינדרוק פון אַ

מענשען א צווייפלער, וועמעס צווייפעל איז א פּועל יוצא פון בעל־הבת'ישער קלוגשאַפט. מאַנכעס מאָל מאַכט ער דעם איינדרוק פון א להכעיס'ניק: „זאָגט איהר אזוי, וויל איך דוקא אנדערש", און טאָמער ווילט איהר ראיות — דאן פעהלען מיר ניט קיין פּאַראַדאָקסען, איינער גרעסער פון דעם צווייטען. און די פּאַראַדאָקסען וועל איך אייך דערלאַנגען מיט אזא געלויפיגקייט, מיט אזוי פיעל חן און גלאַנץ, אזוי פלינק און שאַרף, אין אזא שעהנער שפּראַך, אז איהר וועט עס אָננעהמען פיר באַארעס געלד, פאַר ארגומענטען פון בעסטען סאָרט. זעהר וועניג דערפיהלען די ליידענדע נשמה, וואָס קען ניט מסכים זיין צו יענעמס חלומות, צוליעב דעם קלאָרען קאָפּ, וואָס זיצט אויף די אַקסלען, וואָס קען ניט אויף איין מינוט פערנעבעלט ווערען.

זעהר וועניגע זעהען עס, און זעהר פיעלע זיינען דאַרום אונצופריעדען מיט פרישמאַנ'ען, און כאָטש אלע רעספּעקטירען איהם און לעזען איהם מיט פערגניגען, האָבען איהם אָבער זעהר וועניג מענשען ליעב.

זיין וויץ און איראָנישער שמייכעל טויטעט די סימפּאַטיע. זעהר וועניגע זעהען, אז דער שמייכעל פערדעקט א שאַרפען שמערץ, וואָס נאָגט דאָס הארץ. יעדער זעהט דעם איראָנישען שמייכעל; ניט אלע זעהען אָבער דעם טרויער, דעם טיעפען צער אין די אויגען; ניט יעדער איז אויף דעם א מבין. די מייסטע מענשען זעהען איין זאַך אויף איין מאָל. זיי זעהען א שמייכעל אויף די ליפּען, וואַרפט זיך דאָס אין די אויגען. זיי זעהען אָבער ניט דעם קאָנטראַסט צווישען די אויגען און די ליפּען, און זיי זוכען, פערשטעהט זיך, ניט קיין ערקלעהרונג, וואָס זאָל דעקען דעם ווידערשפּרוך.

אָט דאַרום זאָג איך, אז די ליעדער וועלען פיעלע עפענען די אויגען צו זעהן דעם אמת'ען פרישמאַן.

אין די ליעדער, וועלכע פרישמאַן האָט, זעהט אויס, צו האָבען גע־שריעבען פאַר זיך אליין און ניט פאַר דער וועלט, — די ליעדער, וואָס זיינען פאַר איהם געוועזן דאָס אייגענע ווינקעלע, וואו ער האָט זיך מיחד געוועזן מיט זיין נשמה און זיך ענטבלויזט ווי ער איז, ארונטערגענומען דעם שמייכעל, מיט וועלכען ער האָט שטענדיג פערדעקט פאַר דער וועלט זיין גליהענדע נשמה־פּייניגונג, דערקענט מען ווער און וואָס פרישמאַן איז: א ליידענדער מענש און איד — וועלט־שמערץ און אידען־שמערץ פער־אייניגט. ער איז ניט גענוג גרויסער פּאָעט, אז ער זאָל די צוויי גרויסע מאָטיווען אויסדריכטען אין אזא שאַרפער און שניידענדער פאָרמע, אז עס זאָל אונז אויפשווידערען. דער רושם פון זיינע ליעדער איז דאַרום ניט א לאַנג־דויערנדער. נאָך מיין מיינונג וועט פרישמאַן'ס גרויסקייט ניט

בערוהען אויף זיינע ליעדער. זיי זיינען אבער א פירוש־מספיק אויף זיין זעעלען־צושטאנד. זיי עפענען אונז אויף א פענסטערעל אין פרישמאן'ס גייסטיגער מאשינעריע און מיר זעהען, אז דער מענש האט א טיעפע ליידענדע זעעלע.

פרישמאן ליידעט ניט ווייניג אויף צוליעב דעם קאנטראסט, וואס איז פאראן צווישען זיין קאפ און הארץ. ער פערמאגט א צו ניכטערען קאפ, אויב מען קען זיך אזוי אויסדריקען, פאר זיין קינסטלערישער זעעלע, פאר זיין טרוימערישער פסיכיק. אין די ליעדער איז דא א רמז אויף אויף די ליידען, כאטש די ליעדער זיינען געשריעבען אין אזא צייט, ווען איהם איז געלונגען איינצואוויעגען זיין אונרוהיגען קאפ און געבען דער זעעלע א „פרייען לויף".

די ליעדער־זאמלונג איז פערזעהן מיט אן אבשעצונג פון יעקב פיכ־מאן, וועלכער ווייזט ארוים גרויס טאלאנט אלס קריטיקער און וועלכער וואלט גאר א וויכטיגען פלאץ פערנומען, ווען ער זאל ניט וועלען בלויז יוצא זיין מיט אימפרעסיאן, נאר זאל אויך א נוץ טהאן דאס אנאליז־מעסער.

---

## ליעדער און געדיכטע פון מאריס ווינטשעווסקי

בעטראכט מען ווינטשעווסקי'ס ליעדער פון דעם שטאנדפונקט פון רייינער קונסט, איז דא זעהר פיעל אויסצוזעצען. דאס בוך ליעדער האט אבער א קולטור־היסטארישען ווערטה.

ווינטשעווסקי האט, כידוע, אנגעהויבען זיין שריפטשטעלערישע קאריערע אין איין צייט מיט ליליענבלום, דר. קאמינער און יהל"ל. די אלע זיינען געווען אידישע סאציאליסטען און העברעאישע שריפטשטעלער. די לעצטע צוויי זיינען אויך געווען דיכטער.

זייער מוזע האט בעזונגען די צרות פון דעם ארימאן, זיין נויט און ביטערען שיקזאל, פון איין זייט, און ביטער פראטעסטירט געגען די אויס־בויטער און דריקער, און בכלל געגען דעם אנזאמלען פון רייכטהום אין די הענד פון ווייניגע, פון דעם אנדערען זייט. דאס איז געווען עפעס נייעס אין דער העברעאישער ליטעראטור.

ליליענבלום'ען, קאמינער'ען און יהל"ל'ען איז אבער אויסגעקומען דורכצומאכען אנדערע לעבענס־ערפאהרונג איידער ווינטשעווסקי'ן. די ערשטע דריי זיינען געבליעבען אויף זייער באדען, אין דער שטיפמוטער־

שער היימאַטה רוסלאַנד, און אַזוי שנעל ווי זיי האָבען דורכגעלעבט די פּאָגראָמען פון די אכציגער יאָהרען, זיינען זיי איבערגעגאַנגען צום נאַציאָ־נאַליזם און ציוניזם. ליליענבלום ווערט אַ גאַר פּראָמינענטע פיגור אין ציוניזם. די אַנדערע צוויי ווערען אויך ציוניסטען און שפּיעלען אויס אויף זייער האַרפע נייע מאָטיווען: בענקעניש נאָך דעם אַלט־נייען לאַנד און נייעם לעבען, און אַ חרטה אויף יענער צייט, אין וועלכער זיי האָבען געדיענט פרעמדע געטער.

די פּאָגראָמען, וועלכע זיי האָבען געזעהן מיט אייגענע אויגען, האָבען זיי ווילד געמאַכט. אַלס פּועל יוצא פון דער בלוט־באָד זיינען זיי שטאַרק ענטוישט געוואָרען אין זייערע הומאַניטאַרישע אידעאַלען, און האָבען די אידעאַלען דעם רוקען אומגעקעהרט. דעם חלל אין האַרצען האָט אין גאַנצען אויסגעפילט די ליעבע פאַר דעם אייגענעם פאָלק מיט אַלע זיינע קלאַסען.

פון קאַמינער'ס האַרפע רייסען זיך אַרוים טענער, ווי פון אַ פער־וואונדעטער טויב, ווי פון איינעם, וואָס זיין האַרץ איז דורכגעלעכערט געוואָרען פון פערגיפטעטע פיילען.

צו ווינטשעווסקי'ס אויערען איז דער פּאָגראָם צוגעקומען ווי אַ וויי־טער אָבקלאַנג; ער איז במקום המעשה ניט געווען. ער האָט דעריבער לייכט געפונען פאַר דעם פּאָגראָם אַן ערקלעהרונג, כדי צו שטילען דעם ברענענדען שמאַרץ, האָט זיך אָבער ניט געענדערט.

און ווען ער האָט געהערט, אַז זיינע חברים האָבען צוליעב דער נייער אידעע זיך פיינדליך געשטעלט צו דער אַלטער, איז ער געוואָרען דערפאַר שטאַרק פיינדליך צו דער נייער אידעע, וואָס האָט פון איהם זיינע קאַמע־ראַדען אָוועקגעריסען.

ווי אַ טרייער סאָלדאַט, וואָס דעם פיינד'ס פיילען האָבען די איהם איינגעטרויטע פאָהן אין שטיקער צוריסען, דריקט צו צו זיין ברוסט מיט אַ קרענקליכער ליעבע די איבערגעבליעבענע שטיקלעך, אַזוי טוליעט זיך ווינטשעווסקי פעסט צו זיין אַלטער אידעע, און אַזוי ווי ער וואָלט מורא האָבען, אַז אַ ניט־גוטער זאָל ביי איהם זיין ווי דאָס שוואַרץ־אַפּעל פון אויג טהייערע קינד ניט אוועקרייסען, זאָגט ער זיינע „שיר המעלות'ען“, מאַכט השבעות און צרופים. דאָס אַלץ טהוט ער אין דער הויך, הויבט אויף אַ געפילדער, ווייל מיט זיין אייגענער שטימע איז איהם היימליכער. אַזוי דריקט איהם דער עלענד און די מורא פאַר'ן אייגענעם שאָטען.

דאַן האָב איך געשוואָרען אַ הייליגע שבועה
צו קעמפּפען פיר וואַרהייט און רעכט;
אין דונקעלער איינזאַמקייט הייליג געשוואָרען.

און ער דערמאָנט זיך אָן זיין שבועה און ער וועט זיין שבועה ניט ברעכען.

ווינטשעווסקי איז אָפּגעריסען פון זיין אייגענער וועלט און ער לעבט אין דער אַבסטראַקט־וועלט פון זיין טהעאָריע, וואו עס בעוועגען זיך סתם־בלוט־זויגער, סתם־מיידלעך בלייכע, וואָס פערקויפען זיך אויף דער גאַס. אין זיין ליעד „אַ בעזים און אַ קעהר" בייזערט זיך דער דיכטער, למשל, אויף לאָרדען און פּרעדיגער, נפשות, וועלכע מען געפינט ניט אין דער אידישער גאַס אויף אַ רפואה. עס איז זיכער, אַז די גרויסע מאַסע האָט דאן זאָגאַר ניט געוואוסט דעם פּרוש המלות פון די צוויי געשפּענסטער: לאָרד און פּרעדיגער.

דו עסט מיר אויף, דו פּרעדיגער,
וואָס בלייבט פון סוועטער נאָך;
און דו, מיין הערר לאָרד גנעדיגער,
דיין טיטעל איז מיין יאָך.
דער לאָרד נעהמט צו די לאַנד פון מיר.

וועלכע לאַנד נעהמט ער צו? די אידישע מאַסען זיינען שוין צוויי טויזענד יאָהר אָפּגעריסען פון לאַנד. אמת, זיי שטרעבען איצט זיך ווייטער אויף דעם לאַנד צו בעזעצען, אָבער וועגען דעם הערען מיר ביי ווינטשעווסקי'ן קיין זילבע. לאָרדען, דאָס איז אַ פראַגע פאַר די אייריש, אָבער ניט פאַר די אידישע פעדלער, מלמדים, שדכנים און לופט־מענשען. דאָס שטיקעל אידישע לעבען אין דער לאָנדאָנער געהעטאָ, וואו ער, ווינטשעווסקי, איז פערוואָרפען געוואָרען, איז געווען זעהר גרוי, מטושטש און אָהן עפּעס טיפּיש־אידישעס. דאָרט איז גיכער געווען אַ הקדש פון קבצנים, צונויפגעלאָפענע, איידער אַ פאָרמירטער איינהייטליכער קבוץ, און ווינטשעווסקי קען אין דעם לעבען ניט אריינוואַקסען, טראָץ דעם וואָס ער בייט צוליעב דעם זיין שפּראַך.

נאָך מיין מיינונג איז אַ גרויסע סברא, אַז גראָד צוליעב דעם, וואָס ער האָט געביטען זיין שפּראַך, איז ער נאָך מעהר פרעמד געוואָרען זיין פאָלק. אידיש איז נאָך דאַן געווען אין גאַנצען אַ קרקע בתולה, עס האָט ניט געהאַט קיין ליטעראַטור, אַפילו קיין צייטונגען ניט. עס זיינען אויך ניט געווען קיין אידישע שרייבער. ווינטשעווסקי איז ז'עריבער אין אידיש געווען נאָר אַ משפּיע. ער איז אָבער צוריק ניט בעאיינפלוסט געוואָרען; פאַר זיך האָט ער זיין יניקה געצויגען אויסשליסליך פון פרעמדען באָדען.

און דאָס ערקלעהרט, נאָך מיין מיינונג, וואָרום טראָץ דעם, וואָס אויף איינינע פלעצער איז די שפּראַך אַזוי אמת אידיש, זיינען די מאָטיווען

דאָך אזוי פרעמד. עס שלאָגט ניט אין זיין קיין איין אידישע נאָטע, גלייך ווי דער איד ווינטשעווסקי האָט די ביבעל ניט געלערענט, ניט דעם תלמוד, ניט די מדרשים; גלייך ווי ער וואָלט געלעבט אָהן שום זכרונות, ווי דאָס נייגעבוירענע קינד, וועמען דער מלאך, לויט דער לעגענדע, גיט אויף דער ליפּ אַ שנאָל, אז עס זאָל אַלץ פערגעסען. אַ גליקליכער איז בלויז יהושע־בן־נון, וועמען ווינטשעווסקי דערמאָנט מעהר ווי איין מאָל, און אַלץ דערפאַר, וואָס ער האָט די זון געוואָלט אָפּשטעלען. פאַר וועלכען חטא דער פּראָגרעסיסט ווינטשעווסקי קען איהם קיינמאָל ניט מוחל זיין.

גאָר שפּעטער־צו אויף דעם אַמעריקאַנישען באָדען, ווען די נייע וואַנדערער האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט נייע ליעדער, וועקען זיך אין ווינטשעווסקי'ן אויף נייע שטימונגען, און זייער הויך לאָזט זיך פיהלען אין זיינע נייע געדיכטע, ווי אַ לייכטער, פרישער מאַי־ווינטעל. אין גאַנצען צושמעלצען דאָס אייז האָבען די נייע ווינטלעך ניט געקענט.

ווינטשעווסקי אַליין קוקט ניט אויף זיין ליעדער ווי אויף קונסט־ארבייט. ביי יעדער געלעגענהייט מאַכט ער זיין ערקלעהרונג, אַז ער איז ניט קיין קינסטלער, און מען זאָל צו איהם ניט קומען מיט קיין קינסט־לערישע פּרעטענזיעס:

„ניט מעכטיג און גרויס צו זיין שטרעב איך,
איך האָף ניט אַ קינסטלער צו זיין".

ווינטשעווסקי איז צו ביטער, צו שטרענג, צו פּקח'יש־ניכטער צו קענען האָבען די רוהיגקייט, וואָס איז נויטיג פיר קינסטלערישע שעפּ־פונגען.

איהם גיט זיך איין צו שאַפען דאָס נערוועזע, אונרוהיגע קאַמפּפס־ליעד. אין זיי איז דער ריטם אַ רוישענדער, ווי כוואַליעס ברויזענדע, מיט דעם ריטם צום טאַקט הויכט ער ארויס זיין אונרוהיגקייט, זיין גאַל, און איהם ווערט לייכטער. זיינע קאַמפּפס־ליעדער ווערען פּאָפּולער ביי דעם אידישען ארבייטער. דאָס געשעהט אָבער ניט דערפאַר, ווייל אין זיי זעהט ער דירעקט זיינע צרות געמאָלען, זיין אייגענעם שווערען שיקזאָל, — ניט צוליעב דעם, וואָרים ווינטשעווסקי מאָהלט אַ סתם־ארבייטער, אָבער ניט דעם אידישען. דעם אידישען ארבייטער קלינגט אָבער אין דעם ליעד אָפּ אַ שטימונג, וואָס איז איהם היימיש, און דאָס איז די אונרוהיגקייט און נערוועזע צורייצטקייט, וועלכע זיינען דער חלק פון דעם אידישען ארבייטער, וואָס איז קיין מאָל אויף זיין פּלאַץ ניט זיכער.

זיינע לירישע ליעדער זיינען די שוואַכסטע. אפילו דער ריטם איז צו שרייענד פאַר דעם שטילען לירישען ליעד.

ווינטשעווסקי פערמאָגט אין זיין ליטעראַרישער פיזיאָגנאָמיע פיעל

פּאָעטישע שטריכען. ער האָט טעמפּעראַמענט און דאָס אונמיטעלבאַרע געפיהל. איהם פעהלט אָבער אין גאַנצען דאָס מאַלערישע, און זינגענדיג אין אידיש אין אַ צייט, ווען די שפּראַך האָט נאָך דאַן קיין בעשטימטע פאָרמע און קיין פּאָעטישע טראַדיציעס ניט געהאַט, זיינען זיינע ליעדער ניט אומזיסט אַרויס אַזוי טרוקען, בלוט־אָרעם און פאַרבען־בלייך.

דערפאַר מאָהלט ער געוועהנליך אַ לעבענס־בילד, וואָס עס איז איהם ווירקליך אויסגעקומען צו בעמערקען, זעהר שטאַרק און מיט גרויס עפעקט, כאָטש אין איינפאַכע ווערטער.

ווינטשעווסקי׳ס ליעדער האָבען געהאַט דעם גרעסטען איינפלוס אויף די אידישע אַרבייטער און אויף די אידישע וועלט־טרוימער, און יעדער ליעבהאָבער פון דער אידישער ליטעראַטור דאַרף זיך איינשאַפען דאָס בוך מיט ליעדער. פון זיינע בלעטער וועט צו איהם צוריקקלינגען אַן עפּאָכע פון דעם ערשטען אָבגעריסענעם אידישען וואַנדערער, זיין שווער לעבען און זיין שווערע נויט, זיין ווי אַ שטיין עלענדקייט און די האָפנונגס־פונקען אויף אַ שעהנערען לעבען, וואָס ער האָט אויסגעשלאָגען.



## געקליבענע שריפטען פון י. י. זעווין

(„תשר״ק״, „יודקאָוויטש״).

די געקליבענע שריפטען זיינען אַ סעריע פון פעליעטאָנען איבער דעם אידישען אימיגראַנט, וואָס האָט זיך שוין דאָ איינגעבירגערט, אין דער פרייער מדינה, האָט געעפענט פיר זיך אַ שטיקעל געשעפט, מאַכט זג לעבען, גאָט צו דאַנק, פיהלט זיך שוין דאָ מעשה בעל הבית, רעדט דעם אַמעריקאַנער זשאַרגאָן ווי אַ וואַסער, און קהל׳ט זיך מיט „מיטינגס״, „עלעקשאָנס״, „פּרעזידענטען״, מיט „ביזנעס״, מיט „מופען״, הכל כמנהג המדינה, דאָך לעבט ער אין אַ אידישע אַמעריקא ניט אין אַ סתם־אַמעריקאַ, נור אין אַ פּלאַץ וואָס האָט אַ אידישען אויסזעהן, אידישע אַטמאָס־פערע, און דאריבער האָט דאָס געקראָגען דעם ליעבען נאָמען „בלאָטע־טאַון״, ווייל עס כאַפּט דאָרט אונטער אביסעל ניט ריין.

די פעליעטאָנען זיינען ניט קיין רעאַלע שילדערונגען נור אַ בלייפע־דער־צייכנונג פון דער קאָמישער זייט פון „בלאָטעטאַון״, און מען לאַכט בעת מעשה, ווייל „בלאָטעטאַון״ האָט באמת קאָמישע זייטען.

עס איז אַן אַלטע קלאָגע, אַז די אַמעריקאַנער סקיצען־שרייבער —

חוץ ליבין און טהיילוויץ קאָברין — נעהמען דאָס מאַטעריאַל פון זייערע סקיצען ניט פון דעם אמעריקאנער לעבען, נור שאָבען אויס מאַטעריאַל פון זייער זכרון, בענוצען זיך מיט די איינדריקע וואָס האָבען זיך ביי זיי אב־געשטעלט פון דעם היימישען לעבען פון יענער זייט ים, — צו תשר"ק'ן קען מען די טענה ניט האָבען. זיין מאַטעריאַל נעהמט ער פון אמעריקא. אמת, ער זעהט נור די אויבערפלעכע פון לעבען, איהם געלינגט ניט אריינצודרינגען אין דער נשמה פון זיינע העלדען, זעהען דאָס פערבאָרגענע אין דעם אָפּענעם, געפינען דעם אינדיווידועלען „תמצית" פון יעדער ער־שיינונג, אויספלאָנטערען דאָס קנוילכעל און זעהן אויף וואַסער קלעצעל דאָס איז אויפגעוויקעלט, געפינען דאָס טראגישע אין קאָמישען, און פערקעהרט; ער ווייזט אונז אויך ניט די הויפּט ספּרוזשינעס, וואָס ארבייטען אונטער דער אויבערפלעך, וואָס האָבען דאָס אייגענאַרטיגע לעבען געשאַ־פען, דאָס אידישע אינזעל אין דעם אלגעמיינעם ברויזענדען ים — וועלען מיר אבער ניט זיין אונדאַנקבאַר אין אויסדריקען דעם מחבר א „יישר כח" פאַר וואָס ער האָט אונז בעקאַנט, זאָל זיין אויבערפלעכליך, מיט דעם נייעם לעבען, וועלכעס איז נאָך עד היום א „קרקע בתולה"; וואָס ער האָט אוועקגעשטעלט א מאָנומענט ווען ניט פון גאַנז געגאָסען, דער אי־דישער סביבה, די סביבה פון אידישען קליין־בירגער.

תשר"ק'ן איז ניט געלונגען שאפען קיין אינדיווידועלע טיפּען. זיין חיים דער קאָסטאָמער־פּעדלער איז א שם־הכולל פיר אלע קאָסטימער פּעד־לערס, און אפילו דער בוטשער באָי און דער ווייטער זיינען אויך „חיים דער קאָסטאָמער פּעדלער" — ווייל דאָ האַנדעלט זיך ניט אום בעשטימטע מענשען, מיט א בעשטימטער פּסיכאָלאָגיע, מיט א בעשטימטען בליק אויף דעם לעבען, וואָס זיי האָבען זיך אנגעאיינגט א דאַנק זייער בעשעפ־טיגונג און ארט לעבען פון יאהרען, נור אום לופט מענשען, אידען פּעד־לער, וואס זיינען היינט צופעליג „וויטערס" און „שמשים". די נעמען זיינען דאריבער אנדערע און אביסעל איז די שפּראַך אנדערש, נור די מענשען זיינען פון איין שטיק געשניטען, געוועבט פון איין מאַטעריאַל.

אין אמת'ן איז דאָס פון אויבען ביז אראָב „חיים דער קאָסטאָמער פּעדלער".

א דאַנק דעם וואס תשר"ק בעזיצט א לייכטען הומאָר זיינען די פּע־ליעטאָנען אנגענעהם צו לעזען, ווען אפילו פיעלע מאָל האָט איהר טענות געגען איבערטרייבונג און גוזמאות, און געגען דעם נעהמען פון דער האַנד, ווי עס געהט, ניט אבקלייבענדיג דעם טפל פון דעם עיקר, און געגען דעם

פעהלען פון פּראָפּאָרציע, א ריכטיג פערהעלטניס צווישען דער נעבען זאַך און הויפּט־פּונקט.

הומאָר איז ביי אידען א „נאָווינע“, אפילו אונזערע פּאָאר געשוואָ־רענע הומאָריסטען האָבען ליעב זייער הומאָר אזוי אידישלעך צו פעפערען, אז עס פאַרגעהט אַזש די הארבקייט אין דער נאָז, דער שמייכעל ווערט איבערגעריסען אין מיטען און עס שטעלען זיך טרעהרען אין די אויגען. ווען איהר לעזט תשר"ק קענט איהר אלענפאַלס דאָס טיכעלע לאָזען גאַנץ רוהיג אין קעשענע. איהר לאַכט, ווען איהם געלינגט אייך ברענגען אין געלעכטער, פערגעניגט, מיט אַ הנאה, א לייכטזיניגען געלעכטער; אלענפאַלס ניט דעם בעריהמטען אידישען געלעכטער, פון וועלכען מען לאַכט דורך טרעהרען.

אין זיין הומאָר איז ער אָהן ספק אריגינעל. ער מאַכט אין דעם קיי־נעם פון די אידישע שרייבער ניט נאָך, ניטא וועמען נאָכצומאַכען. דאָס איז זיין אייגענס, זיינע אייגענע „קעש וועליו“, א שעהנער שטריך אין זיין כאַראַקטער, פאַלט ער אבער אָפּט ארונטער אונטער דעם איינפלוס פון די לייכטע אמעריקאַנער ציימונגס פעליעטאָניסטען און פיהרט זיין „גאָט'ס מתנה“ איבער.

די געקליעבענע שריפטען פון תשר"ק האָבען אלענפאַלס די ווערטה געלעזען צו ווערען.



# הומאָר און סאַטירע

(צו דער געלעגענהייט פון דעם ערשיינען פון אידישע וויץ־בלעטער).

צווישען הומאָר און סאַטירע ליעגט א גאַנצער אבגרונד. טראָץ דעם, וואָס דער צוועק פוןביידע איז ארויסצורופען א געלעכטער, און ביז א געוויסען גראַד א פריוואַלע שטימונג, זיינען זיי דאָך איינס פון דאָס אנדערע גרונד פערשיעדען, דען עס איז באמת אויך פאַראַן צווייערליי מינים געלעכטער. דער גוט־מוטהיגער געלעכטער, דער איבערגוס פון א פרעהליך הארץ, די ליכטיגע אויסשטראַהלונג, וואָס פעהשפרייט האָפנונג און זונענשיין, און דער פינסטערער שטעכיגער געלעכטער, „דאָס לאַכען מיט יאַשטשערקעס“, ווי אידען רופען דעם סאָרט געלעכטער, דאָס רויטע געלעכטער, וואָס שעפּט זיין קאָליר פון דער גרינער גאַל, דער מעפיסטאָ־פעלשער געלעכטער, וואָס איז ערגער ווי א יאוש־קרעכץ.

זעלטען ווען מען טרעפט דיביידע: הומאָר און סאַטירע ביי איין פאָלק. ביי אידען איז תמיד געווען פיעל סאַטירע, פיעל גאַל און ביטערקייט. מיט סאַטירע האָט דער אידישער טאַלאַנט דערגרייכט דעם שונא אין דער זיבעטער ריפּ. דאָס איז געווען איינע פון די מיטלען צו נעמען נקמה פון פיינד, וואָס האָט פון דעם הויכען באַרג מיט פעראַכטונג אַראָבגעקוקט אויף זיין אידישען געגנער, וואָס געפינט זיך טהאַל און שטעהט פאַר איהם אויף די קניע. ערקלעהרען ווארום ביי אידען האָט זיך אָנגעזאַמעלט די ביטערע סאַטירע איז אין אמת'ן ניט נויטיג. עס וואָלט געווען א וואונדער, ווען פערקעהרט.

א וואונדער איז ווירקליך, וואָס דער קוואַל פון הומאָר, וואָס איז א פּועל־יוצא פון גוטער לוינע, האָט ביי אידען אין גאַנצען ניט אויסגעטרוקענט.

ביי אידען איז געווען א ספּעציעלער גוטמוטיגער אָפּלאַכען, וואס איז געווען בעקאַנט מיט דעם נאָמען: „בדחנות". די בדחנות, דאָס איז דער רויהער, אונגעשליפענער הומאָר, הומאָר, וואָס איז ניט געלייטערט געוואָרען, גאָלד, וואָס איז ניט אויסגעוואַשען געוואָרען פון דעם זאַמד.

מיט בדחנות האָבען זיך ביי אידען געוועהנליך פערנומען די לעבעיונגען, אידען, וועלכע מען האָט אין דער יוגענד ניט געקענט איינבערעכען אין דעם יאָך, אין דעם עול פון תורה און מצוות. די יונגען האָבען דאָך אין זיך איינגעזאַפּט דעם ריח פון תורה, מיט וועלכער די גאַנצע אַטמאָספערע איז פול, דער ריח, וועלכער האָט ארויסגעשמעקט אויך פון זייערע בדחנישע רייד. די בדחנות האָט דאריבער ניט געזונקען צום סאַמע דעק פון פּראָסטקייט, כאָטש זי האָט אין זיך ענטהאַלטען די אונגעקינסטעלקייט און פרישקייט פון דעם המונ'ישען לעבען.

בדחנות האָט זיך ערלויבט צו הערען אויך דער אידישער למדן, אין דעם פאַל איז ער געווען א „יוצא מגדרו". ער אַליין האָט אָבער פון זיין שעהנקייט און אינטעליגענץ אויף דעם ניט אָפּגעשיידט.

עס איז מיט דער צייט אזוי אויסגעקומען, אז די אידישע שפּראַך איז שטאַרק פערקניפּט געווארען מיט בדחנות. קיין ערנסטע זאַכען האָט מען אין אידיש ממילא ניט פּרובירט געבען. די תורה און אַלץ וואָס איז נוגע אידישקייט און דעם תוך פון לעבען, דאָס איז געווען אין דער הייליגער שפּראַך. פיר אזוי ערנסטע ענינים האָט מען אויך גענוצט די העברעאישע שפּראַך.

און וועהרענד די אידען, וואָס האָבען געשריעבען אין אנדערע שפּראַכען און האָבען זיך בענוצט מיט דער ליטעראַרישער פאָרמע, זיינען מיי־

סטענס געווען סאַטיריקער, איז אין דער אידישער שפּראַך גראָד פאַ־
ראַן מעהר הומאָריסטען, אָבער... אזוי ווי איידער דער הומאָר איז ערשיע־
נען אין ליטישע מלבושים האָט שוין בדחנות געהאַט אונטער זיך א טראַ־
דיציע און האָט שוין געהאַט דורכגעזאַפּט די שפּראַך, איז דארום שפּעטער
די ליטעראַטען־הומאָריסטען געווען שווער אין גאַנצען פריי צו ווערען פון
בדחנות, וועלכע האָט געקלעפּט צו זיי ווי א קלעק.

און נאָך עפּעס. ווייל די בדחנות איז געווען די איינציגע עפענטלי־
כע רעדעס־אַרט, וואָס האָט עקזיסטירט אין דער אידישער שפּראַך, האָט
עס געלעגט זיין שטעמפּעל אויף אַלע אַרטען שרייבען. ביז גאָר ניט לאַנג
האָבען די אַלע, וואָס שרייבען אידיש, זיך ניט געקענט בעפרייען פון א
בדחניש הומאָריסטישען טאָן. פון וואָס מען זאל ניט געווען רעדען, ווען
אויך פון דער סאַמע ערנסטער זאַך, האָט זיך אַלץ געהערט די הייזריגע
באַס־שטימע פון בדחן. דעם נסיון ניט אריינצופאַלען אין בדחנות קע־
נען נאָך היינט ניט ביישטעהן איינינע גאַנץ גרויסע שריפטשטעלער.



# פעהלער אויסבעסערונגען.

| זייט | | שטעהט : | דארף זיין : |
|---|---|---|---|
| 11 | שורה 8 (אונטען) | ער ווייס | ווער ווייס |
| 18 | שורה 5, (אונטען) | די אידען זיינען | די אידען זיינען נ י ט |
| 19 | שורה 12 (אונטען) | שאפט | שאפט ע ס |
| 19 | שורה 13 (אונטען) | פערגיעסט | פערגיעסט ע ס |
| 28 | שורה 13 | צוליעב איינגע | צוליעב אייגענער |
| 28 | שורה 3 (אונטען) | צוקענדע גייסטער | זוכענדע גייסטער |
| 47 | שורה 2 | יעדער. | יעדען פרט. |
| 57 | שורה 13 (אונטען) | יונג פאר דער צייט, | אַלט פאר דער צייט |
| 94 | שורה 13 | דעם נייעם אויסוואקסענדען אינהאַלט, | נור דעם נייעם אויסוואק־סענדען אינהאַלט, |
| 109 | שורה 20 | ער האָט געזעהן אַ גייסט | ער האָט געזעהן אַ שלעכ־טען גייסט |
| 156 | שורה 13 (אונטען) | זאָלען זיי פערדעהן | זאָלען זיי פערדייען |
| 170 | שורה 9 (אונטען) | אייז שטוה | אייז שוה |
| 182 | שורה 10 | צום אין־סוד, | צום אין־סוף, |

162 די לעצטע פיער שורות פון אונטען, צעהלענדיג 1, 2, 3, 4, אָנהעבענדיג מיט דעם פאראגראף „די מאסע פיהלענדיג", מוזען געלייענט ווערען אין דער אָרד־נונג פון 1, 4, 2, 3.

# אינהאלטס פערצייכניס:

---

### שאפונגען — ערשטע אבטיילונג.

הקדמה.



### שאפער — צווייטע אבטיילונג.



### נאטיצען און רעצענזיעס — דריטע אבטיילונג.